בלײַב איך זיצן, ווי א שאָטן, לעבן דער טופּלקע. דאָס בענדעלע ווערט א גאָלד־שנירל, וואָס בינדט מיך צונויף מיטן פאַרגאַנגענעם, דאָס ביסל וואַסער אונטער מײַנע פיס — א יאַם מיט שוימענדיקע כוואַליעס, וואָס טראָגן מיך אַריבער, ווי א גאָלדן פיש, אין יענעם זוניקן פאַרנאַכט, טאַקע דאָרטן אין נאַגיבאַוו.

— ליובע שלאָפט אפן בוידעם, — זאָגט איר מאַמע.

דער זון־פאַרגאַנג טוט א שפּיל אף מײַן מאַזל, אין הימל הענגען כמאַרעלעך, ווי ווײַסע פאַרהענגלעך, און עס הייבן זיך אָן זאַמלען נײַע געסט — גרעסערע וואָלקנס. עס ווערט פון טאָג נאַכט, עס בליצט און עס דונערט... איך קריך אפן לייטער, אף אַלע פיר שאַר איך זיך צו צו יענער זײַט לעזשאַק, ווו ליובע שלאָפט... א ווײַלע קוק איך אף אירע צוגעניטעטע באַקן, אפן אויסגעטאָקטן נעזל, קליינע אויערן, אפן גרויסן מאַנצבלשן שטערן, נאָר דאָס שענסטע זײַנען דאָפּקע אירע האַלב־דרעמלענדיקע אויגן, וואָס עפענען זיך אף א ווײַלע און פאַרמאַכן זיך באַלד. נאָר איין האַנט, די לינקע, וואָס איז נעענטער צום האַרצן, וואַרפט ליובע אַרויס, ווי זי וואָלט מיר א צייכן באַוויזן, איך זאָל זיך לייגן אף איר מאַמעס רויטער פּליושענער קאָלדרע...

לאַנג טראַכטן טאָר מען ניט. וויפל קאָן נאָך דויערן דאָס דונערן און בליצן?.. לאַנג וועט מען אונדז אפן בוידעם ניט לאָזן אינצווייען: איך טו א הייסן קוש ליובען אין איר אונטערשטער קאַרשן־ליפּ, זאָל זי דערנאָך זײַן בערויגעז.

— דו שלאָפסט? — פרעג איך זי שטיל, נאָר ליובע עפנט ניט די אויגן.

צום ערשטן מאָל ליג איך א גליַענדיקער לעבן איר. נאָך א קוש און נאָך א קוש... ליובע שמייכלט. נו, צעעפן דײַנע קלוגע אויגן, ליובע, אַניט דוכט זיך מיר, אַז עס כאָלעמט זיך מיר אַלץ.

ניין, ליובע האָט דעמלט טאַקע די אויגן ניט צעעפנט. איז טאַקע געבליבן יענער פאַרקר־שעפּטער אָפדערנאַכט, ווי א שיינער כאָלעם אין מײַן האַרצן. עס נעמט שוין טאָגן. איך זיץ לעבן ליובעס קליינינק טופּלקעלע. ווו זשע איז ליובע?

## איך ווער צוביסלעך א מענטש

אין מײַן שאַכטיאָרישן קאַפּעליוש ליג איך מיר אפן סווערדלאָוו־פּלאַץ און באַטראַכט דער־ווײַל דעם הימל, דערמאָן זיך, ווי איך האָב דאָס ערשטע מאָל פאַרלוירן ליובען. דער טשײַניק איז בא איר, און דאָס מעשענע קוווערטל בא מיר. ליובעס סאַקעלע מיטן גרויען קעלנערל ליגט אף מײַן לינקער האַנט, און דאָס היטל בא איר.

ראַיעווסקי קומט אָפּט אַרײַן אף פּיראָגאָווקע, ברענגט ליובען זיסע זאַכן. דרײַ מיידלעך וווינען זיי אין צימער, ווייס איך ניט גענוי, צי געפעלט אים ליובע אָדער איינע פון אירע כאַ־ווערטעס.

נאָר בא ראַיעווסקין נעמט ליובע ניט קיין איין צוקערקעלע, בא מיר נעמט זי. מיט אים גייט ליובע ניט שפּאַצירן, מיט מיר גייט זי.

ליובע שפּאַרט זיך אָן אין מײַן אַקסל. פּאַרזיכטיק פיר איך זי אַראָפּ פון די טרעפּ. דאָ, אין דרויסן, גייט זי שוין אַליין אף אירע צוויי מיליצעס. זי שטעלט זיך אָפּט אָפּ, קוקט מיר אין די אויגן, נאָר איך פיל, אַז עס טוט איר נאָך גוט ווי, ליובען.

ס'האָט זי, ווײַזט אויס, שיין א קוועטש געטאָן דעמלט אין שאַכטע, נאָר איך בין גליקלעך, וואָס זי איז לעבן געבליבן.

אָ, ווען זי זעט מיך איצט אין שאַכטע, ווי איך אַרבעט געשיקט מיט דער דריליע און קנעט דערבײַ די ליים מיט די גומענע שטיוואַלעס. מײַן אַרבעט טו איך ניט ערגער פון פּירסאָוון, דעם אָדעסער שאַכטיאָר.

איר דערצייל איך ניט, ווי עס האָט מיך אָנגעשראָקן די לאָדעטשקע, וואָס האָט זיך געוואַל־גערט אין שאַכטע.

ווערט ליובע נאָר געזונט, פאָרן מיר צו זען זיך מיט אונדזערע זעמליאַקעס, וואָס וווינען אין מאָסקווע. זי האָט שוין צוויי אַדרעסן.

דערהערט, אַז איך לערן אפן אָוונט־אַרבפאַק, האָט ליובע מיך אַרומגעכאַפּט קושן. ליובען געפעלט אַפילע ניט, וואָס מע האָט מיך אויסגעקליבן פאַר א קאָמסאָרג. „עס וועט מיר שטערן צום לערנען", — זאָגט זי.

שלאָף איך ווינציקער, גיי איך נאָר איין מאָל א וואָך אף פּיראָגאָווקע. ליובע ברויגעזט זיך א פּאָר מינוט, דערנאָך הייבט זי אוף אף מיר אירע אויגן. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז זי איז ניט גערעכט. שפּאַרט זי זיך אָן אין מײַן אַקסל, און מיר גייען שפּאַצירן.

מאַרגן פֿאָרן מיר קיין טושינאָ, מע וועט לערנען די שאַכטיאָרן שפּרינגען מיט א פּאַראַשוט...

ליובע קוקט מיר לאַנג אין די אויגן, צעלאַכט זיך:

— דו וועסט אויך שפּרינגען? די דאָקטוירים זײַנען פֿון זינען אַראָפּ, האָסט דאָך א שוואַך האַרץ!

אַלץ ווייסט זי, ליובע, פֿון איר עפּעס אויסבאַהאַלטן איז אוממעגלעך.

איין דאָקטער האָט מיך טאַקע פֿאַרבראַקירט, בין איך אַוועק אין דער קאָמיסיע, דאָרט איז געווען אַן אַלטיטשקע גראָווע דאָקטערשע, א ביסל גערעאָטן אין דער באָבע מײַנער:

— לאָזט מיך דורך, — האָב איך זיך געבעטן.

זי קוקט לאַנג אויף מיר, די אַלטיטשקע, אויף מײַן בלייך געוואָרענעם פּאָנעם, דרייט מיטן קאָפּ — ניין, באָכער, מיטן פּאַראַשוט קאָנסטו ניט שפּרינגען...

— וואָס האָסטו זיך אַזוי אָנגעטשעפּעט אין פּאַראַשוטן, פֿאַרשטיי איך ניט, — זאָגט ליובע.

— וואָס הייסט? איך זאָל שטיין אויף דער ערד, קוקן מיט א פֿאַריסענעם קאָפּ, ווי אַלע שאַכטיאָרן שפּרינגען פֿון אַעראָפּלאַן?..

נאָר אָט האָט מען געבראַכט צוויי „אַמפֿיביעס" אין שאַכטע, לערנט מיך פּירסאָוו מאַכן קונצן מיטן קליינעם טאַנק. ער ווייסט נאָך ניט פֿונעם סאָד, אַז מאָרגן פֿאָר איך אויף פּיראָגאָוווקע מיטן טאַנק, זאָל ליובע זען אַליין מיט אירע אויגן, מיט וועמען זי האָט צו טאָן...

דרײַ מיידלעך שטייען באַם פּלויט פֿון נאָוואָדעוויטשי מאָנאַסטיר. ליובע איז שוין אין די קוליעס, נאָר איך העלף איר זיך זעצן אין מײַן „אַמפֿיביע". דער מאָטאָר טוט אַזאַ רעווע, אַז דער מיליציאָנער דערשרעקט זיך אַזש פֿאַר אָט דער כײַע־ראָע אויף די מאָסקווער גאַסן.

מיר ווילט זיך אַרײַן אין טײַך, באַווײַזן ליובען, וואָס פֿאַר א שטיק מע קאָן מאַכן מיט אָט דעם טאַנק, נאָר דאָס פּעלעכל ציטערט אויף מיר, איך זאָל, כאַלילע, ניט אָנהייבן שלוקערצן, ווי דאָרטן, באַם אַמור, מײַן לאָשעק זאָל ניט בלײַבן שטיין אינמיטן וואַסער...

נעכטן האָט פּירסאָוו מיך געלויבט, ווען איך האָב נאָך דער אַרבעט אין דער ספּעצאָווקע פֿון א מעטראָבויער זיך געלאָזט פֿאָרן מיטן טאַנק פֿאַרבײַ סאָלאָמינע סטאָראָזשקע, פֿאַרבײַ דעם מיטשורין־סאָד, טימיריאַזעווס דענקמאָל צו דער הרעבליע...

און, שווימט זי, מײַן „אַמפֿיביע", ווי א שיף אויפֿן אַמור... נאָר מײַן מאַזל ווייס איך שוין: זעצט זיך נאָר אַרײַן א מיידל צו מיר אין קאַבינע, אַזוי בלײַבט זי שטיין, די מאַשין. באַ ליובען אַרבעט בעסער דער קאָפּ.

— ווייסט, שיקע, — זאָגט זי, — וואָס איך לייג פֿאָר?

— אַשטייגער, כאַכאָמע מײַנע?

איר פּלאַן איז זייער א פּאַשעטער. דאָ ניט ווײַט וווינען צוויי זעמליאַקעס אונדזערע. אַמאָל פֿלעגן קליינשטעטלדיקע כעוורע זיך אַראָפּיאָווען אומגעריכט אויף א כאַסענע אין א שיינעם שפּאַן, מיט גלעקלעך, מיט א טראַסק און מיט א וויאַקען. איז פֿאַרוואָס טאָרן זיך הײַנטיקע כאַסאַנים ניט יאָווען צוגאַסט אויף אַן „אַמפֿיביע"?..

דאָס געפֿעלט מיר דאָפּקע. דערזען דאָס אייניקל פֿון מייער באַלנעס אין א טאַנק, האָט דער אַלטער בונים, דער געוועזענער שאַמעס, זיך אײַנגעבויגן, באַטראַכט די באַשעפֿעניש און א זאָג געטאָן:

— עס שווימט, זאָגסטו, שיקע, אין וואַסער, ווי א מיאַטשיק, און עס ווערט גאָר ניט פֿאַרנעצט?

און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַמפּערניש.

איינער זאָגט, אַז מע קאָן כאַפּן פֿיש מיט דעם־אָ טאַנק, א צווייטער כאָכעם כקירעט, אַז באַ אונדז אין שטעטל וואָלט יעדער שטוב באַדאַרפֿט האָבן, פּונקט ווי א מעזוזע, אַזאַ מאַשינדל, וואָלט מען פֿאַרשפּאָרט קוואַטשען די בלאָטע און די שטיוול וואָלטן געבליבן גאַנץ.

די „אַמפֿיביע" האָט נאָך קיינמאָל אַזוי ניט געפֿידלט, ווי דאָס מאָל. מײַנע זעמליאַקעס האָבן זיך אָנגעשלונגען מיט א שיין ביסל געדיכטן רויך, זיך געווישט די טרערן פֿון די אויגן, נאָר געקליבן נאַכעס פֿונעם אַלטן בונים, וואָס זיצט מיט מיר אויפֿן טאַנק. און צווישן אַלעמען שטייט א צופֿרידענע, א שמייכלענדיקע, קימאַט א גליקלעכע מײַן ליובע.

— וועסט זײַן א מענטש! — זאָגט רעב בונים און טוט מיך א קוש, ווי אַן אייגן קינד.

— נו, ליובע, ווי דו ווילסט, נאָר שטיין באַ דער הרעבליע און זיך ניט אויסבאָדן דאַרף מען זײַן פֿון אײַזן.

אָפּגעשטעלט די „אַמפֿיביע", אויסגעשפּאַנט דעם שפּאַן, דאָס הייסט אויסגעטאָן זיך, ווי

מע טוט זיך אויס אף א פליאזש, שפרינג איך אריַין אין טײַך מיט דעם זעלבן פאַרגעניגן, ווי קינדוויַיז אין בלאָטע־טײַך. דאָרט פלעג איך „מאַכן קעפּלעך“, גראַבן מיט דער נאָז די שערבלעך, מאַכן קאַטשקעלעך, שרעקן דעם „טשערנאָוז“ מיט דער לאַנגער נאָז, און אַרויס פון בלאָטע־טײַך מיט אזא שיינער צורע, ווי פּראַקאָפּס כאַזיירים...

ליובע נעמט א שיפּל, פאָרט מיר נאָך, און איך באַוויַיז איר קונצן: אָט שווים איך ליגנדיק אף דער פּלייצע, און אָט אף א זײַטל. נאָר וואָס איז ליובע אזוי בלייך געוואָרן? עפּעס שרײַט זי, מאַכט צו מיר מיט די הענט, וואַרפט די ווײַסלעס, קערט זיך שיר ניט איבער מיטן שיפּל אין טײַך אריַין...

ליובע וויינט, דוכט זיך, צי עס ווײַזט זיך מיר אויס? מיר ווערט עפּעס מלאָסנע אפן האַרצן, טו איך א שווים צום ברעג און דערזע שוין אליין מיט מײַנע אויגן א רויטן פּאַס...

אין רעכטן פוס קיצלט עפּעס, פּונקט ווי עמעצער וואָלט מיט א שטרוי מיר געקיצלט די פּיאַטע. מיטאַמאָל פאַרדרייט זיך מיר דער קאָפּ. דוכט זיך, אז איך גיי צום גרונט.

איך ליג אפן וואַסער, מאַך אומבאַהאָלפן מיט די הענט, שווים צום ברעג מיט פאַרמאַכטע אויגן... נאָר אַרויס פונעם טײַך האָב איך שוין קיין קויעך ניט — צופיל בלוט האָט דער טײַך בא מיר אויסגעזאַפּט.

ליובע שלעפּט מיך אַרויס אפן ברעג, ווי אן אויסגעווייקטע קאָנאָפּליע. מיט אירע וואַרעמע הענט טאַפּט זי מיר אַרום דאָס לײַב, די באַקן, דעם שטערן, און מיר איז אזוי גוט...

כעוורע דערציילט מיר נאָכדעם, וואָס מיט מיר איז געשען.

אינעם טײַך, לעבן דער הרעבליע, ליגט א פאַרלוירענע גענעראַלסקע שווערד. ניט מיך דעם ערשטן האָט זי צעמאַזיקט.

ליובע בינדט מיר איבער דעם צעשניטענעם פוס. איך זע, ווי זי רײַסט אף שטיקער דאָס קאָפּטעלע אירס. ס׳איז א ראָזעווע, ווי דער קאָליר פון איר פּאָנעם.

דער מענטש זאָל ווייסן, ווו ער וועט פאַלן, וואָלט ער באַצײַטנס אויסגעשפּרייט אן איבערבעט.

ערשט נעכטן איז ליובע געגאַנגען אף קוליעס, איצט שלעפּט זי מיך אף אירע פּלייצעס אין דער טימיריאַזעווער אקאַדעמיע, דאָ וועט מען מיר איבערבינדן דעם צעשניטענעם פוס.

א גרויסוואוקסיקער דאָקטער מיט צוויי גוטע אויגן קוקט אף מיר.

— דאָקטער, — פרעג איך שוין באַם געזעגענען זיך, — מע זאָגט, אז איך האָב א שוואַך האַרץ, זאָל מען זיי גלייבן, די „קאַנאָוואַלן“?

ער לייגט צו דאָס טרײַבל צו מײַן ברוסט, גלעט זיך אויס די שיינע באָרד, קוקט אף מיר בייז:

— אײַער האַרץ, יונגערמאַן, איז א געזונטס. עמעס, ס׳איז א ביסל העכער, ווי מע דאַרף. נאָר שפּרינגען מיט א פּאַראַשוט מעגט איר.

די „אַמפיביע“ שטייט פאַריאַסעמט. ווײַזט אויס, אז כעוורע קונדייסים האָבן זיך שוין געפּאָרעט אין אירע געדערים.

ליובע בלײַבט זיצן אין טאַנק, און איך פאָר אוועק מיטן טראַמוויַי. מע העלפט מיר אַראָפּ־קריכן, אריַין אין שאַכטע, און איך טו א זאָג צו פּירסאָוון:

— די „אַמפיביע“ איז בא דער הרעבליע...

פּירסאָוו שיקט ראַיעווסקין צום טײַך ברענגען דעם טאַנק, און מיר פאַרקלעמט אזוי באַם האַרצן, אז איך פאַרגעס שוין אינעם ווייטעק, הייב אָן שפּאַנען גלײַך. דאָס בלוט פון רעכטן פוס רינט און רינט.

## זשאָרזש ראַיעווסקי

אין ליימיקן טונעל קאָכט אזוי, ווי אין א דאָנבאַסער דאָמנע.

מיידלעך בונטעווען, זיי ווילן אַרבעטן נאָר אין דער קעסאָן־גרופּע.

— מאַזאַלקעלעך, זעט אויס, האָט איר זיך שוין אָנגעריבן?

— דערפאַר, — ענטפערט ליובע, — זײַנען די קלײַען פונעם פּאָנעם אַראָפּ.

אָנגעטאָן אין וואָלענע זאָקן און אין גרויסע קאַפּעליושן, באַגעגענען סטודענטן פון פּיראַגאָווקע זייער בריגאַדיר זשאָרזש ראַיעווסקי, פּונקט אזוי ווי די פּאַלינעזן מיקלוכאָ־מאַקלײַען.

אַרום דער שאַכטע „ביס“ בלײַען רויזן, נאַסטורציעס און שמעקנדיקע אַרבעסלעך.

זשאָרזש אליין האָט געבראַכט אהער אין שאַכטע די מיידלעך. זאָלן די סטודענטקעס אָפּאַרבעטן צוויי וואָכן, פאַרזוכן דעם טאַם פון קעסאָן, וועלן פריילעכער אדורך די קאַניקולן.

אָדעסיטן באַגעגענען די מיידלעך אף זייער אויפן. די געקנייטשטע פילאַטקעלעך זײַנען

געגייט אפן מאַלדאַווישן שניט, די פענעמער בא די כעוורע זײַנען אַפגעצויגענע, די באַקן אײַנגעפאַלן.

— זע, מוסטאַפאַ! — שרײַט אויס ליובע, אַנכאַפּנדיק מיך פאַרן אַרבל פונעם ברעזענטע־נעם רעקל.

— עמעס, א ביסל כאַפּט ער טאַקע דעם אַנבליק, פירסאָוו, פון דעם העלד פונעם באַרימטן פילם וועגן די פּאַרוואַרלאַזטע, אָבער א שאַכטיאָר איז ער א גוטער.

די מיידלעך שטעלט מען אַרבעטן בא די שליוזן.

זשאַרזש ראַיעווסקי, דער בריגאַדיר, לאָזט זיי אפילע ניט א שמעק טאָן פונעם קעסאָן.

— דאָס איז ניט פאַר אײַערע צײַן, ליובע.

— ניט קיין צוקערקעס סמאַקעט מען דאָ, באַרישניע, — מישט זיך אַרײַן מיט זײַן ביטער ווערטל פירסאָוו.

אזוי איז עס שטענדיק: ווי נאָר עס קומט א פרישער פאַרשוין אין שאַכטע, אזוי הייבט אָן פירסאָוו קאָמאַנדעווען.

— קענסט אַרבעטן ווי א מענטש! — רוקט ער מיר אָן דעם קאַפּעליוש איבער די אויערן.

— וואָס איז דאָס פאַר אָן אַרבעט! — ווערט ער מאַלע־רעציכע, ביפראַט נאָך, אז ער פילט, אז ער נעמט אויס בא די מיידלעך.

די מיידלעך קוועלן, און פון מיר גיסט זיך דער שוויס. פירסאָוו כאַפּט אַרויס פון מײַנע הענט די לאָפּעטע, באַווײַזט מיר גוטברודעריש, שוין אָן קאַס:

— אָט ווי מע האַלט א לאָפּעטע אין דער האַנט, פּאַעט מײַנער!

צום ערשטן מאָל רופט מען מיך אָן פּאַעט.

די סטודענטקעס גרײַפן אָן אָף ראַיעווסקין:

— אָבער פאַרוואָס, זשאַרזש, לאָזסטו אונדז פאַרט ניט אין קעסאָן?

— וואָס פרעגט איר מיך, — מאַכט זיך דער בריגאַדיר טאַמעוואַטע, — געזעצן שרײַבט דאָך אונטער קאַלינין. איז כאַפּט זיך אַרײַן צו מיכאיל איוואַנאָוויטשן און בעט אים, ער זאָל אָפּשאַפן דאָס געזעץ.

דערווײַל קומט אָן נאַטשאַלסטווע.

— די סטודענטקעס פון פּיראָגאָווקע פירן אַרויס פאַר א וואַכטע צוויי הונדערט זעכציק טאַטשקעס! פײַער, ניט קיין מיידלעך.

— אזא מיידל, זשאַרזש, — ווײַזט דער שעף פון דער שאַכטע אָף ליובען, — וואָלט איך אָף דײַן אָרט שוין ניט אָפּגעלאָזט.

שאַכטיאָרן לאַכן, און ראַיעווסקי ווישט אויס מיט דער הוט די ליים פונעם פּאָנעם:

— געלט פאַרדין איך געגוג, כאָוער נאַטשאַלניק, כאָטש הייץ דערמיט די הרובע, אָבער כאַסענע האָבן קאָן איך ניט.

— איך ווייס, ראַיעווסקי, וואָס עס קוועטשט דיך. דאַרפסט א צימער. זאָג איך דיר, אז אָט הער מיך, מעגסט כאַסענע האָבן, — ער צעלאַכט זיך און טוט א זאָג: — אָבער פאַרגעס ניט, זשאַרזש, מיך רופן אָף דער כאַסענע, פירסאָוו האָט אונדז שוין אָפּגענאַרט...

— ווי מיינסטו, ליובע, א צימער וועט זײַן? — פרעגט ראַיעווסקי.

— אויב דער נאַטשאַלניק זאָגט צו, וועט ער האַלטן וואָרט.

— צוגעזאָגט, ניט צוגעזאָגט, נאָר כאַסענע האָבן האָט ער געהייסן אומבאַדינגט...

זשאַרזש נעמט גרינג אַרום ליובען און פרעגט בא איר:

— איך ווּעמען זשע איז די מעניע?..

„אוך, דו פערדאַטש! — צעשמיר איך אוש פון קאַס די בלאָטע איבערן פּאָנעם. — מע האָט דיך נאָך ווינציק אָנגעלערנט.

שטיק ליים וואָס דו ביסט, צוליב וואָס האָסטו באַדאַרפט נעמען ליובען אין דער פאַר־שאָלטענער „אַמפּיביע", לויפן זיך באָדן, צעשנײַדן א פוס און דערנאָך לאָזן ליובען היטן דעם טאַנק... קענסט ניט פירסאָווס שטיק?.. איצט פאַרשטיי איך שוין — דאָס האָט ער געשיקט ראַיעווסקין צו ליובען אין דער „אַמפּיביע"... זי שמייכלט צו זשאַרזשן.

און ער, זשאַרזש, זיצט זיך אין דער דוש־קאַבינע, זינגט זיך זײַן באַליבט לידעלע:

Мустафа дорогу строил, Мустафа по ней ходил...[1]

איך קוק אָף אים, דעם שיינעם שלאַנקן באָכער, און טראַכט מיר מײַנס: אליין איז ער פון לענינגראַד, זשאַרזש. נאָר פאַר א מענטשן האָט אים געמאַכט דער מעטראָבוי.

פירסאָוו האָט אים אָוועקגעשענקט זײַן וואַטאָווע לײַבל, א פּאָר פאַרשמאַלצעוועטע פּליור־

---

[1] — מוסטאַפאַ האָט דעם וועג געבויט, מוסטאַפאַ איז מיט דעם וועג געגאַנגען...

דערן, פינף יאָר האָט ער אָפּגעאַרבעט אין אָט דעם הוילעך. און אַצינד טראָגט דער באָכער ברייטע ברעזענטענע הויזן, ווי טאַראַס בולבאַ, און שרײַט אױף מיר, ווי פּיאָטער דער ערשטער אױף מענשיקאָוון...

און אויב ער איז בריגאַדיר, דאַרף ער שמײכלען אַזוי אָפּט צו ליובען?

ס'איז שוין באַלד טאָג. די פייגל פאַרגייען זיך אין א געזאַנג און פרייען זיך, שפרינגען פון צווײַג אויף צווײַג, פּיקן מיט די פּיסקעלעך, און מיר פּיקט אַזש אויך אין קאָפּ. פּירסאָוו'ס דעמבן קאָל דערגייט צו מיר פון דוש. ער שרײַט אויף ראַיעווסקין, אַז ער, זשאָרזש, איז אַן אָקס, פאַרשטייט אפילו ניט, אַז מיט אופרײַס־שטאָף קאָן מען בײַקומען דעם האַרבן גרונט און נאָך הײַנט זאָלן ביידע שאַכטעס זיך צונויפשליסן.

אין א רעגע אַרום איז שוין ראַיעווסקי ווידער אין זײַן ברעזענטן רעקל, וואָס איז פאַר־שפּיליעט מיט זעקס מעשענע קנעפּ.

לעבן דוש זיצן אויסגעוואַשענע כעוורע. ריין אָנגעטאָן. נאָר קיינער גייט ניט אַוועק. זשאָרזש ראַיעווסקי לאָזט זיך ווידער אַראָפּ אין שאַכטע. וואָס טוט זיך מיט דעם בריגאַדיר פון דער ערשטער וואַכטע?

— גייען מיר, שיקע!

ווי א וויכער טראָגט עס מיך אַראָפּ פונעם אָרט, און איך לויף אינעם נײַעם גראַניטער נאָכן בריגאַדיר.

גרינע שטראַלן פון דעם לאַמטערן שנײַדן מיר אין די אויגן. און איך, איך זע שוין, ווי עס יאָגן צוגן אין די באַלויכטענע טונעלן, עס גרילצן די טאָרמאָזן, עס קרעכצן די שפּאַלעס, עס זינגט דאָס האַרץ פון פרייד...

פּירסאָוו שטייט און קוקט, ווי איך, שיקע, דאָס אייניקל פון מייער באַלנעס, צעוויקל דעם שנור, שרײַ אויף א קאָל:

— היט זיך, מוסטאַפאַ, באַלד וועלן דיר דײַנע אויערן פּלאַצן!..

זשאָרזש דרייט אויף דעם שליוז־אַפּאַראַט, עס דערהערט זיך א שיפּען פון געפּרעסטער לופט...

פּירסאָוו רוקט זיך אָפּ ווײַטער פון דער קעסאָן־קאַמערע און זאָגט צו מיר:

— אָן אָרדען ווילסטו פאַרדינען?

— לאָז אים צורו, פּירסאָוו! — שרײַט ראַיעווסקי. — האָסט שוין ניט וואָס צו טאָן? לייג זיך בעסער גיכער; אויב ניט, וועסטו בלײַבן אָן א קאָפּ, פּירסאָוו.

פינף אופרײַסן, איינער נאָכן אַנדערן, צעשמעטערן די פּעלדזיקע וואַנט.

אַרויסקריכן דורכן דושניק אָפּן דאַך צי דורכשמוגלען זיך דורך דעם קוימען, זיך אויס־ביאָרען, ווי א רועך, אין סאַזשע — דאָס איז בא מיר געווען א שפּילכל.

פאַר א נויט פלעגן מיר אין א זומער־טאָג אַרײַן אין דער גרויסער פּאַרזשאַווערטער רער, וואָס איז יאָרנלאַנג געלעגן אין דער באַלקע און אויסגעזונען, ווי עפּעס א ריזיקער קוימען. כעוורע פונעם שנאָרער־געסל פלעגט איינער דעם אַנדערן זוכן און גאַנצענע טעג רײַסן דעם גאָרגל:

— ווו ביסטו?..

אָבער איצט, ווען מיר האָבן דערלעבט די מינוט, אַז ביידע שאַכטעס באַגעגענען זיך און ווערן איין ליכטיקער טונעל, אַזוי אַז כאָטש גיי שפּאַצירן פון סאָקאָלניקי ביז אָכאָטנע, פילן מיר זיך, ווי פליגל וואָלטן בא אונדז אויסגעוואַקסן.

מיט גרויס כשיוועס קוקן מיר, שאַכטיאָרן, אויף די קישעפּמאַכערס — אויף די מאַרקשיי־דערס, וואָס זײַנען דאָ, אין מעטראָ־שאַכטע, ווי די שטורמאַנס אויף די שיפן. זיי פירן צונויף א וואַנט מיט א וואַנט, מעסטן אַהער און מעסטן אַהין, ניט אָפּן אויג און ניט מיט דעם שנור, ווי כאָנע דער שנײַדער... נאָר אויסגערעכנט ביז א פּינטעלע. צוליב איין סאַנטימעטער קאָן איין עק שאַכטע אַוועק אין אוליסיע, דער צווייטער קיין אוסטריסיע.

פּירסאָוו פלעגט בײַז קוקן אויף די אונטערערדישע לאָצמאַנעס און טראַכטן: ליידיקגייערס... אָבער הײַנט, אינעם טאָג, ווען די שאַכטעס האָבן זיך באַגעגנט, גייען די מאַרקשיידערס אַרום ווי כאָסנס צאַד.

— זעסט, דו נאַרישער פּאָנעם, — זאָגט פּירסאָוו צו זיך אַליין, — א טאַפּליע שטעלט זיך אַזוי ניט אַרײַן אין פענצטער, ווי דער טיובינג אין זײַן נעסט. דערפאַר איז אָט די מינוט אַזוי הייליק, ווי די מינוט, ווען דער כאָסן טוט אָן דער קאַלע דאָס גאָלדענע פינגערל...

— יאָ, מאַרקשיידערס, אומזיסט קיין ברויט עסט איר ניט, — קוועלט אָן פּירסאָוו, בא־טראַכטנדיק יעדע שפּאַרונע.

די פרייד, ווען עס קומען זיך צונויף צוויי שאַכטעס, קאָן מען נאָר פאַרגלײַכן צו דער פרייד

פון שיפּבויער, ווען זי לאָזן אַראָפּ צום ערשטן מאָל אַ שיף אַפן וואַסער, — זאָלן די צורעס פאַרשמירט זײַן מיט ליים, די לויכטנדיקע פרייד רײַסט זיך דורך אַפילו דורך צען בלאָטעס, זי פליט אַרויס פון דער שאָכטע־טיפעניש און זאָגט אָן די נײַס:

— די וואַנט איז דורכגעבראָכן!

זשאַרזש צעבלאָזט זײַנע גרויסע נאָזלעכער, קוקט מיר אין די אויגן און זאָגט:

— ביסט אַ כוואַט! ווילסט, שיקע, באַקען איך דיך מיט מײַן שוועסטערל!

פאַר מיר איז עס גאָר אַ נײַס: ראַיעווסקי האָט אַ שוועסטערל אין מאַלאַכאַוווקע! ווײַזט זיך אַרויס, אַז פאַראַיאָרן האָט זשאַרזש זי געבראַכט פון קיִעוו און הײַנט פּראַוועט זי איר געבורטס־טאָג. זיבעצן יאָר ווערט דעם מיידל.

פּירסאָוו סוטולעט זיך. אים ווילט זיך אויך פאָרן, נאָר זשאַרזש קוקט ניט אָף אים. באַלד דערמאָנט ער זיך, אַז פּירסאָוו האַלט די שליסלען פונעם גאַראַזש, ווו עס שטייען ביידע „אָמ־פּיביעס" און אַ צענעריקט „ביויִקל", וואָס איז אויסגעפאַרבט אין אַ גרינעם קאָליר. נאָר דאָס מאַשינדל איז, נעבעך, אַ קאַליקע, מיט אַ צעפליקטן קאַפּאָט, און עס טשאַדעט, ווי דער קוימען פון דער סטריִער באָד.

ראַיעווסקי פאַרגעסט באַלד זײַן בערויגעז און טוט אַ קנאַק פּירסאָוון אין פּלייצע.

— הייסט עס, פאָרן מיר?

אויב אַזוי, וועט שוין זײַן וואָס אויסצוטרינקען און וואָס צו פאַרבײַסן.

מיר איז אַפילו אַפן געדאַנק ניט געקומען, אַז ראַיעווסקי מיט פּירסאָוון האָבן שוין זייער פּלאַן: אַרײַנפאָרן אָף פּיראַגאָוווקע, נעמען ליובען און מיך פאַרקנאַסן מיט זשאַרזשס שוועסטערל...

פּירסאָוו האָט שוין אַרופגעכאַפּט אָף זיך זײַן שוואַרץ לעדערן טוזשורקעלע, פאַרקעמט מיטן בערשטעלע די שוואַרצע וואָנצעלעך, אַרויסגעשלעפּט פון קעשענע אַ שטיקעלע סאַמעט, קעדיי מאַכן דעם שיינעם גלאַנץ אָף זײַנע שעוראָווע שטיוועלעך, און טייקעף פאָרן מיר אַרויס מיט אונדזער „ביויִקל".

סאַדאָווע איז איצט אַ ברייטע, שיינע גאַס. ערשט ניט לאַנג האָט מען אַראָפּגעטראָגן די הילצערנע אַלטע שטיבלעך, דעם פאַרלאָזטן בולוואַר. איצט איז דאָ אַ ברייטער שליאַך, וואָס רינגלט אַרום די גאַנצע שטאָט. טויזנטער מאַשינעס, סוועטאָפאָרן ווינקען מיט גריז, רויט און געל — פאָרט, שאָפערס, פאָרט און האָט אַ גוטן שליטוועגס. אָבער די שאָפערס זײַנען נאָך שטומפּיק אין דער איוורע. זיי רוקן זיך נאָך אַלץ צו די טראָטואַרן, פאַרטשעפּען אַ פערד־און־וועגעלע.

כאָטש ראַיעווסקי האָט געהאַט די שאָפערישע טעוועלעך, אָבער די מעלאָכע האָט ער געקענט קנאַפּ, ער זאָל אַרויס גאַנץ פון דעם מישמאַש אָף סאַדאָווע. דערבײַ האָט זיך אים נאָך געוואָלט אַ באַכער טאָן פאַר ליובען, וואָס זיצט אין „ביויִקל" אָנגעשפּאַרט אָף זײַן רעכטן אַקסל. ראַיעווסקי האָט גאָר פאַרגעסן, אַז אונדזער „ביויִק" איז אָן טאָרמאָזן, קוים וואָס די נעשאָמע האַלט זיך אין דעם, און האָט אָפּגעלאָזט די ווישקעס. ער האָט ניט באַוויזן זיך אַרומקוקן, ווי מיר האָבן זיך צעבוצקעט מיט אַ טעלעגראַף־סטויפּ.

איצט דערצייל איך דאָס אַלץ ווי אַ שיינע מײַסע. אָבער דעמלט האָב איך געכאַפּט דעם פײַנעם נערעק. געקומען צו־זיך בין איך ערשט אין שפּיטאָל, אין אַ ווײַסער פּאַלאַטע, אָף אַ ווײַס בעטל.

## פרײַנט

אין שפּיטאָל הער איך אָפט קאַלינעס קאָל. ווי נאָר איך פאַרמאַך די אויגן, שטייט זי פאַר מיר ווי אַ לעבעדיקע.

אָט זיצן מיר מיט איר אין פעלד אַפן טראַקטאָר. נאַכט. קאַלינע טוליעט זיך צו מיר. ווען די טײַגע מיט אירע וועלף וואַרפן אָן אָף איר אַ שרעק, קוקט אָף מיר קאַלינע מיט אירע גרויסע אויגן, פאַרציט שטאַרקער דעם רימען אַרום איר וואַטניק און נעמט דערציילן:

— איך בין אַלט געווען דרײַצן יאָר. איינמאָל שטיי איך אַזוי און גראָב קאַרטאָפל. לויפט צו מיר צו די גרויסע כאַזערטע אונדזערע, מאַשקע, און מיט דער מאָרדע אירער ראַיעט זי אויס יעדער איבערגעבליבענע קאַרטאָפל פון דער ערד. שטעלסט זיך גאָר ניט פאָר, שיקע, וואָס פאַר אַ וווּנדערלעכע שיינע טעג עס גיבן זיך אויס אַפן אַמור אָסיען־צײַט, און אַלץ איז, דוכט זיך, גוט און וויל, נאָר פּלוצעם הייב איך אויף די אויגן און דערזע — אַ וואָלף!

ווינטער הריזען זיי, די וועלף, אַפילו די פּאָסטראָמקעס פון דישל, נאָר אָסיען־צײַט שפּאַצירן זיי ווי מעכוטאָנים. אַ הינדל, אַ שעפּעלע, אַ קעלבל איז באַ אַ וואָלף אַ מין דעסערט...

עמעצנס אַ האַנט טרייסלט מיך פאַר אָן אַקסל.

— לאָזט שלאָפֿן, — בעט איך זיך. נאָר די האַנט ליגט אַלץ אויף מײַן אַקסל.
— גענוג שוין שלאָפֿן, שיקע!
אויף דער האַנט באַמערק איך באַקאַנטע דרײַ אויסיעס. קעשקע האָט זיי אַמאָל אויסגעקריצט
קאַלינען אויף דער האַנט. ק.מ.ס. — קאַלינאַ מיכײַלאָוונאַ סמאָלינאַ.
איך מאַך צו די אויגן. עס ווערט מיר אַזוי גוט, פּונקט ווי די מאַמע מײַנע וואָלט מיר
געגעבן אין מויל אַרײַן אַ לעפֿל אײַנגעמאַכטס.
— קאַלינאַ!
— שיקע!
דער קלאָר־ווײַסער כאַלאַט פּאַסט איר, דער קאַזאַטשקע.
אין דער האַנט האַלט זי אַ סלאָיקל.
— איך ווייס דאָך, שיקע, נאָך געגנדזענער שמאַלץ וואָלסטו געגאַנגען צופֿוס ביז כאַ־
באַראָווסק.
קאַלינע לאַכט אַזוי געשמאַק, אַז עס ווילט זיך, זי זאָל גאָר ניט אַוועקגיין פֿונדאַנען.
— קעשקע לאָזט דיר גריסן, — זאָגט זי שטיל.
איך באַמערק, אַז דער בויך איז בײַ איר קײַלעכיקער געוואָרן... זי פֿאָרט איצט אין אַ
סאַנאַטאָריע פֿאַר שוואַנגערע. צוריקוועגס וועט קאַלינע זיך אָפּשטעלן אין מאָסקווע אויף אַ פּאָר
וואָכן, איך וועל שוין דעמלט זײַן געזונט, וועל איך איר ווײַזן די מעטראָ, די הרעבליע און די
שענסטע ערטער פֿון דער הויפּטשטאָט. אָבער לאַנג ריידן מיט קאַלינען לאָזט ניט די קראַנקן־
שוועסטער. זי קוקט אויפֿן זייגערל און זאָגט:
— שוין צײַט, כאַוועריטע סמאָלינאַ.
קאַלינע איז אַוועק, און אין דער פּאַלאַטע איז געוואָרן עפּעס פֿינצטערער און אומעטיקער.
ליובע קומט ניט צו מיר אין שפּיטאָל. די כעוורע, וואָס זײַנען מיך מעוואַקער־כוילע, דער־
מאָנען זי ניט קימאַט, איך פֿרעג אויך גאָרניט. אָבער צווישן אַ וואָרט מיט אַ וואָרט פֿאַרשטיי איך
שוין, אַז ליובע דרייט שוין אַן אַנדערן דעם קאָפּ.
מיילע, טראַכט איך מיר, זאָל זי לעבן, ווי איר געפֿעלט.

קינדער־יאָרן, ווײַטע קינדער־יאָרן. עס בענקט דאָס האַרץ נאָך מײַן אוקראַיִנע. אַך, ווי גוט
וואָלט געווען זיך אַ וואַלגער טאָן אינעם טיפֿן גראָז אויף פּראָקאָפּס לעוואַדע! דוכט זיך, אַז דאָרט
בריט אַפֿילו ניט די קראָפּעווע. ניין, ס׳איז גאָר קיין קראָפּעווע ניט, נאָר ווײַנשל־בלעטער, מיט
וועלכע די מאַמע מײַנע פֿלעגט זאַרגזאַם אײַנדעקן די אוגערקעס אין די דייזשקעלעך.
אין יענע טעג, ווען ליובע האָט אינגאַנצן פֿאַרגעסן אָן מיר, וואָלט איך זיך ניט ספּראַוועט מיט
אַלע אומגליקן, וואָס האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אויף מײַן קאָפּ. אַ דאַנק אײַך, מײַנע טײַערע פֿרײַנט
ראַיעווסקי און פּירסאָוו, פֿאַר אײַער איבערגעגעבנקײַט, אײַער געטרײַשאַפֿט.
ראַיעווסקין האָב איך דערציילט אַלץ, אַפֿילו וועגן דעם, אַז ניט ווײַט פֿון פּראָקאָפּס לעוואַדע
רינט דאָס ריטשקעלע, אין וועלכער מיר, כעוורע פֿון שנאָרער־געסל, האָבן זיך געלערנט שווימען
אויפֿן בויך, „לאָזנדיק“ און אויף אַ זײַט. דאָרטן האָבן מיר מיט ליובען זיך געשפּריצט מיט קאַלטן
וואַסער יעדן אינדערפֿרי, און יעדעס מאָל, ווען זי האָט מיך אָפּגעגאָסן פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, איז
עס געווען פֿאַר מיר ווי אַ קוש.
נאָך אַ ניטדערשלאָפֿענער נאַכט, מיט רויטע געשוואָלענע אויגן, גיי איך קאַיאָר אַרויס פֿון
דער שאַכטע, וואָס זיך לאַנג אונטערן דוש, און פֿון דעם אַליין ווערט מיר וואַרעמער אויף דער
נעשאָמע. איך גיי אַוועק צו מײַנע זעמליאַקעס. דער אַלטער בונים באַקוקט מיך פֿון אַלע זײַטן,
באַטראַכט מײַן נײַעם גאַרניטער פֿון אַ מעטראָ־מאַשיניסט און פֿרעגט:
— וואָס מאַכט עפּעס דאָס אייניקל פֿון מייער באַלנעס?
— ס׳איז אַלץ אין אָרדענונג, רעב בונים, — ראַפּאָרטיר איך אים אָפּ, — מע אַרבעט, מע
לערנט, מע לעבט!
— ווען שײַע דער בלינדער פֿון אונדזער שנאָרער־געסל וואָלט אַ קוק געטאָן אויף דײַן
הוילעך, וואָלט ער זעענדיק געוואָרן.
ערשט אַצינד האָט מיך מיט אַ נײַעם קויעך אַ צי געטאָן אין די מעקוימעס פֿון מײַן פֿאַר־
גאַנגענהײַט, צו די ברעגן פֿונעם בלאָטע־טײַך.



# נײַע שטימען

אין די נומערן 1 און 5 „סאָוועטיש היימלאַנד" פאַרן 1962 יאָר האָבן מיר פאָרגעשטעלט פאַר אונדזערע לייענער א ריי נײַע דיכטערישע נעמען. אין הײַנטיקן נומער פאָרענפּלעכן מיר אייניקע לידער, וואָס י. איצקאָוו, וו. דאַנקאָ, מ. מאָגילע־וויטש און ג. מיכעלסאָן האָבן געשאַפֿן נאָך זייער ערשטער אַרויסטרעטונג אף די זײַטן פון אונדזער זשורנאַל.

## גאָלדע מיכעלסאָן

### קאַשטאַנען

איך האָב זיי ביז הײַנט ניט פאַרגעסן,
די אַלטע קאַשטאַנען.
די באַנק, וווּ מיר זײַנען געזעסן,
שטייט אויך, ווי געשטאַנען.
כאָטש אָפּגעפאַרבט. אָבער דאָס איז זי,
געמעגט וואָלט איך שווערן!
אַמאָל האָט דאָ עמעס א שטיטע
געשטעלט א לאַמטערן.
פאַר אונדז פלעגט אזא מין באַלײַכטונג
לאַכלוטן ניט טויגן
(אונדז האָבן געשײַנט גאַנץ גענוג
איינס דעם צווייטן די אויגן...)

...מיר נעמען זי ביידע, די באַנק,
אינעם שאָטן פאַרשלעפּן,
און עפּעס ווי אומגערן אונדזערע
פינגער זיך טרעפן.
און וואַרעמע פינגער שוין ווילן ניט
מער זיך צעשיידן.
איז בלײַבן מיר שטיין זאַלבעדריט שוין:
די באַנק און מיר ביידע...
ניין, כ'וועל זיי ניט קאָנען פאַרגעסן,
די אַלטע קאַשטאַנען.
די באַנק, וווּ מיר זײַנען געזעסן, —
זי שטייט, ווי געשטאַנען.

### זשיטני באַזאַר

זשיטני באַזאַר, זשיטני באַזאַר,
דאָ פאַר דער קעשענע איז א געפאַר!
מיינט ניט, מע דאַרף פאַר גאַנאַווים אַנטלויפן,
כאַלילע! עס ווילט זיך דאָ פּאָשעט אַלץ קויפן.
יונגע קאַרטאָפל מיט שוועמלעך — א מײַכל,
נאָר שאָטן וועט אויך ניט א הינעריש יײַכל.
א פּיירע איז פלוימען, וואָס דאַרף מען זיך נאַרן,
הײַנט ווו זײַנען עפּל און וווּ זײַנען באַרן?
און אַלע דאָ ריידן און אַלע דאָ רוישן,
און ס'זײַנען בא יעדן שוין פולע די קוישן.
דאָ זעט מען די שעפע מיט אייגענע אויגן
און באַלד איז געמאָסטן און באַלד איז געוווויגן.
איך ווייס ניט, ווי איר, — איך האָב ליב קוקורוזע,
כאָטש טראָגן וועט שווער זײַן, נאָר קויפן זי מוז איך.
זשיטני באַזאַר, זשיטני באַזאַר,
דאָ פאַר דער קעשענע איז א געפאַר!

## בערג

מײַן קלײד באדעקט א שטויב פון ווײַטע וועגן.
נאָר אָט, ס'באווײַזט זיך שוין די לאנגע בריק,
און, ווי מײַן יוגנט קומען וואָלט צוריק,
די בערג מיר שפאנען אײַלנדיק אנטקעגן.

זיי וואקסן אויס. א שפיציק-גרינע וואנט
געשטופּלט מיט די אַפּריסן און הײלן.
...זיי האָבן מיר דעם באבי-יאר דערמאָנט,
דאָס אָרט, וואָס וועט פאר דוירעס בלײַבן הייליק.

מע זאָגט, ס'האָט דאָרט צעוואקסן זיך אפסנײַ
א וואלד מיט גראָז מיט ווילדן אף די גריבער,
און מיר אלץ דוכט זיך — כ'זע די שטיקלעך בלײַ
אין שארבנס-קעפּ פון אלע מײַנע ליבע.

ביז צו דער ערד פארנייג איך זיך פאר אײַך,
אין הארצן טראָגן כ'וועל אײַך טאָמיד, קדוישים! —
...די בריק-פּאַרענטשעס לויפנדיק שוין רוישן,
און אונטן שטיפט און ברויגעזט זיך דער טײַך.

## די לעצטע טעג פון זומער...

די לעצטע טעג פון זומער לויפן שנעל,
די לעצטע נעכט פון זומער זײַנען קילע.
נאָר שטייענדיק בא דיר הײַנט אף דער שוועל,
א בענקעניש צו דיר שוין ווידער פיל איך...

און ס'ווילט זיך מיר, אזוי ווי יעדן היגן,
פאר דיר א ביסל האָרעווען, מײַן היים!

כ'וועל פורעמען פון ווערטער, ווי פון ליים,
צו בוויונג דײַנער א צושטײַער-ציגל.

און כ'וועל אין הארץ זיי אָנגלײַען, די לידער
פון מענטשן דײַנע און פון זייער מי,
פון דעם, ווי אלץ האָט דאָ זיך העל צעבליט,
פון דעם, ווי פעלקער לעבן דאָ, ווי ברידער.



# וולאדימיר דאנקאָ

## אפּרעל

עס פראלן אוף די פענצטער-פליגלען
און פלײַען ווײַט אינעם פארנאכט...
און איך דערזע דעם אָוונט-פידלער,
די אויגן, שפּילנדיק, פארמאכט.

א שטערן צינדט זיך אָן... א צווייטער...
עס גייט די נאכט מיט שטילע טריט,
און איך דערפיל: דאָרט, צווישן קווייטן,
עס בליט מײַן ליד. זי בליט, זי בליט...

## פרילינג

נעמט די זון א נאָדל
און מיט מילדע שטראלן
נייט ארום דײַן נאָמען, —
און איך ווער פארפאלן.

וואָס זשע האָט געטראָפן,
וואָס איך קאָן ניט שלאָפן?

ס'גייט מיר ניט דאָס עסן, —
אלץ האָב איך פארגעסן.

גאָרניט האָט געטראָפן,
נאָר עס איז אנטלאָפן
קינדיש, אָן פארשטאנד,
ס'הארץ אין גרינעם לאנד...

## אן אלטער כירורג

— מיר זײַנען העלדן?
כ׳וויל דאָס גאָר ניט הערן!
דערציילט מיר ניט קיין מײַסעס צו
דער נאַכט.

מיר היילן מענטשן!

איך קוק אַף אים,
איך רייכער
און איך טראַכט.
איך קוק אַף אים.
איך קוק אַף זײַנע אלטע הענט:
„און עפשער איז ער דאפקע יאָ א העלד?“

## דער טויטער זייגער

איך נעם אראָפּ פון וואנט
דעם אלטן־אלטן זייגער
און טראָג אים ווײַט אוועק
אהין, אין יענער־וועלט.
יאָ, יאָ, שוין צײַט!

נאָר, דוכט זיך, אים
באוויינען
בלויז אלטע ווענט:
ער איז ניט מײַנער.
ער איז זייערער...

## א פריילעך לידל פונעם אומעטיקן שערער

כ׳בין א שערער,
ס׳פליט מײַן שערל,
פליט און שערט די האָר.
גיט א קלונג אין לופט דאָס שערל —
פליט אראָפּ א יאָר.

ס׳ערשטע, צווייטע, דריטע, פערטע...
כ׳גיב א קוק — שוין ווײַס אין פענצטער,
כ׳גיב א קוק — שוין גרין.
שערל פליט.
וווהין?

## זיגן!

די ייִנגערע פרוּוון די פליגלען,
די ייִנגערע זוכן א וועג.
מע נעמט אין די פינגער א פידל,
מע פרוּווט אויס דאָס קאָל פון א זעג.

און יעדער, וואָס זייט און וואָס זעגט.
און יעדער, וואָס לערנט זיך זינגען,
דארף זײַן מיט איין זאך פארזאָרגט:
מיט גלויבן, אז ער וועט זיגן.

●

# יויסעף איצקאָוו

## מוישע דער שלאָסער

ער — מוישע דער שלאָסער, דער טעפּליקער בלעכער,
וואָס דעקן פלעגט פריִער אין שטעטל די דעכער,
די עמער פלעגט לייטן און בייגן די טרויבן,
וואָס האָבן דאָס וואסער געקליבן פון אויבן, —
ער איז אין די רוישיקע צעכן טאשקענטער,
מײַן לערער, מײַן כאווער, מײַן גוטער באקענטער.

איצט לערנט ער מיך די מאשינעס צענעמען,
די אייוורים זיי היילן מיט ראשפּיל, מיט קלעמען,
זיי שמירן, באנײַען, באפרישן די גלידער,
אז דינען זיי זאָלן דעם ארבעטער ווידער.
ער ארבעט און מורמלט א קענטלעכן ניגן,
וואָס ענלעך ער איז אַף אוזבעקישע, היגע.

עס איז מיר צום הארצן זײַן ייִדיש לשון:
„וואָס זאַגסטו, בענאַק, מיר האלטן נישקאָשע?
נאָר זיי, די מאגנאטן, א ביין זיי אין גאָרגל,
זיי ווארפט אין קאדאָכעס, זיי שרעקט אונדזער מאָרגן...“

...מיר זיצן אזוי בא דעם ווארמעס און ריידן,
און ס'ווילט זיך מיר קיינמאָל מיט אים ניט צעשיידן.

## איך גיי צו דער ארבעט

עס גיסט זיך אין פענצטער קאַיאַרישע שײַן,
מיט ברייטן גוטמאָרגן דער טאָג קומט ארײַן.

און כ'פיל, ווי מיך ציט, ווי עס בענקען די הענט
אהין, ווו עסווארט אף מיר מײַן אינסטרומענט.

איך גיי צו דער ארבעט. א ליכטיקער טאָג.
באנאכטיקע וואכטע — זי גייט פון זאוואָד.

— גוטמאָרגן! גוטמאָרגן! —
מיך יעדער באגריסט, —

דער טאָג זאָל פאר קיינעם ניט דורכגיין
אומזיסט.

אין אונדזער בריגאדע א יאט צו א יאט.
געזאָגט און געטאָן. צו דער צײַט. אקוראט!

ס'איז ליב מיר די רעגע קאַיאַרישע שײַן,
וואָס טראָגט אין מײַן לעבן איר אָטעם ארײַן.

## באנאכט אין טאשקענט

די אָפּגעקילטע ערד איז מיד, פארשלאָפן,
די סעדער רוען איצט. ס'איז טיפע נאכט.
די שטערנדלעך, ווי אויגן קינדערישע, אָפן,
זיי קוקן אויס, ווער גייט ארום איצט וואך.

שטיל מורמלען די אריקן.

מיט צוויט באשאָטן
די גאנצע שטאָט ביז הויכן בארג.
זאָל זײַן געבענטשט די נאכט,
וואָס פרישער מאכט מײַן אָטעם,
דער מאָרגן זאָל מיר זײַן געזונט
און שטארק.

●

## מ י ש ע  מ אָ ג י ל ע וו י ט ש

## דאָס בילד

ס'וויגט די שקיָע זיך אף סאָסנעס,
און די לופט איז טוויִק־פריש,
ס'קוקט דער וואלד באשטראַלט מיט בראָנזע
פון די אויגן בא דעם הירש.
אין די קרײַזן פון שווארצאפּלען
גליט אן אומרויִקער פונק.
פײַכטע נאָזלעכער — זיי צאַפּלען
נאָך דעם ווילד־פארשײַטן שפרונג.

שפּיזן־אויערן פארשפּיצטע
הערן אויס די גרינע ווײַט,
פיס, ווי סטרונעס אומבאשיצטע,
יעדער מוסקל, דוכט זיך, שרײַט.
ס'דוכט, זײַן אָטעם כ'פיל דערנעבן
פון די פארבן אָפן בילד,
ס'האָט אין מיר אליין דאָס לעבן
זיך פון לײַוונט אָנגעצילט.

## ל י ב ע

די שטילקײַט, דוכט זיך, זעט אויס בלוי,
א ווינטל וויגט די שלעפעריקע לאָנקע,
און שווײַגנדיקע איבער איר עס בלאָנקען
צוויי שאָטנס אינעם פינקלדיקן טוי.

די לופט פון פרישע זאפטן ווײַניק ווערט.
און שיקערלעך עס שאָקלען זיך די גראָזן,
צוויי שאָטנס האָבן זיך צונויפגעגאָסן,
און ס'האָט דאָס גראָז זיך צוגעדריקט צו דר'ערד...




מוישע גערשענזאָן

# כעלמער כאכאמים

קאָמעדיע אין דרײַ אקטן, זעקס בילדער

פ ע ר ז אָ נ ע ן:

ג א מ ל יִ ע ל — א פארנעס אין כעלם.
ס אָ ר ע — זײַן ווײַב.
צ י ר ע ל ע — זייער טאָכטער.

ר ע ב צ אָ ד ע ק, ר ע ב נ ו ס י ע, ר ע ב ז ו ס י ע — שטאָט־באלעבאטים.

כ ו י ז ע ק־נ א ר.

ל ע מ ע ך ד ע ר ל א נ ג ע ר, וו ײַ ז אָ ס אָ ד ע ר ק ו ר צ ע ר — שאמאָסים.

ב י נ ע ם דער פירגילדנדיקער מעשאָרעס.
ר ע ב מ אָ ר ד כ ע ל ע — א ראָוו אין כעלם.
ס אָ ס י ע — זײַן ווײַב.
מעכוטאָנים, מעכוטענעסטעס, קלעזמער.

## ערשטער אקט

### בילד איינס

א קאָהעלשע שטוב. שטענדערס, טיש, בענק. לעמעך און ווײַזאָסאָ שטעלן אויס די בענק צו דער אסיפע.

ל ע מ ע ך. ווײַזאָסאָ, צינד אָן די ליכט, רעב צאָדעק האָט באפוילן, אז צו הײַנטיקער אסיפע זאָלן ברענען וואָס מער ליכט.

וו ײַ ז אָ ס אָ. וואָס איז די סימכע, לעמעך?

ל ע מ ע ך. ווײַל הײַנטיקע אסיפע, ווײַזאָסאָ, וועט זײַן די לעצטע אסיפע.

וו ײַ ז אָ ס אָ. וואָס הייסט, די לעצטע?

ל ע מ ע ך. יאָ, מער וועלן שוין ניט זײַן קיין אסיפעס, ווײַזאָסאָ.

וו ײַ ז אָ ס אָ. איז דאָס א מעגלעכע זאך, אז כעלם זאָל זיך באגיין אָן אסיפעס? לעמעך!

ל ע מ ע ך. אָט צוליב דעם מאכט מען דאָך אָן אסיפע, מע זאָל געפינען עפּעס אן אייצע, מע זאָל מערער ניט דארפן אין כעלם קיין אסיפעס.

וו ײַ ז אָ ס אָ. אוי, לעמעך!

ל ע מ ע ך. וואָס איז, ווײַזאָסאָ?

וו ײַ ז אָ ס אָ. וואָס וועלן מיר טאָן? פון וואָס זשע וועלן מיר לעבן? (וויינט.)

ל ע מ ע ך. וואָס זשע וויינסטו? שויטע, אָט אזוי גיך, מיינסטו, טראָגט מען אין כעלם ארויס א פסאק? איך בין דיר אָרעוו, אז ניט נאָר מיר, נאָר אפילע אונדזערע קינדסקינדער וועלן נאָך האָבן שיין פארנאָסע פון די אסיפעס.

וו ײַ ז אָ ס אָ. פון דײַן מויל אין גאָטס אויערן.

ל ע מ ע ך. אָמיין! שא, די באלעבאטים גייען.

די באלעבאטים קומען ארײַן, גיבן זיך אָפּ שאָלעם־אלייכעם, זעצן זיך פײַערלעך אויס אף די ערטער. לעמעך קלאפּט דרײַ מאָל אין טיש.

ר ע ב צ אָ ד ע ק. ראבויסײַ! זיבן טעג און זיבן נעכט, אז מיר קלײַבן זיך צונויף אהער און האלטן אין איין קלערן און קלערן און קאָנען אלץ ניט צוקלערן, וואָס פאר א פסאק ארויסטראָגן צו דעם, אז... אז... אנו, רעב נוסיע, גיט נאָר א קוק אין פינקעס, וועגן וואָס קלערן מיר שוין זיבן טעג און זיבן נעכט און קאָנען אלץ ניט צוקלערן, וואָס פאר א פסאק ארויסטראָגן...

ר ע ב נ ו ס י ע. (קוקט אין פינקעס.) מיר קלערן וועגן... וועגן... וועגן כויזעק־נאר קלערן מיר.

ר ע ב צ אָ ד ע ק. הא! יאָ, וועגן כויזעק. איר זעט, ייִדן, אז איך האָב טאקע ניט פארגעסן, ווײַל ווי קאָן מען פארגעסן, אז מע זיצט זיבן טעג און זיבן נעכט און מע האלט אין איין קלערן און קלערן און אלץ וועגן... וועגן וועמען האָט איר געזאָגט, רעב נוסיע?

ר ע ב  נ ו ס י ע. (זוכט אין פינקעס.) וועגן... וועגן... וועגן כויזעק־נאַר האָב איך געזאָגט.

ר ע ב  צ אָ ד ע ק. (שרײַט אויס.) וואָס? ווײַטער וועגן אָט דעם כויזעקן? בארעכנט זיך נאַר, ווי מע קאָן פון אָט דעם כויזעקן ניט פּאָטער ווערן. ניט אומזיסט זאָגט מען, אז א נאר איז אן אייביקער צאר. גוואלד, גוואלד! כעלם, אזא שטאָט, וואָס איז פון קאדמוינים בארימט ווי א שטאָט פון גאָלע כאכאָמים, און פלוצלינג נא דיר גאָר אזא אָנשיקעניש! א נאר. און נאָך וואָס פאר א נאר.

ר ע ב  נ ו ס י ע. אלץ הייסט א נאר! ערשט נעכטן האָב איך געזען ווי ער טראָגט וואסער, איז טאקע נאָר א נאר קאָן אזוי טראָגן. אז ער וווינט אפן בארג און גייט אראָפּצו צום טײַך נאָך וואסער, איז אראָפּצו, וואָס יעדער כעלמער ווייסט, אז ס'איז טויזנט מאָל גרינגער, גייט ער מיט ליידיקע עמער, און אז ער גייט ארוף אפן בארג, וואָס יעדער כעלמער ווייסט, אז ס'איז טויזנט מאָל שווערער, גייט ער מיט פולע עמער. איז ער ניט קיין שויטע?

א ל ע. אלץ הייסט א שויטע.

ר ע ב  ז ו ס י ע. ווי קומט עס גאָר אין כעלם אזא שויטע?

ר ע ב  צ אָ ד ע ק. אָט דאָס פרעג איך דאָך אויך די אייגענע קאשע, ווי קומט בא אונדז אין כעלם א נאר? אז נאָך דעמלט, ווען גאָט האָט באשאפן די וועלט, האָט ער אראָפּגעשיקט א מאלעך מיט צוויי זעקעלעך — איינס א שווארצס און דאָס אנדערע א ווײַס. איז אינעם ווײַסן געווען הוילע כאָכמע, און אינעם שווארצן זעקעלע — הוילע נארישקײַט. ווײַהי, און ס'איז געווען, ווען דער מאלעך איז געפלויגן איבער דער ערד צעטיילן וועמען כאָכמע און וועמען נארישקײַט, און, פליִענדיק איבער כעלם, האָט ער זיך פארטשעפּעט אין א בוים און דאָס ווײַסע זעקעלע האָט זיך צעריסן, און די גאנצע כאָכמע האָט זיך אויסגעשאָטן אף כעלם. איז פון דעמלט אָן כעלם א שטאָט פון הוילע כאכאָמים. פרעגט זיך א קאשע: גוואלד געשריִען, ווי קומט אין כעלם א נאר?

ר ע ב  ז ו ס י ע. עפשער איז דאָס דערפאר, רעב צאָדעק, ווײַל יעדע שטאָט מוז האָבן איר שטאָט־מעשוגענעם, איז כעלם, ווי א שטאָט פון כאכאָמים, מוז זיך האָבן איר שטאָט־נאר.

ר ע ב  צ אָ ד ע ק. יאָ, דאָס איז טאקע עמעס, נאָר א מעשוגענער, ווייסט מען דאָך, האָט ניט כאסענע. אָבער א נאר, מעג זיך זײַן אפילע דער גרעסטער נאר, איז אף כאסענע האָבן האָט ער דאָך סייכל. און אז א נאר וועט כאסענע האָבן, קאָן ער נאָך אָנהייבן קינדלעך, און אז ער וועט אָנהייבן קינדלעך, קאָן אוועק א דאָר פון נאראָנים, און אז עס וועט אוועק א דאָר פון נאראָנים, קאָן, כאָלילע, כעלם ווערן אויס כעלם.

א ל ע. אײַ, אײַ, אײַ, איז דאָך שלעכט.

ר ע ב  צ אָ ד ע ק. וואָס הייסט שלעכט?

א ל ע. עק וועלט!

ר ע ב  צ אָ ד ע ק. עק וועלט!

א ל ע. וואָס זשע טוט מען? רעב צאָדעק, זאָגט, וואָס טוט מען?

ר ע ב  צ אָ ד ע ק. וואָס טוט מען? (ער פארטראכט זיך. אלע קוקן אף אים. וואָס ער טוט, טוט מען אים נאָך. ער לייגט צו א פינגער צום קאָפּ, אלע טוען עס. ער פארגלאָצט די אויגן, אלע פארגלאָצן. ער טוט זיך א פאטש אין שטערן, אלע פאטשן זיך. ער שרײַט אויס.) **און עפשער!..**

א ל ע. און עפשער!..

ר ע ב  צ אָ ד ע ק. ניין... ניין...

א ל ע. ניין, ניין.

ר ע ב  צ אָ ד ע ק. שאַ!

א ל ע. שאַ!

ר ע ב  צ אָ ד ע ק. ייִדן, ס'איז דאָ אן אייצע.

א ל ע. אן אייצע.

ר ע ב  צ אָ ד ע ק. (מיט א געמאָרע־ניגן.) אזוי ווי ער קאָן נאָך אָנהייבן קינדלעך.

א ל ע. קינדלעך.

ר ע ב  צ אָ ד ע ק. און עס קאָן נאָך, כאָלילע, אוועק א דאָר פון נאראָנים.

א ל ע. נאראָנים!

ר ע ב  צ אָ ד ע ק. און כעלם זאָל כאָלילע ווערן אויס כעלם.

א ל ע. אויס כעלם.

ר ע ב  צ אָ ד ע ק. דארף מען זען טייקעף־אומעיאד אים אָפּגעטן. און אז מיר וועלן אים אָפּגעטן, וועט ער ניט קינדלעך, און אז ער וועט ניט קינדלעך, וועט ניט זײַן קיין נאראָנים, און אז עס וועט ניט זײַן קיין נאראָנים, וועט כעלם בלײַבן כעלם ווי געווען.

ר ע ב  ז ו ס י ע. געבענטשט זאָל זײַן אײַער קאָפּ.

ר ע ב  נ ו ס י ע. אז וויל איז צו כעלם, וואָס פאַרמאָגט אזא כאַכעם.

ר ע ב  צ אַ ד ע ק. לעמעך און וויַיזאָסאָ, פירט אריַין דעם נאַר!

לעמעך און וויַיזאָסאָ פירן אריַין כויזעקן, כעלמער זינגען.

| | |
|---|---|
| נאַר, נאַר, קום אריַין. | נאַר, נאַר, קום אריַין. |
| ס'זאָל קיין נאַר שוין מער ניט זיַין, | ס'זאָל קיין נאַר שוין מער ניט זיַין, |
| זיצן מיר פאַרקלערט, פאַרטראַכט | זיצן מיר פאַרטראַכט, פאַרקלערט |
| פון פאַרטאָג ביז שפּעט באַנאַכט. | זיבן טעג און זיבן נעכט. |

ר ע ב  צ אַ ד ע ק. הער אויס, כויזעק. זיבן טעג און זיבן נעכט האָבן מיר געטראַכט און געקלערט, און ארויסגעטראָגן דעם פּסק, זאָלסט זיך טייקעף־אומעיאַד געטן.

כ ו י ז ע ק. געטן? מיט וועמען?

ר ע ב  צ אַ ד ע ק. וואָס הייסט מיט וועמען? נאַר דו איינער, מיט וועמען געט מען זיך? מיט א וויַיב!

כ ו י ז ע ק. און ווו איז דער דין?

ר ע ב  צ אַ ד ע ק. אָן שום דינים, קאָהאָל הייסט זיך געטן, איז געטן.

כ ו י ז ע ק. און טאָמער בין איך נאָך א באָכער?

ר ע ב  צ אַ ד ע ק. יאָ א באָכער, ניט קיין באָכער, קאָהאָל הייסט זיך געטן, איז געטן.

כ ו י ז ע ק. און טאָמער האָב איך קיין וויַיב ניט?

ר ע ב  צ אַ ד ע ק. יאָ א וויַיב, ניט קיין וויַיב, קאָהאָל הייסט זיך געטן, איז געטן.

כ ו י ז ע ק. איז מיט וועמען וועט איר מיך געטן? אז איך האָב קיין וויַיב ניט?

ר ע ב  צ אַ ד ע ק. זעט איר, יידן, אָט דאָס איז ער דאַפקע גערעכט.

א ל ע. גערעכט!

ר ע ב  צ אַ ד ע ק. מוז מען עפּעס צוטראַכטן.

א ל ע. צוטראַכטן.

ר ע ב  צ אַ ד ע ק. לעמעך און וויַיזאָסאָ! פירט דערוויַיל ארויס דעם נאַר. (מע פירט ארויס כויזעקן.) איז מיט וועמען זאָלן מיר אים געטן, אז קיין וויַיב, זאָגט ער, האָט ער ניט?

א ל ע. האָט ער ניט!

ר ע ב  צ אַ ד ע ק. און געטן מוז מען.

א ל ע. מוז מען.

ר ע ב  צ אַ ד ע ק. אַניט קאָן ער אָנהייבן קינדלען.

א ל ע. קינדלען.

ר ע ב  צ אַ ד ע ק. און עס קאָן כאָלילע אוועק א דאָר פון נאַראָנים.

א ל ע. נאַראָנים.

ר ע ב  צ אַ ד ע ק. און כעלם זאָל כאָלילע ווערן אויס כעלם.

א ל ע. אויס כעלם!

ר ע ב  צ אַ ד ע ק. איז דאָך טאַקע שלעכט.

א ל ע. שלעכט!

ר ע ב  צ אַ ד ע ק. עק וועלט!

א ל ע. עק וועלט!

ר ע ב  צ אַ ד ע ק. וואָס זשע טוט מען? (פאַרטראַכט זיך.)

א ל ע. וואָס זשע טוט מען? (פאַרטראַכטן זיך.)

ר ע ב  צ אַ ד ע ק. שאַ!

א ל ע. שאַ!

ר ע ב  צ אַ ד ע ק. ס'איז דאָ אַן אייצע.

א ל ע. אַן אייצע.

ר ע ב  צ אַ ד ע ק. אזוי־ווי געטן מוז מען.

א ל ע. מוז מען.

ר ע ב  צ אַ ד ע ק. און קיין וויַיב האָט ער ניט.

א ל ע. האָט ער ניט.

ר ע ב  צ אַ ד ע ק. דאַרף מען אים טייקעף כאַסענע מאַכן, און טאַקע די רעגע אָפּגעטן, וועט ער ניט קינדלען, און אז ער וועט ניט קינדלען, וועלן ניט זיַין קיין נאַראָנים, און אז עס וועלן ניט זיַין קיין נאַראָנים, וועט כעלם בליַיבן ווי געוועזן.

א ל ע. געבענטשט זאָל זיַין איַיער קאָפּ. אז וויל איז צו כעלם, וואָס פאַרמאָגט אזא כאַכעם.

רעב נוסיע. ניט מער...
אלע. ניט מער...
רעב נוסיע. ווער וועט עס וועלן אין כעלם כאסענע מאכן זײַן טאָכטער פאר א נאר?
אלע. יאָ, ווער וועט עס טאקע וועלן?
רעב צאָדעק. קיינער וועט ניט וועלן, זאָגט איר?
אלע. קיינער.
רעב צאָדעק. און געטן מוז מען?
אלע. געטן מוז מען.
רעב צאָדעק. און קיין ווײַב האָט ער ניט?
אלע. האָט ער ניט.
רעב צאָדעק. דארף מען אים כאסענע מאכן?
אלע. כאסענע מאכן.
רעב צאָדעק. נאָר ס'איז ניטאָ פאר ווענען?
אלע. ניטאָ פאר וועמען.
רעב צאָדעק. ווײַל קיינער וועט ניט וועלן?
אלע. קיינער וועט ניט וועלן.
רעב צאָדעק. איז דאָך שלעכט.
אלע. שלעכט!
רעב צאָדעק. עק וועלט!
אלע. עק וועלט!
רעב צאָדעק. וואָס זשע טוט מען? (פארטראכט זיך.)
אלע. וואָס זשע טוט מען? (פארטראכטן זיך.)
רעב צאָדעק. (טוט זיך א פאטש אין שטערן.) שאַ!
אלע. (פאטשן זיך אין שטערן.) שאַ!
רעב צאָדעק. ס'איז דאָ אַן אייצע.
אלע. אַן אייצע!



מיר פארעפנטלעכן צום ערשטן מאָל די קאָמעדיע „כעלמער כאַכאָמים", וועלכע האָט זיך פארהיט אין דער ליטעראַרישער ירושע פון דעם העלדיש אומגעקומענעם בייס דער גרויסער פאטערלענדישער מילכאָמע טאַלאנטפולן סאָוועטישן יידישן דראמאטורג מוישע גערשענזאָן.

רעב צאָדעק. אזויווי אין טיפשעשאָק איז דאָ אַן אלמאָנע, וואָס וויל כאסענע האָבן נאָר פאר א כעלמער.
אלע. נאָר פאר א כעלמער.
רעב צאָדעק. און כויזעק-נאר איז דאָך, ניט פאר אונדז גערעדט, א כעלמער.
אלע. א כעלמער.
רעב צאָדעק. דארף מען אים כאסענע מאכן פאר דער טיפשעשאָקער אלמאָנע און טאקע טייקעף אָפּגעטן, וועט ער ניט קינדלען, וועט ניט זײַן קיין נאראָנים, און כעלם וועט בלײַבן כעלם, ווי געוווען.
אלע. געבענטשט זאָל זײַן אײַער קאָפּ. אַז ווויל איז צו כעלם, וואָס האָט אזא כאָכעם!
רעב צאָדעק. פירט אַרײַן דעם נאר!

מע פירט אַרײַן כויזעקן. כעלמער באַגעגענען אים מיט געזאַנג.

נאר, נאר, קום אַרײַן.
ס'זאָל קיין נאר שוין מער ניט זײַן,
זיצן מיר פארקלערט, פארטראכט
פון פארטאָג ביז שפעט באַנאַכט.

נאר, נאר, קום אַרײַן.
ס'זאָל קיין נאר שוין מער ניט זײַן,
זיצן מיר פארטראכט, פארקלערט
זיבן טעג און זיבן נעכט.

רעב צאָדעק. הער אויס, כויזעק, קאָהאָל האָט ארויסגעטראָגן דעם פסאַק, זאָלסט טייקעף כאסענע האָבן פאר דער טיפשעשאָקער אלמאָנע.
כויזעק. און ווו איז דער דין?
רעב צאָדעק. אָן שום דינים. קאָהאָל הייסט כאסענע האָבן, איז כאסענע האָבן.
כויזעק. און טאָמער וויל איך פארבלײַבן א באָכער?
רעב צאָדעק. יאָ א באָכער, ניט קיין באָכער, קאָהאָל הייסט כאסענע האָבן, איז כאסענע האָבן.
כויזעק. און טאָמער וויל איך אַן אנדערע?
רעב צאָדעק. יאָ אַן אנדערע, ניט קיין אנדערע, קאָהאָל הייסט כאסענע האָבן, איז כאסענע האָבן.

כויזעק. און טאָמער וויל איך ניט?

**רעב צאַדעק. וועלן מיר דיך כאַסענע מאַכן מיט גוואַלד.**

כויזעק. אויב איר ווילט מיך כאַסענע מאַכן מיט גוואַלד, איז מאַכט מיך שוין בעסער כאַסענע פאַר צירעלען.

רעב צאַדעק. פאַר וואָסער צירעלען?

כויזעק. צירעלע רעב גאַמליִעלס.

רעב צאַדעק. פאַר דעם פאַרנעסעס טאָכטער? יידן, הערט נאַר, וואָס דער נאַר רעדט! (כעלם באַקומט ספּאַזמעס פון געלעכטער.) אַ כעלמער וואָלט עס ניט אויסגערעדט אין אַ יאָר, וואָס אַ נאַר אין אַ מינוט. גוואַלד, גוואַלד, כויזעק, פאַרוואָס זאָלסטו זײַן אַזאַ נאַר! ווייסטו דען ניט, ווייסטו דען ניט, אַז דו און צירעלע זײַנען, ווי הימל און ערד!

כויזעק. איך ווייס, רעב צאַדעק, און פונקט ווי דער הימל קאָן ניט זײַן אָן דער ערד, אַזוי קאָן איך ניט זײַן אָן צירעלען. (כעלם לאַכט.)

רעב צאַדעק. שויטע, וואָס רעדסטו? דו ווייסט, וואָס דו רעדסט? דו און צירעלע זײַנען דאָך, ווי טאָג און נאַכט.

כויזעק. איך ווייס, רעב צאַדעק, און פונקט ווי דער טאָג מיט דער נאַכט גייען טאָמיד צוזאַמען, אַזוי וויל איך מיט צירעלען טאָמיד גיין צוזאַמען. (כעלם לאַכט.)

רעב צאַדעק. גוואַלד, שויטע, פאַרוואָס זאָלסטו ניט פאַרשטיין, אַז גאַמליִעל איז דער שענסטער ייִד, דער פּײַנסטער מענטש, דער רײַכסטער און דער קליגסטער אין גאַנץ כעלם, אַז צו גאַמליִעלס טאָכטער צירעלען שאַדכענען זיך די שענסטע און די בעסטע און די גרעסטע און די קליגסטע. ווילסטו, מע זאָל דיך כאַסענע מאַכן פאַר צירעלען. נו, ביסטו ניט קיין שויטע?

כויזעק. ניין!

רעב זוסיע. וואָס האָט איר מיט אים וואָס צו ריידן, רעב צאַדעק, איר זעט דאָך שוין, מיט וועמען איר האָט צו טאָן. מע דאַרף אים וואָס גיכער כאַסענע מאַכן פאַר דער טיפּשעשאָקער אַלמאָנע און ראַטעווען די שטאָט פון נאַראָנים.

רעב נוסיע. און טאַקע מאָרגן אים אָפּפירן קיין טיפּשעשאָק און פראַווען די כאַסענע קעדאַס מוישע וועיִיסראָעל.

רעב זוסיע. און איך מיין גאָר פאַרקערט, איך מיין, אַז די כאַסענע דאַרף מען פּראַווען אין כעלם קעדאַס מוישע וועיִיסראָעל.

רעב נוסיע. פאַרוואָס עפּעס דאַפקע אין כעלם און ניט אין טיפּשעשאָק?

רעב זוסיע. פאַרוואָס עפּעס דאַפקע אין טיפּשעשאָק און ניט אין כעלם?

רעב נוסיע. ווײַל ס'איז אונדזער כאָסן, איז אונדזער כאַסענע.

רעב זוסיע. אַ שיינער ייִכעס — אַ כאָסן אַ נאַר. אויב שוין יאָ אין כעלם, זאָל זײַן דער געט אין כעלם און די כאַסענע אין טיפּשעשאָק.

רעב נוסיע. און איך מיין דאַפקע פאַרקערט, דער געט אין טיפּשעשאָק און די כאַ־סענע אין כעלם.

א טומל:

— אין טיפּשעשאָק!..

— אין כעלם!

רעב צאַדעק. שאַט, ייִדן, קריגט זיך ניט. לאָמיר נאָכאַמאָל אויסהערן די צדאָדים, וועלן מיר זען אַקוראַט, ווער ס'איז גערעכט. רעדט, רעב זוסיע!

קוילעס. — פאַרוואָס עפּעס רעב זוסיע דער ערשטער?

— פאַרוואָס עפּעס רעב נוסיע דער ערשטער?

— זאָל רעב נוסיע ריידן.

— זאָל רעב זוסיע ריידן.

רעב צאַדעק. שאַט, ייִדן, קריגט זיך ניט. אַזוי ווי רעב זוסיע און רעב נוסיע זײַנען זייער כאָשעווע באַלעבאַטים, און ס'איז שווער צו זאָגן, ווער פון זיי איז כאָשעווער, דעריבער, ייִדן, איז מײַן אייצע, קעדיי ניט אָנרירן, כאָלילע, קיינעמס קאָוועד, זאָלן זיי ריידן ביידע מיטאַמאָל. רעדט, ייִדן.

רעב זוסיע און נוסיע שטעלן זיך אוועק בא די שטענדערס און ריידן ביידע מיטאַמאָל. ס'וועדט אַ טומל.

פאָרהאַנג.

## בילד צוויי

לעם גאַמליִעלס שטוב. צירעלע שטייט לעם פענצטער. ערגעץ שפּילט מען.

ס אַ ר ע. צירעלע, איך בעט דיך, גענוג, שוין צײַט שלאָפן גיין.

צ י ר ע ל ע. איך וועל נאָך שטיין אַ ביסל. ווי שיין מע שפּילט.

ס אַ ר ע. דאָס ווײַזט זיך דיר אויס, דאָס פּײַפט אַזוי דער ווינט.

צ י ר ע ל ע. וויל איך הערן, ווי דער ווינט פּײַפט.

ס אַ ר ע. ער קאָן אַזוי פּײַפן אַ גאַנצע נאַכט.

צ י ר ע ל ע. מיר וואָלט ניט נימעס געוואָרן הערן, ער זאָל פּײַפן אַזוי אייביק. ווי שיין דער ווינט פּײַפט!

ס אַ ר ע. נו, גענוג, גענוג שוין. דער טאַטע וועט זיך אופכאַפן, וועט זיך טאָן כוישעך. אין שטוב אַרײַן! (ביידע אָפּ אין שטוב.)

כ ו י ז ע ק. (קומט אַרײַן, שפּילט אָף אַ פליים.) זי האָט אָט ערשט גערעדט. אַך, ווען איך זאָל קאָנען פאַרהאַלטן אין מײַנע אויערן איר שטים און טאָמיד הערן ווי זי רעדט. „דו הערסט, ווי שיין דער ווינט פּײַפט...“ (שפּילט.)

צ י ר ע ל ע. (גאַנוועט זיך אָף די שפּיצפינגער אַרויס פון טיר. הערט זיך אײַן.) זיי שלאָפן.

כ ו י ז ע ק. צירעלע!

צ י ר ע ל ע. אוי, ווער איז עס? ס'איז אַזוי פינצטער, אַז מע זעט ניט די וועלט.

כ ו י ז ע ק. און מיר איז אַזוי ליכטיק געוואָרן, ווי עס וואָלט מיטאַמאָל אָנגעהויבן טאָגן, ווי די זון וואָלט זיך צעשײַנט אין דער פינצטער.

צ י ר ע ל ע. ווער ביסטו?

כ ו י ז ע ק. כויזעק.

צ י ר ע ל ע. וואָסער כויזעק?

כ ו י ז ע ק. כויזעק-נאַר.

צ י ר ע ל ע. אוי, גיי אוועק, איך האָב מוירע, קאָנסט נאָך זאָגן עפּעס אַ נאַרישקײַט.

כ ו י ז ע ק. איך וועל גאָרנישט ניט זאָגן, צירעלע, איך וועל נאָר קוקן אָף דיר.

צ י ר ע ל ע. אוי, קוק ניט אַזוי, איך בעט דיך. (קערעווועט אָפּ דעם פּאָנעם.) זאָג שוין בעסער עפּעס.

כ ו י ז ע ק. איך וועל בעסער שווײַגן.

צ י ר ע ל ע. ס'איז אַן עמעס, כויזעק, וואָס מע זאָגט, אַז דו ווילסט פאַר מיר כאַסענע האָבן?

כ ו י ז ע ק. ווער האָט דיר געזאָגט, צירעלע? עמעס!

צ י ר ע ל ע. די גאַנצע שטאָט רעדט.

כ ו י ז ע ק. אויב די שטאָט רעדט, מיסטאָם איז עס עמעס.

צ י ר ע ל ע. ביסטו דאָך טאַקע אַ נאַר. (לאַכט.)

כ ו י ז ע ק. לאַך ניט, צירעלע.

צ י ר ע ל ע. וויאַזוי זאָל איך ניט לאַכן, אַז דו ביסט אַזאַ שוטע.

כ ו י ז ע ק. איך ווייס עס שוין פון לאַנג.

צ י ר ע ל ע. פון ווען?

כ ו י ז ע ק. פון זינט מײַן טאַטע איז געשטאָרבן.

צ י ר ע ל ע. ניין, האָסט מיר שוין אַמאָל צוגעזאָגט דערציילן, פאַרוואָס רופט מען דיך „נאַר“, כויזעק.

כ ו י ז ע ק. וויאַזוי איך בין געוואָרן אַ נאַר?

צ י ר ע ל ע. וויאַזוי? כויזעק!

כ ו י ז ע ק. ס'איז אַ סאַך צו דערציילן און ווייניק צו הערן.

צ י ר ע ל ע. דערצייל, איך וויל טאַקע הערן, וויאַזוי מע ווערט אַ נאַר!

כ ו י ז ע ק. די מײַסע הייבט זיך אָן, ווען מײַן טאַטע שיִע דער קלעזמער איז נאָך געווען אַ באָכער. ער האָט געשפּילט אָף אַ פליים, און געשפּילט אָף דער פליים האָט ער אַזוי, ווי ער וואָלט אָף איר גערעדט. וואָס ער האָט געוואָלט, האָט ער דערציילט אָף דער פליים: איז ער געווען אָף עמעצן בייז, האָט ער עס געזאָגט מיט דער פליים! האָט ער עמעצן ליב געהאַט, האָט ער עס דערציילט מיט דער פליים, גלײַך ווי ער וואָלט גאָר אַנדערש ניט געקאָנט ריידן, ווי די פליים וואָלט זײַן מויל געווען. איינמאָל איז מײַן טאַטע געפאָרן אָף אַ כאַסענע צו זייער אַ גרויסן גוויר. דער גוויר האָט כאַסענע געמאַכט זײַן איין און איינציקע טאָכטער. שיין איז זי געווען, ווי די גאַנצע וועלט, און אַ פּאָנעם האָט זי געהאַט ניט אַרײַנצוקוקן, אַזוי פלעגט מײַן טאַטע דערציילן. וויפל ער איז אויסגעווען אָף כאַסענעס און וויפל ער האָט זיך אָנגעזען מיט קאַלעס, האָט ער נאָך אַזאַ

שיינע קאַלע ניט געזען. און אויגן זײַנען געווען בא דער קאַלע, וואָס האָבן ניט געקוקט, נאָר געוועדט. וואָס זי האָט נאָר געוואָלט, האָט זי דערציילט מיט אירע אויגן. און ווי ער האָט נאָר א קוק געטאָן אױף איר, האָט ער שוין מער קיין אויג פון איר ניט געקאָנט אראָפּנעמען. אז די קלעז־מער האָבן אָנגעהויבן שפּילן, האָט די קאַלע דערהערט, ווי די פּלייט רעדט צו איר: — אויב איך וועל דיך מער ניט זען, בין איך פאַרפאַלן אױף אייביק. זי האָט זיך אויסגעדרייט צו די קלעזמער און א קוק געטאָן אַפן טאַטן, און מײַן טאַטע האָט דערזען, ווי אירע אויגן ענטפערן אים: — איך אָן דיר בין אויך פאַרפאַלן... — דערציילן ווײַטער?

צירעלע. יאָ, יאָ, ווײַטער, ווײַטער!

כויזעק. אזוי לאַנג, אזוי ברייט, אזוי קורץ, אזוי שמאָל. די קאַלע איז אַנטלאָפן מיט מײַן טאַטן נאָך פאַר דער כופּע. דער טאַטע אירער, דער גוויר האָט זי פאַרשאָלטן, ניט געוואָלט זי קענען, ניט געוואָלט פון איר וויסן. ער האָט ניט געוואָלט קיין איידעם א קלעזמערוק. אין דאַכקעס און אין נויט, אין הונגער און אין קעלט האָבן זיי געלעבט ביידע גליקלעך און צופרידן. מיט דער צײַט זײַנען בא זיי געבוירן געוואָרן קינדער — צוויי יינגלעך. איינער יעכיעל — מײַן עלטערער ברודער, און דער צווייטער כויזעק — דאָס בין איך. אז מיר זײַנען אויסגעוואַקסן, האָט דער טאַטע זיך געגעבן א ניידער, אז זײַנע קינדער וועלן קיין קלעזמער ניט זײַן. ער פלעגט אונדז אַפילע ניט צולאָזן נאָענט צו דער קיילע. און אַפּצולאַכעס, ווײַל ער האָט ניט צוגעלאָזט, האָט מיך געצויגן צו דער פלייט, ווי א מאַגניט ציט צו שטאָל. און אלע פאַרנאַכט, ווען דער טאַטע פלעגט שלאָפן, פלעג איך אַרויסכאַפּן די פלייט, אַוועקגיין ווײַט, ווײַט הינטער דער שטאָט און לאַנג־לאַנג שפּילן, און אז עס פלעגט אָנהייבן שאַרײַען אַף טאָג, פלעג איך די פלייט צוריק אַף איר אָרט אַוועקלייגן, און קיינער האָט אַפילע ניט געוווּסט דערפון. דערציילן ווײַטער?

צירעלע. יאָ, דערצייל.

כויזעק. יאָרן זײַנען געגאַנגען, טעג זײַנען געלאָפן, שאָען זײַנען געפלויגן. מײַן מאַמע איז פון א שווערער קרענק געשטאָרבן, מײַן טאַטע איז פון האַרצווייטעק איר נאָכגעשטאָרבן, און איך מיט מײַן ברודער זײַנען פאַרבליבן צוויי יעסוימים, און דאָס איינציקע, וואָס איז פאַרבליבן פונעם טאַטנס ירושע, איז געווען — די פלייט. נאָר צו יעדן אומגליק טרעפט א גליק.

צירעלע. א גליק?

כויזעק. יאָ. פּונקט צו יענער צײַט איז געשטאָרבן דער גוויר, דער מאַמעס טאַטע, און אז מע האָט אופגעעפנט זײַן צאַוואָע, האָט זיך אויסגעלאָזט, אז די גאַנצע ירושע האָט ער אָפּגע־שריבן פאַר מיר מיט מײַן ברודער. אז אין כעלם האָט מען דערהערט, איז געוואָרן א גרויסע סימכע. עפּעס א קלייניקײַט? עס קומען צו צוויי גווירים מיטאַמאָל. באַלעבאַטים האָבן אונדז אָנגעהויבן רופן אַף קידעש, שאַדכאָנים האָבן אונדז אָפּגעשלאָגן די טירן. אין שול האָט מען אונדז אָנגעהויבן זעצן אויבנאָן, מע האָט גאָר ניט געוווּסט, וואָס צו טאָן מיט אונדז. אינגיכן האָט מײַן ברודער טאַקע כאַסענע געהאַט פאַר זייער א רײַכער קאַלע אין אַן אַנדער שטאָט און איך בין געבליבן אין כעלם. וואָלט אַלץ גוט געווען. האָט אָבער מײַן ברודער געוואָלט צונעמען מיט זיך דעם טאַטנס פלייט. האָב איך אים גערופן צו מענטשן, און מענטשן האָבן געפּאַסקנט, אז די פלייט קומט אים, ווײַל ער איז דער עלטערער. אז איך האָב דערהערט, איך וועל זיך דאַרפן אַף אייביק צעשיידן מיט מײַן טאַטנס פלייט, האָט מיך שטאַרק פאַרקלעמט באַם האַרצן און איך האָב אויסגעשרײַען: — ייִדן, זײַט וויסן, אז איך גיב אַפּ דאָס גאַנצע גוטס פאַר דער איינער פלייט! און ווי איך האָב דאָס נאָר אויסגערעדט, האָט מען געמאַכט א גרויס געלעכטער, און מע האָט אָנגעהויבן טײַטן אַף מיר מיט די פינגער, נאָכלויפן נאָך מיר אין גאַס: „אָט גייט דער נאַר, וואָס האָט אָפּגעגעבן דאָס גאַנצע גוטס פאַר א פײַפל“... און פון דעמלט אָן האָט מיך כעלם געקרוינט מיטן נאָמען: „כויזעק־נאַר“... נאָר מיך אַרט עס ניט, זאָל מען מיך רופן נאַר, זאָל מען פון מיר לאַכן, אַבי איך האָב מײַן פלייט.

שפּילט. צירעלע הערט זיך אײַן. ווערט באַצויבערט.

צירעלע. אוי, איצט ווייס איך שוין. דאָס שפּילסטו יעדע נאַכט הינטער מײַן פענצטער. יעדעס מאָל, ווען דו שפּילסט, ציט מיך אזוי אין דרויסן, נאָר די מאַמע לאָזט מיך ניט, זי זאָגט, דער ווינט בלאָזט.

כויזעק. און דו האָסט געגלייבט, אז ס'איז דער ווינט?

צירעלע. יאָ, איך האָב געגלייבט און בין געווען פאַרליבט אינעם ווינט. אוי, גיי אַוועק, איך האָב מוירע, טאָמער האָסטו מיך פאַרקישעפט מיט דײַן פײַפל.

כויזעק. אויב אזוי, צירעלע, ביסטו נאָך א גרעסערע קישעפמאַכערן. האָסט מיר אָן א מעסער דאָס האַרץ צעשניטן. און אָן א פײַער אזא פלאַם אָנגעצונדן, אז אלע יאַמען אַף דער וועלט וועלן אים ניט קאָנען לעשן.

צירעלע. אוי!

כ ו י ז ע ק. וואָסי?

צ י ר ע ל ע. דוכט זיך, עמעצער רעדט. איך האָב מוירע, טאָמער איז דאָס דער טאַטע. (הערן זיך ביידע אײַן.) אוי, יאָ, מע גייט. קום אוועק. (לאָזן זיך לויפן און שטויסן זיך אָן אין דער פינצטער אף לעמעכן און ווײַזאָסאָן.)

ו ײַ ז אָ ס אָ. (אף טויט דערשראָקן.) שמאַ יִסראָעלי!.. טפו, טפו...

ל ע מ ע ך. (אויך דערשראָקן.) אדעגוי עלויהיינו!.. טפו... טפו... טפו...

ו ײַ ז אָ ס אָ. לעמעך, ווו ביסטו?

ל ע מ ע ך. איך בין דאָ, ווײַזאָסאָ, און ווו ביסטו?

ו ײַ ז אָ ס אָ. איך בין אויך דאָ. ביסט אַ מיוון, ווי זיי זײַנען דורכגעשפרונגען.

ל ע מ ע ך. דו ווייסט דען, ווער דאָס איז?

ו ײַ ז אָ ס אָ. וואָס הייסט, ווער? ניט־גוטע, באַהיט זאָל מען ווערן... טפו, טפו, טפו... אזא באַגעגעניש אינמיטן דער נאַכט, דאָס האַרץ איז מיר אַרויסגעשפרונגען... האָסט זיי ניט דער־קענט, לעמעך?

ל ע מ ע ך. און דו האָסט זיי דערקענט, ווײַזאָסאָ?

ו ײַ ז אָ ס אָ. איך האָב מוירע, אויב ס'איז ניט שלוימע־דאַוויד מיט סאַרע־ציפּען, וואָס זײַנען פאַראיאָרן דערטרונקען געוואָרן.

ל ע מ ע ך. וואָס איז דיר אײַנגעפאַלן עפּעס שלוימע־דאַוויד מיט סאַרע־ציפּען?

ו ײַ ז אָ ס אָ. פאָלג מיך, אָט דער רועך אין שוואַרצן איז שלוימע־דאַוויד, און דער רועך אין ווײַסן איז סאַרע־ציפּע.

ל ע מ ע ך. און איך וועל דיר זאָגן גאָר עפּעס אַנדערש, אַז דער רועך אין שוואַרצן, וואָלט איך געקאָנט שווערן, איז כויזעק־נאַר, און דער רועך אין ווײַסן איז צירעלע, גאַמליִעלס טאָכטער.

ו ײַ ז אָ ס אָ. גיי שוין גיי, לעבעדיקע מענטשן קאָנען דען אויך זײַן רוכעס?

ל ע מ ע ך. טאָ ווייסטו וואָס, קום וועלן מיר אָנקלאַפּן צו רעב גאַמליִעלן און וועלן אים פרעגן. אויב צירעלע איז אין דער היים, איז אַ סימען, אַז ס'איז ניט זי, און אויב זי איז ניטאָ אין דער היים, איז אַ סימען, אַז ס'איז יאָ זי.

קלאַפּן אָן צו רעב גאַמליִעלן.

ג א מ ל י ע ל. (פון יענער זײַט טיר.) ווער איז?

ל ע מ ע ך. רעב גאַמליִעל, איר זײַט אין דער היים?

ג א מ ל י ע ל. אין דער היים, אין דער היים. ווער קלאַפּט עס דאָרטן?

ל ע מ ע ך. אַ גוטן־אָוונט אײַך, רעב גאַמליִעל. סע מיר קלאַפּן. טוט, זײַט מוייכל, אַ קוק, רעב גאַמליִעל, צי אײַער צירעלע איז אין דער היים?

ג א מ ל י ע ל. ס'הייסט, ווו דען זאָל זי זײַן?

ל ע מ ע ך. טוט, זײַט מוייכל, אַ קוק, צי זי איז דאָ אין בעט, אויב זי איז ניטאָ אין בעט, איז אַ סימען, אַז ס'איז זי.

ג א מ ל י ע ל. ווער זי?

ל ע מ ע ך. אײַער צירעלע.

ג א מ ל י ע ל. אוואדע צירעלע, ווער דען אַנדערש?

ו ײַ ז אָ ס אָ. אין בעט ליגט זי?

ג א מ ל י ע ל. ווער?

ל ע מ ע ך. אײַער צירעלע.

ג א מ ל י ע ל. אוואדע אין בעט, ווו דען זאָל זי ליגן?

ל ע מ ע ך. נו, אויב זי ליגט אין בעט, איז דאָס טאַקע ניט זי.

ג א מ ל י ע ל. וואָס הייסט ניט זי? ווער דען איז עס?

ו ײַ ז אָ ס אָ. סאַרע־ציפּע.

ג א מ ל י ע ל. וואָסער סאַרע־ציפּע?

ו ײַ ז אָ ס אָ. וואָס איז פאַראיאָרן נעבעך דערטרונקען געוואָרן מיט איר שלוימע־דאַווידן.

ג א מ ל י ע ל. ווי זשע קומט סאַרע־ציפּע מיט שלוימע־דאַווידן צו צירעלען אין בעט?

ל ע מ ע ך. ווער זאָגט דען, אַז באַ צירעלען אין בעט?

ג א מ ל י ע ל. איר זאָגט דאָך.

ל ע מ ע ך. כאָלילע, מיר זאָגן, אויב אײַער צירעלע איז באַ זיך אין בעט, איז אַ סימען, אַז ס'איז טאַקע ניט זי.

ג א מ ל י ע ל. ווער דען ליגט אין בעט, אויב ניט מײַן צירעלע?

ל ע מ ע ך. פונוואַנען זאָלן מיר וויסן, ווער עס ליגט באַ אײַך אין בעט? גיט אַ קוק, וועט איר זען.

גאמליִעל. סאָרע, סאָרע, טו נאָר א קוק, ווער עס ליגט בא צירעלען אין בעט.

סאָרע. (פון יענער זײַט טיר.) אוי, א שלאק איז מיר, צירעלע איז ניטאָ, צירעלע איז אוועק, דאָס בעט איז ליידיק.

לעמעך. נו, אויב דאָס בעט איז ליידיק, איז דאָס טאקע זי מיט כויזעקן.

גאמליִעל. מיט וואָסער כויזעקן?

ווײַזאָסאָ. מיט כויזעק־נאר.

גאמליִעל. ווער? ווען? ווו? פונוואנען ווייסט איר?

ווײַזאָסאָ. זיי זײַנען ארופגעשפרונגען אף אונדז טאקע נאָר ווי די רוכעס.

גאמליִעל. וואָס הייסט מיט כויזעקן! א בראָך צו מײַנע אלטע יאָר. מײַן צירעלע מיט כויזעקן! גוואלד, סאָרע, ס'האָט אונדז געטראָפן א צאָרע, א גרויסער אומגליק. כויזעק־נאר מיט אונדזער צירעלען! רופט צונויף, ייִדן, די גאנצע שטאָט, וואָס שטייט איר? וואָס שווײַגט איר? לויפט, זוכט, ראטעוועט מײַן טאָכטער.

לעמעך און ווײַזאָסאָ אָפּ.

סאָרע. (קומט ארויס.) צירעלע, צירעלע!

גאמליִעל. דו, דו ביסט שולדיק, דו פאָטערסט דאָס קינד, דו לאָזט זי ארויס שפאצירן, אז איך שרײַ גוואלד, א ייִדישע טאָכטער טאָר ניט שפאצירן.

סאָרע. וואָסער שפאצירן? טאָמער גייט זי ארויס א ביסל כאפן פרישע לופט.

גאמליִעל. א ייִדישע טאָכטער דארף ניט קיין פרישע לופט. ווי געשריִען, גוואלד. פארפאלן בין איך, פון אלע וועלטן! אזא אומגליק! אזא אומגליק! (עס קומען זיך צונויף ייִדן מיט לאמטערנס.) גוואלד, ייִדן, ראטעוועט מיך!

רעב נוסיע. וואָס איז געשען, רעב גאמליִעל?

גאמליִעל. א גרויסער אומגליק האָט מיך געטראָפן.

רעב צאָדעק. אן אומגליק? וואָס פאר אן אומגליק?

גאמליִעל. מײַן צירעלע איז אוועק אין דער נאכט מיט כויזעקן.

רעב נוסיע. מיט כויזעקן?

רעב זוסיע. מיט דעם נאר?

רעב צאָדעק. דאָס איז דאָך אן אומגליק פאר אונדז אלעמען, פאר גאנץ כעלם. איַי, איַי.

רעב נוסיע. זעט איר שוין, רעב צאָדעק! מיר זײַנען צו ווייך געווען, צו א גרינגן פסאק האָבן מיר ארויסגעטראָגן פאר אים, דערפאר האָט אונדז דער אייבערשטער באשטראָפט.

רעב זוסיע. שאט נאָר, שאט! פונוואנען ווייסט מען, אז ס'איז כויזעק? אָט וועל איך אײַך געבן צו פארשטיין מיט סייכל, וועט איר זען, אז ס'איז טאקע ניט כויזעק.

גאמליִעל. (מיט האָפענונג.) אדעראבע, אדעראבע, רעב זוסיע!

רעב זוסיע. רעב גאמליִעלס טאָכטער, ווייסן מיר, איז א יעפּאס־טויאר, אן עוועין־טאָוו, א גוטער עסרעג אין א טײַערן שמעקנדיקן שאָלעכץ, און דער שאָלעכץ איז טאקע ער, רעב גאמליִעל, און לאָזן זיך אין דער נאכט ארײַן שפאצירן מיט גאמליִעלס טאָכטער איז א גרויסער סייכל. נאָר אזוי ווי כויזעק איז, ניט דאָ געדאכט, ניט פאר אונדז געדאכט, א נאר, איז ניט צו גלייבן, אז ס'איז ער.

גאמליִעל. אוי, לאנג לעבן זאָלט איר, רעב זוסיע, איר האָט מיר ארויפגענומען א שטיין פון הארצן.

רעב נוסיע. כאפּט זיך ניט, כאפּט זיך ניט, און לייגט דעם שטיין צוריק אפן הארצן. איך וועל אײַך באלד ברענגען א רײַע, אז ס'איז טאקע יאָ כויזעק. טאקע ווײַל רעב גאמליִעלס טאָכטער איז א יעפּאס־טויאר, אן עמעסע צירונג, א גוטער עסרעג אין א טײַערן שמעקנדיקן שאָלעכץ, און דער שאָלעכץ איז ער, רעב גאמליִעל אליין, איז א יונג פון באָד־גאס, וואָס האָט סייכל, פארשטייט, אז ער איז מיט צירעלען קיין גלײַכן ניט און האָט ניט וואָס צו גיין מיט צירעלען שפאצירן. נאָר אזוי ווי כויזעק איז, ניט דאָ געדאכט, ניט פאר אונדז געדאכט, א שוטע, איז טאקע צו גלייבן, אז ס'איז טאקע יאָ ער, אף א נאר איז אלץ צו גלייבן.

רעב צאָדעק. ווײַבאלד ס'איז אזוי, ווי איר זאָגט, איז דאָך טאקע רעב זוסיע גערעכט! אויב א יונג פון דער באָד־גאס, וואָס האָט סייכל און ווייסט, אז ער איז ניט קיין פּאָר מיט צירעלען, וואָס איז א יעפּאס־טויאר, אן עוועין־טאָוו, א גוטער עסרעג אין א טײַערן שמעקנדיקן שאָלעכץ, און דער שאָלעכץ איז ער, רעב גאמליִעל, איז צוריק אָבער ווייסט ער, אז מיט גאמליִעלס טאָכטער קאָן ער זיך זען נאָר באנאכט און ביגנייווע, אז קיינער זאָל ניט וויסן. און אזוי ווי כויזעק איז, ניט דאָ געדאכט און ניט פאר אונדז געדאכט, א נאר, איז ניט צו גלייבן, אז ער זאָל פאלן אף אזא סייכל. און פון דעם איז טאקע צו זען, אז ס'איז ניט כויזעק.

גאמליִעל. אוי, געבענטשט זאָלט איר זײַן, רעב צאַדעק, איר האָט מיר אַראָפּגענומען צוויי שטיינער פונעם הארצן.

רעב נוסיע. כאַפּט זיך ניט, כאַפּט זיך ניט, און לייגט צוריק אַרויף די שטיינער אַפן הארצן. אויב אַ יונג פון דער באָד־גאַס, וואָס איז קיין מעכוטן ניט מיט צירעלען, וועלכע איז אַ יעפּאַס־טויאַר און אַן עוּוען־טאָוו, אַ גוטער עסרעג אין אַ טײַערן שמעקנדיקן שאַלעכץ, און דער שאַלעכץ איז ער, רעב גאמליִעל, האָט ער אויך סייכל און וויסט, אַז אין כעלם שווימט דער עמעס אַרויף, ווי בוימל אַפן וואַסער, און וואָלט זיך ניט געלאָזט מיט גאמליִעלס טאָכטער אין דער נאַכט אַרײַן. נאָר אַזוי ווי כויזעק איז, ניט דאָ גערעדט, ניט פאַר אונדז גערעדט, אַ נאַר, איז צו גלייבן, אַז ס'איז טאַקע יאָ ער, הײַנט וואָס ברײַעט איר, אַז ס'איז ניט ער?

סאַרע. ברײַע אַהער, ברײַע אַהין, געפינט מיר בעסער מײַן טאָכטער.

גאמליִעל. נאַרישע ייִדענע, דו זעעסט דאָך, אַז די ייִדן ווילן דערגיין מיטן סייכל, צי ס'איז כויזעק, צי ניט כויזעק.

סאַרע. איז צו וואָס איז מען דערגאַנגען?

גאמליִעל. איז מען דערגאַנגען אַלפּי־נוסיע, אַז ס'איז כויזעק, אַלפּי־זוסיע — אַז ס'איז ניט כויזעק.

רעב נוסיע. פאַרקערט, אַלפּי־זוסיע — כויזעק.

רעב זוסיע. ניט כויזעק.

רעב נוסיע. יאָ כויזעק.

סאַרע. יאָ כויזעק, ניט כויזעק. לאָמיר זיי געפינען, וועלן מיר זען, צי ס'איז כויזעק, צי ניט כויזעק.

רעב נוסיע. וויִאַזוי וועט איר זיי געפינען אין אַזאַ פינצטערער נאַכט?

רעב זוסיע. ס'זאָל זײַן אַ לעוואָנע־נאַכט, וואָלט מען זיי געקאָנט אָפּזוכן.

רעב צאַדעק. שאַ!

אַלע. שאַ!

רעב צאַדעק. געפינען דאַרף מען זיי?

אַלע. דאַרף מען זיי.

רעב צאַדעק. און די נאַכט איז אַ פינצטערע?

אַלע. אַ פינצטערע.

רעב צאַדעק. דערום איז מײַן אייצע. ייִדן! אַזוי ווי מיר האָבן הײַנט אַ פינצטערע נאַכט און צום מוילעד איז געבליבן אַ קאַרגע וואָך, איז ווי נאָר עס וועט אויפגיין די לעוואָנע, לאָזן מיר זיך אין אַלע עקן פון שטאָט, און דער אייבערשטער וועט אונדז העלפן און מיר וועלן אָפּזוכן אײַער טאָכטער.

סאַרע. ווייִ איז מיר, אַ וואָך צײַט, זי וועט דאָך אויסגיין, כאָלילע, פאַר הונגער, ביז מיר וועלן זי געפינען.

רעב צאַדעק. איז צו דעם אויך דאָ אַן אייצע. שיקט דערווײַל צו צו אײַער צירעלען מיט בינעמען יעדן טאָג אַ קענדל וואַסער מיט אַ לעבל ברויט. זאָל זי ווי־עס־איז אופהאַלטן די נעשאָמע, און אַז מיר וועלן זי אימייִרצעהאַשעם אָפּזוכן, וועט איר זי שוין קאָנען אונטערפּילעווען ווי עס דאַרף צו זײַן.

סאַרע. וואָס הייסט שיקן בינעמען, אַז בינעם וויסט אַליין ניט, ווו זיי זײַנען.

רעב גאמליִעל. הײַנט גיי רייד מיט אַ ייִדענע!

רעב צאַדעק. אַ ייִדענע בלײַבט אַ ייִדענע!

רעב גאמליִעל. איך האָב דאָך דיך געבעטן, זאָלסט זיך ניט מישן, ווען באַלעבאַטים ריידן. דײַן זאַך איז טאָן, וואָס מע הייסט דיר. גיי בעסער, גרייט צו אַ קענדל וואַסער מיט אַ לעבל ברויט. (סאַרע אָפּ, לעמעד און ווײַזאָסאָ לויפן אַרײַן פאַרסאָפּעטע.)

לעמעד. זיי גייען!

אַלע. ווער?

ווײַזאָסאָ. צירעלע מיט כויזעקן.

רעב צאַדעק. פונוואַנען וויסט איר, אַז מיט כויזעקן?

לעמעד. כויזעק, כויזעק, מיר האָבן אַליין געזען.

רעב צאַדעק. גייט שוין, גייט. גרעסערע כאַכאָמים פון אײַך קאָנען ניט דערגיין, צי ס'איז כויזעק, צי ניין, קומט איר און שרײַט: כויזעק.

ווײַזאָסאָ. כויזעק, כויזעק!

לעמעד. מיר זאָלן אַזוי זען אַלדאָסגוטס.

ר ע ב צ אַ ד ע ק. זיי שווערן זיך נאָך, גראָבעװונגען בלײַבן גראַבעװונגען. (צו גאמליִעלן.) וואס וועט איר הערן, וואס זיי ריידן, און אוויירע די צײַט, רעב גאמליִעל. גייט בעסער, שלאָפט זיך אויס און אימיר־זעהאַשעם אין א וואָך ארום צום מוילעד וועלן מיר זיך ווידער צונויפקלײַבן אף דעם זעלבן אָרט און מיר וועלן זיך לאָזן אין אלע עקן שטאָט און וועלן אײַער טאָכטער מיט גאָטס הילף געפינען.

אלע צעגייען זיך, אויסער לעמעכן און ווײַזאָסאָן.

ל ע מ ע ך. נו?

ו ווײַ ז אָ ס אָ. וואס נו?

ל ע מ ע ך. אוי, ווײַזאָסאָ, אז מען איז א גראָבעריונג, דארף מען גאָר ניט געבוירן ווערן. דוכט זיך, מיר האָבן גוט געזען, אז ס'איז כויזעק.

ו ווײַ ז אָ ס אָ. כויזעק!

ל ע מ ע ך. לאָזט זיך אויס, אז אלפי־סייכל איז דאָס ניט כויזעק.

ו ווײַ ז אָ סאָ. ניט כויזעק?

ל ע מ ע ך. מיר זעען און זיי ניט, איז דאָס נאָך ניט גלײַך.

ו ווײַ ז אָ ס אָ. וואס ווילסטו, אף דערוף זײַנען זיי דאָך עפּעס לאָמדיי־טוירע און מיר זײַנען וואָס? פּאַשעטע באָסערוועדאָמס.

ל ע מ ע ך. פונדעסטוועגן פארשטיי איך ניט, פארוואָס האָבן מיר אזא טאָעס געהאַט. שאַ. אָט גייען זיי אהער. קום, וועלן מיר זיך באַהאלטן און וועלן אונטערהערן, ווי זיי ריידן. אויב זי וועט אים אָנרופן כויזעק, איז א סימען, אז ס'איז כויזעק. און אויב זי וועט אים ניט אָנרופן כויזעק, איז א סימען, אז ס'איז ניט כויזעק. (באַהאלטן זיך.)

כויזעק מיט צירעלען קומען ארײַן.

כ ו י ז ע ק. זעסט, צירעלע, אומזיסט האָסטו מוירע געהאַט, אלע שלאָפן.

צ י ר ע ל ע. און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אז דער טאַטע שטייט דאָ מיט א סאַך יִדן און מע שרײַט.

כ ו י ז ע ק. זעסט דאָך, צירעלע, אז ס'איז קיינער ניטאָ, נאָר איך און דו, און ווײַטער קיינער ניט.

צ י ר ע ל ע. און מיר ווײַזט זיך אויס, אז אין יעדן ווינקעלע ליגן באַהאלטן מענטשן און הערן זיך אונטער, וואס מיר ריידן.

כ ו י ז ע ק. זאָל זיך דיר ניט אויסווײַזן.

צ י ר ע ל ע. אוי, פארוואָס זײַנען מיר ניט בעסער ברודער און שוועסטער.

כ ו י ז ע ק. ביסט מיר נאָך מערער פון א שוועסטער.

צ י ר ע ל ע. אוי, ניין, ווען דו ביסט מײַן ברודער, וואָלט איך טאָג און נאכט מיט דיר ארומגעגאַנגען, איך וואָלט דיך געהאַלדזט און געקושט און קיינער, קיינער וואָלט מיר קיין וואָרט ניט געקאָנט זאָגן.

כ ו י ז ע ק. און איך וואָלט בעסער וועלן, אז ס'זאָל זיך אייביק ציִען די נאכט...

צ י ר ע ל ע. וועסט מאָרגן באַנאכט אויך שפּילן אונטער מײַנע פענצטער?

כ ו י ז ע ק. ניט נאָר מאָרגן — אלע מאָרגנס, וויפל עס וועט נאָר זײַן אף דער וועלט.

צ י ר ע ל ע. און אז איך וועל כאַסענע האָבן?

כ ו י ז ע ק. וועסט ניט כאַסענע האָבן.

צ י ר ע ל ע. פארוואָס מיינסטו?

כ ו י ז ע ק. איך וועל דיך ארויסגאַנווענען פון אונטער דער כופּע און אנטלויפן מיט דיר אין דער וועלט ארײַן, ווי מײַן טאַטע האָט געטאָן.

צ י ר ע ל ע. (לאַכט.) נו, איך וועל שוין גיין, זײַ־געזונט.

כ ו י ז ע ק. א גוטע־נאַכט, צירעלע.

צ י ר ע ל ע. א גוטע־נאַכט, כויזעק.

ל ע מ ע ך. (דערהערט דעם נאָמען כויזעק.) אהאָ! כויזעק! ס'איז ער, ווײַזאָסאָ, קום אהער, האַלט אים צו.

ו ווײַ ז אָ ס אָ. (פאַרהאַלט כויזעקן.) איך האַלט, איך האַלט.

ל ע מ ע ך. היי, יִדן, אהער!

כ ו י ז ע ק. וואס שרײַט איר, וואָס?

ל ע מ ע ך. שרײַ, שרײַ, ווײַזאָסאָ. זאָל מען זען, אז מיר ווייסן, וואָס מיר ריידן. עפּעס זײַנען מיר דאָך אויך כעלמער אף דער וועלט. היי, יִדן, אהער!

מע לויפט זיך צונויף.

י ִי ד ן. וואָס איז? וואָס איז?
ל ע מ ע ך. נו, וואָס וועט איר איצט זאָגן? כויזעק, צי ניט כויזעק?
ר ע ב צ אַ ד ע ק. גוואַלד, ייִדן, ס'איז דאָך טאַקע כויזעק.
ר ע ב ז ו ס י ע. א נאַר, א נאַר און שאַקלט זיך.
ג א מ ל י ִ ע ל. סאַרע, נעם זי צו גיכער אַהיים. (סאַרע שלעפּט אוועק צירעלען.) ייִדן, גיט מיר אַן אייצע, וואָס זאָל איך טאָן, וואָרעם טאָמער, כאַלילע, האָט ער כאַסענע פאַר מײַן צירעלען, בין איך דאָך אויסגעשטעלט.
ר ע ב צ אַ ד ע ק. ניט איר זײַט אויסגעשטעלט, גאַנץ כעלם איז אויסגעשטעלט.
ג א מ ל י ִ ע ל. וואָס זשע טוט מען?
א ל ע. וואָס זשע טוט מען?
ר ע ב צ אַ ד ע ק. (טוט זיך א פּאַטש אין שטערן.) שאַ!
א ל ע. (פּאַטשן זיך אין שטערן.) שאַ!
ר ע ב צ אַ ד ע ק. ס'איז דאָ אַן אייצע.
א ל ע. אַן אייצע.
ר ע ב צ אַ ד ע ק. צירעלע, גאַמלִיעלס טאָכטער, דאַרף מען טייקעף־אומעיאַד כאַסענע מאַכן און זען קריגן פאַר איר א כאָסן עפּעס א כעלמער פון די עמעסע כעלמער כאַכאָמים. און אים, כויזעקן, פאַר אוועקגיין מיט צירעלען אין דער נאַכט אַרײַן, אוועקשטעלן צו אָט דעם סטויפּ און זאָל ער דאָ אָפּשטיין ביז איבער דער נאַכט און מאָרגן, אימירצעהאַשעם, גאַנצפרי פירן מיר אים אָפּ קיין טיפּשעשאַק, מאַכן אים כאַסענע פאַר דער טיפּשעשאָקער אַלמאָנע און געטן אים טייקעף אָפּ. און אַז מיר וועלן אים געטן, וועט ער ניט קינדלען, און אַז ער וועט ניט קינדלען, וועט ניט זײַן קיין נאַראָנים, און אַז עס וועט ניט זײַן קיין נאַראָנים, וועט כעלם בלײַבן ווי געוועזן.
א ל ע. געבענטשט זאָל זײַן אײַער קאָפּ! אַז ווויל איז צו כעלם, וואָס פאַרמאָגט אַזאַ כאַכעם.
ר ע ב ז ו ס י ע. ניט מער...
א ל ע. ניט מער...
ר ע ב ז ו ס י ע. מיר וועלן אים אוועקשטעלן צו אָט דעם סטויפּ, קאָן ער דאָך ביז טאָג אַנטלויפן.
ר ע ב צ אַ ד ע ק. וואָר, כויזעק? זעט איר, ער וואָלט אַפילע אָף דעם סייכל ניט געפאַלן. נאָר אַזויווי איר האָט אים שוין אַרופגעפירט אָף דעם געדאַנק, דאַרף מען עפּעס צוטראַכטן. (פאַרטראַכט זיך.) שאַ!
א ל ע. שאַ!
ר ע ב צ אַ ד ע ק. אין סטויפּ איז דאָ א לאָך?
א ל ע. דאָ א לאָך.
ר ע ב צ אַ ד ע ק. א שטעקן איז אויך פאַראַן?
א ל ע. אויך פאַראַן.
ר ע ב צ אַ ד ע ק. א שטאַרקער שטעקן?
א ל ע. א שטאַרקער שטעקן.
ר ע ב צ אַ ד ע ק. טאָ זאָל ער זײַן רעכטע האַנט אַרײַנשטופּן אין דער לאָך, און זאָל מען אים אין דער האַנט געבן האַלטן דעם שטעקן, און אַז ער וועט וועלן די רעכטע האַנט צוריק אַרויסשלעפּן פון דער לאָך, וועט דער שטעקן, וואָס וועט שטעקן אין זײַן האַנט, אים ניט לאָזן די האַנט אַרויסשלעפּן פון לאָך.
א ל ע. געלויבט זאָל זײַן כעלם, וואָס איז געבענטשט מיט כאָכמע.
ר ע ב ז ו ס י ע. ניט מער...
א ל ע. ניט מער...
ר ע ב ז ו ס י ע. קאָן דאָך ווערן, כאַלילע, א שטורעמווינט, וואָס זאָל דעם סטויפּ אַרויסרײַסן מיטן וואָרצל.
ר ע ב צ אַ ד ע ק. א שטורעמווינט, זאָגט איר?
א ל ע. א שטורעמווינט.
ר ע ב צ אַ ד ע ק. נו, דאַרף מען אוועקשטעלן לעמעכן און ווײַזאָסאָ, זיי זאָלן היטן, און ווי נאָר עס וועט ווערן א שטורעמווינט, זאָלן זיי אָנהייבן בלאָזן שויפער, וועלן מיר אַלע אַרויסגיין און צוהאַלטן דעם סטויפּ.
א ל ע. געבענטשט זאָל זײַן אײַער קאָפּ.
ר ע ב צ אַ ד ע ק. ברענגט אַהער דעם נאַר. (לעמעך און ווײַזאָסאָ פירן צו כויזעקן.) נעם דײַן רעכטע האַנט און שטופּ אַרײַן אין דער לאָך און נעם אָט דעם שטעקן אין דער האַנט. האָסטו געגומען?

כ ו י ז ע ק. (פּרוּווט ארויסשלעפּן.) עס גייט ניט, רעב צאַדעק.

ר ע ב צ אַ ד ע ק. איצט זעט איר, יידן, גאָטס ניסים. איר מעגט שוין זײַן זיכער, אַז ער איז באַ אונדז אין די הענט. גייט, יידן, שלאָפן. און אימי־רצעהאשעם מאָרגן קאיאַר פירן מיר אים אָפּ צו דער טיפשעשאָקער אַלמאָנע, מאַכן אים כאַסענע, געטן אים אָפּ. וועט ניט זײַן קיין קינדער, וועט ניט זײַן קיין נאַראָנים, וועט כעלם בלײַבן כעלם לעוילאָם־וואָעד, אָמיין!

א ל ע. אָמיין!

ג אַ מ ל י ע ל. (צו סאָרען.) נו, אַ דאַנק דעם אייבערשטן, פּאָטער געוואָרן פון אַן אומגליק. מע האָט אָט דעם כויזעקן גוט באַוואָרנט.

ס אָ ר ע. וואָס הייסט באַוואָרנט?

ג אַ מ ל י ע ל. מע האָט אים צוגעקלאַפּט צום סטויפּ.

ס אָ ר ע. צוגעקלאַפּט? וויאַזוי איז?

ג אַ מ ל י ע ל. וויאַזוי, פרעגסטו? מיט סייכל. מיט סייכל האָט מען אים צוגעקלאַפּט. לאַנג לעבן זאָל טאַקע רעב צאַדעק. ער טראַכט דיר אויס אַ זאַך, איז טאַקע נאָר אַ כאַריפעס.

ק ו י ל ע ס. געבענטשט זאָל זײַן אײַער קאָפּ! אַז ווויל איז צו כעלם און צו זײַנע כאַכאָמים.

## צווייטער אקט

### בילד דרײַ

פּאַרטאַג. ווידער לעם גאַמלי׳עלס שטוב. כויזעק איז שוין באַם סטויפּ ניטאָ. לעמעך און ווײַזאָסאָ שלאָפן.

ו ו ײַ ז אָ ס אָ. (כאַפּט זיך אויף.) זע נאָר, ניטאָ כויזעק! ווו קאָן זײַן כויזעק? (וועקט לעמעכן.) לעמעך, לעמעך, שטיי אויף, כויזעק איז ניטאָ.

ל ע מ ע ך. וואָס הייסט ניטאָ? ער שטייט דאָך באַם סטויפּ?

ו ו ײַ ז אָ ס אָ. איז ער ניטאָ.

ל ע מ ע ך. ווער איז ניטאָ? דער סטויפּ?

ו ו ײַ ז אָ ס אָ. ניין, כויזעק.

ל ע מ ע ך. ווי קאָן עס זײַן, שויטע? מע האָט דאָך אים געגעבן האַלטן דעם שטעקן.

ו ו ײַ ז אָ ס אָ. ניטאָ, זאָג איך דיר.

ל ע מ ע ך. ווער איז ניטאָ? דער שטעקן?

ו ו ײַ ז אָ ס אָ. ניין, כויזעק.

ל ע מ ע ך. האָסט זיך נאָך מיסטאָם ניט אויסגעשלאָפן, ווײַזאָסאָ.

ו ו ײַ ז אָ ס אָ. גיב אַ קוק, וועסטו זען.

ל ע מ ע ך. וואָס האָב איך וואָס צו קוקן, וויבאַלד דער סטויפּ... (קוקט זיך אַרום.) זע נאָר, ער איז טאַקע ניטאָ. ווו קאָן ער זײַן, ווײַזאָסאָ?

ו ו ײַ ז אָ ס אָ. פונוואַנען זאָל איך וויסן?

ל ע מ ע ך. גיכער קום צו רעב צאַדעקן און לאָמיר אים דערציילן. (ביידע אָפּ.)

גאַמלי׳על מיט בינעמען.

ג אַ מ ל י ע ל. בינעם! בינעם! קום נאָר אַהער!

ב י נ ע ם. איך בין בינעם. וואָס מע הייסט מיר, פאָלג איך; וווּהין מע שיקט מיך, גיי איך; וווּהין מע רופט מיך, קום איך; וואָס מע זאָגט מיר, גלייב איך. אָט אַזאַ מין בין איך.

ג אַ מ ל י ע ל. נאַ, בינעם, גיי לויט דעם צעטל פון שטוב צו שטוב און זאָג, אַז איך, גאַמלי׳על, פאַרבעט צו זיך אַף דער כאַסענע פון מײַן טאָכטער צירעלע מיט דעם דראַזשנער ראָווס אַן אייניקל. (בינעם לאָזט זיך גיין.) קום אַהער, ביסט דאָך אַ פירגילדנדיקער מעשאָרעס, זאָלסטו זיך ניט פאַרהאַלטן אין יעדער שטוב אַף צען יאָר. מע קאָן דאָך דיך אָנהייבן פרעגן — ווער? וואָס? וועמען? און דו וועסט זיך שטעלן ענטפערן, וועסטו נאָך אַזוי פאַרשפּעטיקן צו מאַ־שי׳עכס קומען... גיכער, ס׳איז נאָך דאָ אַ וועלט מיט אַרבעט. (אָפּ.)

ב י נ ע ם. גיכער איז גיכער, מע הייסט זיך ניט פאַרהאַלטן, איז ניט פאַרהאַלטן. (גייט צו צו אַ טיר, קלאַפּט.)

פ ו ן ט י ר. ווער איז?

ב י נ ע ם. ס׳איז איך, בינעם, דער פירגילדנדיקער מעשאָרעס. וואָס מע הייסט מיר, פאָלג איך; וווּהין מע שיקט מיך, גיי איך; וווּהין מע רופט מיך, קום איך; וואָס מ׳זאָגט מיר, גלייב איך. אָט אַזאַ מין בין איך.

פון טיר. וואָס ווילט איר?
בינעם. וואָס מע גיט מיר, וויל איך.
פון טיר. וואָס דאַרפט איר?
בינעם. וואָס איך האָב ניט, דאַרף איך.
פון טיר. וואָס קלאַפּט איר?
בינעם. מע האָט מיר געהייסן קלאַפּן, קלאַפּ איך.
פון טיר. ווער האָט אײַך געהייסן?
בינעם. רעב גאַמליִעל האָט געהייסן, פאָלג איך.
פון טיר. וואָס וויל ער?
בינעם. איר זײַט בא אים פאַראַן אין צעטל. א גוטן־טאָג. איך האָב קיין צײַט ניט. (לאָזט זיך גיין.)
פון טיר. וואָסער צעטל?
בינעם. איך זאָג דאָך אײַך א גוטן־טאָג, איך האָב קיין צײַט ניט.
פון טיר. קומט נאָר אַהער, אָבער וואָס פאַר א צעטל?
בינעם. איר זײַט ניט איינער בא אים אין צעטל, איך האָב נאָך א גאַנצע שטאָט אָף צו פאַרבעטן. א גוטן־טאָג. איך האָב קיין צײַט ניט.
פון טיר. וואַרט, בינעם, וווּהין פאַרבעטן?
בינעם. אַז איך וועל זיך אָנהייבן אָפּשטעלן בא יעדער טיר, און מע וועט מיך נאָך אָנהייבן פרעגן — ווער? וואָס? ווּעמען? און איך וועל זיך אוועקשטעלן אומעטום ענטפערן, וועל איך אַזוי פאַרשפּעטיקן צו מאָשיִעכס קומען. א גוטן־טאָג, איך האָב קיין צײַט ניט. (קלאַפּט אין א צווייטער טיר.)
פון 2־טער טיר. ווער איז?
בינעם. איך, בינעם, דער פּירגילדנדיקער מעשאָרעס. וואָס מע הייסט מיר, פאָלג איך; וווּהין מע שיקט מיך, גיי איך; וווּהין מע רופט מיך, קום איך; וואָס מע זאָגט מיר, גלייב איך. אָט אַזאַ מין בין איך. א גוטן־טאָג, איך האָב קיין צײַט ניט. (לאָזט זיך גיין.)
פון 2־טער טיר. וואָס האָט איר געוואָלט?
בינעם. אַז איך וועל זיך אָנהייבן אָפּשטעלן בא יעדער טיר און אומעטום וועט מען מיך אָנהייבן פרעגן — ווער? וואָס? ווּעמען? און איך וועל זיך אוועקשטעלן ענטפערן, וועל איך אַזוי פאַרשפּעטיקן צו מאָשיִעכס קומען. א גוטן־טאָג, איך האָב קיין צײַט ניט. (לאָזט זיך גיין. קלאַפּט אין א דריטער טיר.)
פון 3־טער טיר. ווער איז?
בינעם. א גוטן־טאָג, איך האָב קיין צײַט ניט. (מע הערט, ווי ער קלאַפּט פון טיר צו טיר און אומעטום זאָגט ער: א גוטן־טאָג, איך האָב קיין צײַט ניט.)

סילויפן זיך צונויף די ייִדן.

רעב צאָדעק. וואָס הייסט, כּויזעק איז ניטאָ? ווי קאָן דאָס זײַן אין דער וועלט?
ווײַזאָסאָ. גיט א קוק, רעב צאָדעק, מיט אײַערע אויגן.
רעב צאָדעק. וואָס האָב איך וואָס צו קוקן, איך פאַרשפּאָר גאָר קוקן, איך ווייס, עס קאָן ניט זײַן.
לעמעך. עס קאָן טאַקע ניט זײַן, רעב צאָדעק, אָבער ער איז פאָרט אַנטלאָפן.
רעב צאָדעק. וואָס הייסט, אַנטלאָפן? וויִאַזוי איז ער עס אַנטלאָפן? און דער שטעקן איז א הונט?
לעמעך. הערט, רעב צאָדעק, עס קאָן טאַקע זײַן, וואָרעם איך וואָלט געמעגט שווערן, אַז איך האָב געהערט באַנאַכט עמעצן האווקען, עמעס, ווײַזאָסאָ?
ווײַזאָסאָ. איך זאָל אַזוי הערן שויפער שעל מאָשיִעך, ווי איך האָב געהערט דעם שטעקן האווקען.
רעב צאָדעק. ייִדן, וואָס זשע שטייען מיר, מע דאַרף דעם נאַר אָפּזוכן אונטער דער ערד. קוקט, עפּשער האָט ער זיך ערגעץ באַהאַלטן. (מע זוכט. רעב צאָדעק קוקט אין דער לאָך.)
רעב נוסיע. ווו זוכט איר אים, רעב צאָדעק, אַהער וועט ער ניט אַרײַן, ער איז דאָך צען מאָל גרעסער.
רעב צאָדעק. ער ווייסט א סאַך, דער נאַר, וואָס איז גרעסער, וואָס איז קלענער, איר שפּילט זיך מיט אים? ער קאָן אַרײַן אין א שפּילקע־קעפּל. ייִדן, שטייט ניט, לאָמיר אים אָפּזוכן, אַניט זײַנען מיר פאַרפאַלן.

יידן לאָזן זיך מיט אָנגעצונדענע ליכט זוכן כויזעקן און זינגען:

אוי, א גרויסער אומגליק,
אוי, א גרויסער צאר,
כעלם איז פארבליבן
נעבעך אָן א נאר.
טאָמער וועט אוועק
א שעם אף גאָר דער ערד,
כעלם האָט קיין נאר ניט —
וואָס איז אונדזער ווערט?
אוי, א גרויסער אומגליק,
אוי, א גרויסער צאר,
כעלם איז פארבליבן
נעבעך אָן א נאר.
ווער וואָלט גאָר געגלייבט זיך,
ווער וואָלט זיך געריכט,
אין כעלם זאָל מען זוכן
א כעלמער מיט ליכט.
אוי, א גרויסער אומגליק,
אוי, א גרויסער צאר,
כעלם איז פארבליבן
נעבעך אָן א נאר.

אלע אָפּ. אופטריט בינעם.

ב י נ ע ם. איך בין בינעם. וואָס מע הייסט מיר, פאָלג איך; וווהין מע שיקט מיך, גיי איך; וווהין מע רופט מיך, קום איך; וואָס מע זאָגט מיר, גלייב איך. אָט אזא מין בין איך.

כ ו י ז ע ק. (קומט אריַין.) בינעם, קום נאָר אהער, וווהין גייסטו?

ב י נ ע ם. מע האָט מיך געשיקט, גיי איך.

כ ו י ז ע ק. ווער האָט דיך געשיקט?

ב י נ ע ם. אז מע וועט מיך אָנהייבן פרעגן — ווער? וואָס? ווען? ווּעמען? און איך וועל זיך אוועק־שטעלן ענטפערן, וועל איך נאָך פארשפעטיקן צו מאַשיִעכס קומען. איך האָב קיין צײַט ניט זיך אָפּשטעלן מיט די, וואָס זיַינען אין צעטל, וועל איך זיך נאָך אוועקשטעלן ריידן מיט די, וואָס זיַינען ניט פאראן אין צעטל?

כ ו י ז ע ק. וואָסער צעטל, בינעם?

ב י נ ע ם. ווי געפעלט ער איַיך, זאָל איך אים נאָך זאָגן, וואָס פאר א צעטל. עפשער וואָלט איך אוועקגעוואָרפן די גאנצע ארבעט און וואָלט זיך אוועקגעשטעלט מיט דיר ריידן אף א שאַ, דיר דערציילן, אז גאמליִעל האָט א טאָכטער, איז זי שיין, ווי די וועלט, מאכט ער זי כאסענע פאר דעם דראזשנער ראָווס אן אייניקל און אף שאבעס איז אָפּגעשטעלט די כאסענע, און דאָס האָט מען מיך געשיקט צונויפרופן אף דער כאסענע... א שיינע כאסענע. א גוטן־טאָג, איך האָב קיין צײַט ניט.

כ ו י ז ע ק. ווארט נאָר, ווארט, בינעם, קום נאָר אהער, בינעם, ווילסט פארדינען פיר גילדן?

ב י נ ע ם. פארדינען, איז פארדינען.

כ ו י ז ע ק. איז פאָלג מיך א גאנג.

ב י נ ע ם. פאָלגן א גאנג, איז פאָלגן א גאנג.

כ ו י ז ע ק. נאָר גיב מיר דאָס וואָרט, אז דו וועסט קיינעם דערפון ניט דערציילן.

ב י נ ע ם. ניט דערציילן, איז ניט דערציילן.

כ ו י ז ע ק. געדענק, אז ס'איז א סאָד.

ב י נ ע ם. א סאָד, איז א סאָד.

כ ו י ז ע ק. גיב איבער צירעלען, אז איך וואַרט אף איר היַינט באנאכט בא דער אלטער מיל.

ב י נ ע ם. לעם דער אלטער מיל, איז לעם דער אלטער מיל.

כ ו י ז ע ק. געדענק זשע, יאָ?

גיט אים פיר גילדן. אָפּ.

ב י נ ע ם. (ציילט דאָס געלט.) איך בין בינעם. וואָס מע הייסט מיר, פאָלג איך; וווהין מע שיקט מיך, גיי איך; וווהין מע רופט מיך, קום איך; אז מע זאָגט מיר, גלייב איך; אז מע גיט מיר, נעם איך. א גוטן־טאָג. איך האָב קיין צײַט ניט. (גייט אריַין צו גאמליִעלן אין שטוב.)

ס'קומען אריַין די יידן און זוכן כויזעקן מיט ליכט.

ר ע ב צ אָ ד ע ק. נו, ניטאָ?

א ל ע. ניטאָ.

ר ע ב צ אָ ד ע ק. גוואַלד, יידן, וואָס טוען מיר! גוט, אויב ער איז ערגעץ באהאלטן, נאָר טאָמער, כאָלילע, איז ער אוועק אין אן אנדער שטאָט, ווו זשע וועלן מיר אים געפינען?

ר ע ב נ ו ס י ע. שאט נאָר, רעב צאָדעק, עפשער וואָלט געווען א סוואַרע, מיר זאָלן צע־שיקן מוידאָעס איבער גאָר דער וועלט, העיוים אזוויי אין כעלם איז פארפאלן געוואָרן א נאר, בעטן מיר, ווו מע וועט באגעגענען א נאר, זאָל מען וויסן, אז ס'איז א כעלמער, און מע זאָל אונדז אָפּשיקן אונדזער נאר.

ר ע ב ז ו ס י ע. איַי, גייט שוין, גייט, רעב נוסיע, איר האָט פארגעסן, וויַיזט אויס, אז דאָס

איז נאָר אין כעלם א נאר א יעקאר־האמציִעס, אָבער אף דער וועלט איז באַרעכהאשעם נאראָנים פאראן גענוג.

ר ע ב  נ ו ס י ע. ווער דארף האָבן זייערע נאראָנים? מיר ריידן דאָך וועגן אונדזער נאר. וועגן כויזעקן.

ר ע ב  ז ו ס י ע. וויִאזוי וועט מען וויסן, אז ס'איז אונדזער נאר? עס שטייט בא אים אָנגע־שריבן אפן שטערן, אז ס'איז כויזעק? צי איר האָט אף אים א סימען?

ר ע ב  צ אָ ד ע ק. שאט נאָר, שאט! פארוואָס זאָלן מיר ניט מאכן אף אים עפּעס א סימען?

ר ע ב  נ ו ס י ע. וויִאזוי זשע וועט איר מאכן אף אים א סימען, אז ער איז ניטאָ?

ר ע ב  צ אָ ד ע ק. דארף מען אים געפינען און מאכן אף אים א סימען.

ר ע ב  נ ו ס י ע. דער בעסטער סימען וואָלט געווען ארומבינדן אים מיט א גרינעם גארטל.

ר ע ב  ז ו ס י ע. אויב שוין יאָ א גארטל, איז פארוואָס עפּעס א גרינער און ניט קיין געלער?

ר ע ב  נ ו ס י ע. וואָס איז דער סייכל פון א געלן גארטל?

ר ע ב  ז ו ס י ע. און וואָס איז דער סייכל פון א גרינעם גארטל?

ר ע ב  נ ו ס י ע. דער אייגענער סייכל, וואָס אין א געלן, און נאָך עפּשער מערער.

ק ו י ל ע ס. רעב נוסיע איז גערעכט!

— רעב זוסיע איז גערעכט!

— א גרינער גארטל!

— א געלער גארטל!

ר ע ב  צ אָ ד ע ק. שאט, יידן, וואָס קריגט איר זיך. לאָמיר נאָכאמאָל אויסהערן די צדאָדים, וועלן מיר זען, ווער ס'איז גערעכט. רעדט, רעב נוסיע.

ר ע ב  ז ו ס י ע. פארוואָס עפּעס רעב נוסיע דער ערשטער?

ר ע ב  נ ו ס י ע. פארוואָס עפּעס רעב זוסיע דער ערשטער?

— זאָל רעב נוסיע ריידן!

— זאָל רעב זוסיע ריידן!

ר ע ב  צ אָ ד ע ק. שאט, יידן, קריגט זיך ניט. אזויווי די קאשע איז א הארבע קאשע און אף איין פוס וועלן מיר אף איר קיין טערעץ ניט קריגן, דעריבער איז מײַן אייצע, מע זאָל צונויפ־רופן אן אסיפע אף זיבן טעג מיט זיבן נעכט, וועלן מיר דעמלט וויסן, ווער ס'איז גערעכט.

א ל ע. געבענטשט זאָל זײַן אײַער קאָפּ. געלויבט איז כעלם, וואָס האָט אזא כאָכעם.

ר ע ב  צ אָ ד ע ק. קומט, יידן, אף דער אסיפע.

ב י נ ע ם. (קוקט ארויס פון טיר.) איך בין בינעם. וואָס מע הייסט מיר, פאָלג איך; וואָס מע זאָגט מיר, טו איך. אָט אזא מין בין איך.

ס אָ ר ע. (קומט אָן.) פונוואַנען גייסטו דאָס?

ב י נ ע ם. ווּהין מע האָט מיך געשיקט, פונדאַנען גיי איך.

ס אָ ר ע. ווער האָט דיך געשיקט?

ב י נ ע ם. דער, וואָס האָט געהייסן, דער האָט געשיקט.

ס אָ ר ע. וואָס ט'מען דיר געהייסן?

ב י נ ע ם. מ'האָט געהייסן ניט דערציילן, וועל איך ניט דערציילן.

ס אָ ר ע. וואָס ניט דערציילן?

ב י נ ע ם. מ'האָט מיר געזאָגט א סאָד, איז א סאָד.

ס אָ ר ע. וואָס פאר א סאָד?

ב י נ ע ם. מ'האָט מיר באצאָלט פארן סאָד, האָב איך גענומען פארן סאָד.

ס אָ ר ע. נא דיר צוויי גילדן און דערצייל מיר דעם סאָד.

ב י נ ע ם. פאר צוויי גילדן קאָן איך אײַך דערציילן נאָר א האלבן סאָד.

ס אָ ר ע. פארוואָס א האלבן?

ב י נ ע ם. ווײַל דער גאנצער סאָד קאָסט פיר גילדן.

ס אָ ר ע. דערצייל א האלבן.

ב י נ ע ם. (רעכנט אף די פינגער).

ס אָ ר ע. נו, דערצייל, וואָס כעזשבנסטו?

ב י נ ע ם. איך וויס ניט, וועלכע האלב זאָל איך אײַך דערציילן. צי זאָל איך אײַך דערציילן די ערשטע האלב, אז ער וועט זײַן לעם דער אלטער מיל, צי זאָל איך אײַך דערציילן די צווייטע האלב, אז זי זאָל צו אים ארויסקומען.

ס אָ ר ע. וואָסער ער, וואָסער זי? דערצייל שוין, לאָמיר הערן.

ב י נ ע ם. וועל איך אײַך דערציילן א שטיקל פון דער ערשטער האלב און א שטיקל פון דער צווייטער האלב.

ס אַ ר ע. און עק שוין, לאָמיר הערן.

ב י נ ע ם. ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט... און געבעטן, איך זאָל איר איבערגעבן, זי זאָל...

ס אַ ר ע. וואָס וועט? וואָס זאָל? וואָס רעדסטו מיט האַלבע ווערטער.

ב י נ ע ם. וואָדען, פאַר צוויי גילדן ווילט איר גאַנצע ווערטער?

ס אַ ר ע. נאַ דיר נאָך צוויי גילדן און און עק זאָל עס האָבן.

ב י נ ע ם. אָ, איצטער קאָן איך אײַך זאָגן דעם גאַנצן סאָד. כויזעק האָט געזאָגט, אַז הײַנט אַפּדערנאַכט וועט ער זײַן בא דער אַלטער מיל, און געבעטן אײַער צירעלען, זי זאָל צו אים אַרויסקומען, צו דער אַלטער מיל.

ס אַ ר ע. וואָס הער איך? בא דער אַלטער מיל? הײַנט באַנאַכט, כויזעק? מע זוכט דאָך אים מיט ליכט.

ב י נ ע ם. (ציילט דאָס געלט.) מע הייסט מיר גיין, גיי איך; מע הייסט מיר לויפן, לויף איך; מע הייסט מיר פליען, פלי איך. ווײַל איך בין בינעם — וואָס מע הייסט מיר, פאַלג איך; ווּהין מע רופט מיך, קום איך; ווּהין מע שיקט מיך, גיי איך; וואָס מע זאָגט מיר, גלייב איך; אַז מע גיט מיר, נעם איך. אָט אַזאַ מין בין איך. (לייגט אַרײַן דאָס געלט.) אַ גוטן־טאָג, איך האָב קיין צײַט ניט.

# בילד פיר

בא דער אַלטער מיל.

ווײַ זאַ ס אַ. נו, לעמעך, דערצייל ווײַטער, וואָס איז געווען?

ל ע מ ע ך. איז ווו האָב איך זיך אָפּגעשטעלט?

ווײַ זאַ ס אַ. באַם זיצן.

ל ע מ ע ך. יאָ. זיצט מען אַזוי אַלץ און מע קלערט און מע קאָן אַלץ ניט צוקלערן.

ווײַ זאַ ס אַ. מע קאָן ניט.

ל ע מ ע ך. מע קאָן ניט. דערבײַ דאַרפסטו וויסן, אַז ס'האָבן זיך צונויפגעקליבן ניט אַבי־ווער, ניט איך מיט דיר, ס'האָבן זיך צונויפגעקליבן די גרעסטע לאָמדים, כאַכאָמים, קעפּ!

ווײַ זאַ ס אַ. און אַלץ איבער דעם גרינעם גאַרטל. וואָס איז דער כילעק, פאַרשטיי איך ניט.

ל ע מ ע ך. אָ, בא דיר איז עס קיין כילעק ניט. אַז אַזוינע מענטשן ברעכן זיך דעם קאָפּ, איז מיסטאָמע ניט אומזיסט, מיסטאָמע איז שוין דאָ גאָר אַ גרויסע נאַפּקעמינע.

ווײַ זאַ ס אַ. נו, נו, איז וואָס איז געווען ווײַטער?

ל ע מ ע ך. יאָ, איז ווו זשע האָב איך זיך אָפּגעשטעלט?

ווײַ זאַ ס אַ. באַם מיסטאָמע איז...

ל ע מ ע ך. יאָ, זיצט מען אַזוי פאַרקלערט אין די טיפע געדאַנקען און פלוצלינג עפנט זיך אויף די טיר און ס'קומט אַרײַן רעב גאַמליעל און דערציילט דער אַסיפע, אַז כויזעק איז דאָ, און ער דאַרף זײַן הײַנט באַנאַכט בא דער אַלטער מיל. און ווי ער האָט עס אויסגערעדט, איז געוואָרן אַ גרויסע סימכע, אַ געדולע, און ס'איז געבליבן, מע זאָל פאָרן נאָך דער טיפּשעשאָקער אַלמאָנע, ברענגען זי צו פירן מיט קלעזמער, מיט כופּע־שטעקנס צו דער אַלטער מיל, און טאַקע דאָ, בא דער אַלטער מיל, אים כאַסענע מאַכן מיט דער טיפּשעשאָקער אַלמאָנע. אָט דאָס האָט מען אונדז געשיקט אַהער — אַרויסקוקן אָף כויזעקן. ווי נאָר ער וועט קומען, זאָלן מיר אים פאַרהאַלטן און צו וויסן געבן, וועט מען טאַקע דאָ, בא דער אַלטער מיל, אָפּראַווען די כאַסענע און אַזויאַרום פּאַטער ווערן פון אַלע צאָרעס.

ווײַ זאַ ס אַ. גיב נאָר אַ קוק, לעמעך, ס'איז ניט כויזעק?

ל ע מ ע ך. יאָ, ס'איז ער. לאָמיר זיך באַהאַלטן. אַז ער וועט צוגיין אַהער, וועלן מיר אים פאַרהאַלטן. (באַהאַלטן זיך.)

כ ו י ז ע ק. (קומט אָן, קוקט זיך אַרום אָף אַלע זײַטן. לעמעך און ווײַזאַסאָ וואַרפן זיך אָן אָף אים.) ווּהין פירט איר מיך?

ל ע מ ע ך. צו דער כופּע.

כ ו י ז ע ק. צו וואָסער כופּע?

ל ע מ ע ך. צו דײַן כופּע.

כ ו י ז ע ק. מיט וועמען?

ל ע מ ע ך. מיט דער טיפּשעשאָקער אַלמאָנע. ווײַזאַסאָ, בלאָז. (ווײַזאַסאָ בלאָזט טקיע, ס'קומען אַרײַן ייִדן מיט טענץ און געזאַנגען, מע פירט אַרײַן די טיפּשעשאָקער אַלמאָנע, מע באַזעצט זי, מע שטעלט אַוועק די כופּע־שטעקנס. מע פירט צו די קאַלע, נאָכדעם כויזעקן.)

ר ע ב צ אַ ד ע ק. הער אויס, כויזעק, קאָהאַל האָט אַרויסגעטראָגן דעם פּסאַק, זאָלסט

טייקעף־אומעיאד כאסענע האָבן פאר דער טיפּשעשאַקער אלמאָנע. נא דיר דאָס פינגערל, טו אָן און זײַ זי מעקאַדעש.

כ ו י ז ע ק. מעקאַדעש זײַן? (לאַכט.)

ר ע ב צ אַ ד ע ק. וואָס זשע לאַכסטו, שויטע, דער נאַר שטופּט דיך?

כ ו י ז ע ק. איין נאַר וואָלט נאָך געוווען צו דערלײַדן, רעב צאַדעק, מיך שטופּט די גאַנצע שטאָט.

ר ע ב צ אַ ד ע ק. דערעכערעץ, דו! גענוג ביסט א נאַר, ביסטו נאָך אן אזועספּאַנעם. קאָהאָל הייסט מעקאַדעש זײַן, איז מעקאַדעש זײַן.

כ ו י ז ע ק. און אויב איך וויל ניט?

ר ע ב צ אַ ד ע ק. וואָס הייסט, דו ווילסט ניט? אום גאָטעס ווילן, וואָס דען ווילסטו? איבער דיר זאָל אומקומען אזא שטאָט, אזא כעלם, וואָס איז בארימט פון שיישעס־יעמיי־בערייִשיס פאר א שטאָט פון כאַכאָמים? מיילע, קיין קאָפּ האָסטו ניט, אָבער א האַרץ האָסטו דאָך, זאָלסט ניט ראַכמאָנעס האָבן אף אזא שטאָט?

כ ו י ז ע ק. נו, גוט. איר ווילט, איך זאָל כאַסענע האָבן פאר דער טיפּשעשאַקער אלמאָנע, קאָן איך פאר איר כאַסענע האָבן, אָבער מיט איין טנײַ.

ר ע ב צ אַ ד ע ק. וואָסער א טנײַ?

כ ו י ז ע ק. איך וויל, אז דעם גרעסטן כיילעק לעקעך זאָל מען מיר געבן.

ר ע ב צ אַ ד ע ק. אוי, דו, נאַר, אָט דאָס איז גאָר? מיר וועלן דיר געבן ניט נאָר דעם גרעסטן כיילעק, נאָר מיר זאָגן דיר צו א גאַנצן לעקעך.

כ ו י ז ע ק. א גאַנצן לעקעך! נו, אויב אזוי, האָב איך כאַסענע.

ר ע ב צ אַ ד ע ק. אָט אזוי ביסטו א מענטש. נעם דאָס פינגערל, טו אָן און זאָג: הארײַ אַט...

כ ו י ז ע ק. נאָר מיט א טנײַ.

ר ע ב צ אַ ד ע ק. וואָס פאר א טנײַ?

כ ו י ז ע ק. איך וויל, מע זאָל מיר אופנייען א נײַ היטל.

ר ע ב צ אַ ד ע ק. אוי, שויטע, ניט נאָר א היטל, איך זאָג דיר צו, אז מיר וועלן דיר אופנייען א זײַדענע קאַפּאָטע.

כ ו י ז ע ק. א זײַדענע קאַפּאָטע! וויבאַלד אזוי, האָב איך כאַסענע.

ר ע ב צ אַ ד ע ק. טאָ זאָג נאָך מיר: הארײַ אַט...

כ ו י ז ע ק. הארײַ אַט... שאַט, איך וויל נאָך עפּעס.

ר ע ב צ אַ ד ע ק. נו, וואָס ווילסטו נאָך עפּעס?

כ ו י ז ע ק. איך וויל, איר זאָלט מיר לאָזן זיך אויספּײַפן אף מײַן פײַפל פאר דער כופּע.

ר ע ב צ אַ ד ע ק. אָט דאָס איז גאָר? ניט נאָר פאר דער כופּע, מיר וועלן דיך לאָזן זיך אויספּײַפן נאָך דער כופּע אויך. נו, פײַף זיך אויס.

כויזעק־נאַר פײַפט.

ר ע ב צ אַ ד ע ק. איצטער זאָג: הארײַ אַט...

כ ו י ז ע ק. הארײַ אַט... איך וויל נאָך עפּעס.

ר ע ב צ אַ ד ע ק. נאָך עפּעס! נו, וואָס ווילסטו נאָך עפּעס?

כ ו י ז ע ק. איך וויל צען טויזנט רענדלעך נאַדן.

כעלם ווערט געפּלעפּט.

ר ע ב צ אַ ד ע ק. (שטאַמלט.) ביסט פון זינען? וויפל האָסטו געזאָגט?

כ ו י ז ע ק. (קאַלטבלוטיק.) צען טויזנט רענדלעך.

ר ע ב צ אַ ד ע ק. וואָס הייסט, צען טויזנט? מער האָט דיר שוין דײַן נארישער קאָפּ ניט פארטראָגן צו זאָגן? באַ וועמען ווילסטו דאָס צען טויזנט רענדלעך, בא אן אָרעמער אלמאָנע מיט צען פיצלעך קינדער?

כ ו י ז ע ק. (קאַלטבלוטיק.) ניט מײַן אייסעק, כעלם וויל, איך זאָל כאַסענע האָבן, זאָל כעלם מיר געבן נאַדן.

ר ע ב צ אַ ד ע ק. וויפל?

כ ו י ז ע ק. צען טויזנט רענדלעך.

ר ע ב צ אַ ד ע ק. ווייסט דען ניט, אז ווען גאַנץ כעלם זאָל זיך צונויפלייגן און פארקויפן פון זיך דאָס לעצטע, ווייס איך אויך ניט, צי ס׳וועט זיך צונויפנעמען א טויזנטער.

כ ו י ז ע ק. מיילע, זאָל מײַנס איבערגיין. ס׳איז נאָר צוליב אײַך, רעב צאַדעק. איר זאָגט א טויזנטער, זאָל זײַן א טויזנטער.

רעב צאַדעק. ייִדן, וואָס זאָגט איר צו אים? ווילסט, אַז צוליב דיר זאָל אַ שטאָט גיין איבער די הײַזער.

כויזעק. טויזנט רענדלעך.

רעב צאַדעק. צען רענדלעך קאָן מען דיר געבן.

כויזעק. טויזנט.

רעב צאַדעק. פופצן!

כויזעק. טויזנט!

רעב צאַדעק. שאַ, אַכצן רענדלעך, כײַ!

כויזעק. רעב צאַדעק, איר פאַרשפּאַרט זיך אַפילו דינגען. איך ווייס ניט, ווען איר זאָלט זײַן אַף מײַן אָרט און איר וואָלט געוועזן דער נאַר און איר וואָלט באַדאַרפט ראַטעווען אַ שטאָט, צי וואָלט איר געמען ווייניקער. ס׳איז אײַער גליק, וואָס איר האָט אָנגעטראָפן אַף מיר. אַן אַנדערער וואָלט אײַך אַרײַנגעהאַקט טאַק מאָל טאַק טויזנט רענדלעך נאָדן.

רעב צאַדעק. נו, וואָס טוט מען, ייִדן? מע וועט אים מוזן געבן, עס וועט גאָרניט העלפן.

א טומל.

— וואָס הייסט, געבן? — העפקער אַ וועלט? — כאַרעוו מאַכן אַ שטאָט? — גיין איבער די הײַזער? — אַ קלייניקײַט: טויזנט רענדלעך! — ניט געבן! ניט געבן!

רעב זוסיע. וואָס הייסט, ניט געבן, וואָס זשע ווילט איר, אַז כעלם זאָל ווערן אַ שטאָט פון נאַראָנים?

רעב נוסיע. און אַז כעלם וועט ווערן אַ שטאָט פון קאַבצאָנים איז בעסער?

רעב זוסיע. אַ נאַר איז ערגער פון אַ קאַבצן.

רעב נוסיע. אַ קאַבצן איז ערגער פון אַ נאַר.

— גערעכט, רעב זוסיע!

— גערעכט, רעב נוסיע!

רעב צאַדעק. שאַט, ייִדן!

אלע. שאַט!

רעב צאַדעק. ס׳איז דאָ אַן אייצע.

אלע. אַן אייצע!

רעב צאַדעק. אַזוי ווי כעלם שטייט נעבעך אין אַ גרויסער סאַקאָנע.

אלע. סאַקאָנע.

רעב צאַדעק. געבן די טויזנט רענדלעך, וועט כעלם ווערן כאָלילע אַ שטאָט פון גאָלע קאַבצאָנים.

אלע. קאַבצאָנים!

רעב צאַדעק. ניט געבן די טויזנט רענדלעך, וועט כעלם ווערן אַ שטאָט פון נאַראָנים.

אלע. נאַראָנים!

רעב צאַדעק. און אַזוי ווי רעב מאָרדכעלע האָט, קיין אײַנהאָרע, אַ שאַרפן מויעך און איז דער גרויסער קאָפּ-מענטש.

אלע. קאָפּ-מענטש.

רעב צאַדעק. דערום איז מײַן אייצע, ייִדן! אַזוי ווי די כאַסענע גייט, זאָל זי גיין, זײַט דערווײַל מעסאַמייעך כאָסן-קאַלע, זינגט, טאַנצט, און מיר וועלן זיך גיין אָן אייצע האַלטן מיט רעב מאָרדכעלען, און אַזוי ווי ער וועט אונדז זאָגן, אַזוי וועלן מיר טאָן.

אלע. געבענטשט זאָל זײַן אײַער קאָפּ! אַז וויל איז צו כעלם און צו אירע כאַכאָמים!

מעכוטאָנים גייען אַ טאַנץ, די שטאָט-באַלעבאַטים מיט די שטעקנס אין די הענט לאָזן זיך צו רעב מאָרדכעלען.

# דריטער אקט

## בילד פינף

באַ רעב מאָרדכעלען.

סאָסיע. (בראָקט לאָקשן.) סאָסיע, זאָגט ער צו מיר, מײַן מאָרדכע, ס׳איז באַ מיר הײַנט אַ סיִעם, וויל איך פּראַווען אַ קידעש. פאַרוואָס ניט? בין איך געגאַנגען און געקויפט צווײ געגנדז, געמאַכט צווײ אָבדעריקעס, וועט זײַן שמאַלץ, גריוון, געגנדזנס. און דערצו דאַרף מען דאָך אַ יויך מיט לאָקשן, האָב איך גענומען אַ ביסל מעל, פאַרקנאָטן אַ בלאַט לאָקשן און דאָס בראָק איך לאָקשן. בראָק איך און בראָק, בראָק און בראָק, און ער איז נאָך אַלץ ניטאָ.

ר ע ב  מ אָ ר ד כ ע ל ע. (קומט אַרײַן אָן פּאַנטאָפל.) סאָסיע, זײַ זשע מוחל, טו נאָר אַ קוק, איך בין, דוכט זיך, געקומען אַ באָרוועסער, איאָ?

ס אָ ס י ע. (טוט אַ פּליעסק מיט די הענט.) ווײ איז מיר, טאַקע אַזוי ביסטו עס אַוועק אין שול אַרײַן אַ באָרוועסער?

ר ע ב  מ אָ ר ד כ ע ל ע. כאָלילע, אין שול בין איך אַוועקגעגאַנגען מיט די פּאַנטאָפל.

ס אָ ס י ע. ווו זשע זײַנען זײ?

ר ע ב  מ אָ ר ד כ ע ל ע. אָט דאָס פרעג איך טאַקע אויך, ווו זײַנען זײ?

ס אָ ס י ע. האָסט זײ דען ערגעץ אויסגעטאָן?

ר ע ב  מ אָ ר ד כ ע ל ע. אויסגעטאָן ניט, נאָר וואָדען? איך האָב זיך דערמאָנט, אַז איך בין געגאַנגען אין שול אַרײַן, האָב איך זיך פאַרטשעפּעט אין אַ סטויפּ, ווײַזט אויס, בײַס איך האָב זיך פאַרטשעפּעט אין סטויפּ, איז אַראָפּגעפאַלן אַ פּאַנטאָפל.

ס אָ ס י ע. נו, און דער צווייטער?

ר ע ב  מ אָ ר ד כ ע ל ע. דעם צווייטן האָט אַ הונט אופגעגעסן, דאָס געדענק איך פעסט.

ס אָ ס י ע. גאָט איז מיט דיר, מאָרדכע, ווו האָסטו געזען, אַז אַ הונט זאָל עסן שיך.

ר ע ב  מ אָ ר ד כ ע ל ע. איך וועל דיר זאָגן, סאָסיע־לעב, אַז ס'איז מיר אַליין אויך אַ גרויסער כידעש, און ווען איך זאָל ניט געווען זען מיט די אײגענע אויגן, וואָלט איך עס אָפּן לעבן ניט געגלייבט.

ס אָ ס י ע. אינגאַנצן אופגעגעסן?

ר ע ב  מ אָ ר ד כ ע ל ע. אינגאַנצן, אינײנעם מיט די טשוועקעס.

ס אָ ס י ע. ווײ איז מיר, ס'איז דער עמעסער הונט, עפּשער איז דאָס, כאָלילע, געווען אַ וואָלף?

ר ע ב  מ אָ ר ד כ ע ל ע. ס'זאָל זײַן אַ וואָלף, פאַרוואָס זשע האָט ער מיך ניט אופגעגעסן?

ס אָ ס י ע. וואָס זשע מיינסטו, דאַרפסט טאַקע בענטשן גוימל, ביסט דאָך באַ מיר אַ געשענקטער. דערפאַר, מאָרדכעלע, אַז גאָט האָט אונדז אַזוי געהאָלפן, וועלן מיר פּראָווען די עמעסע סודע. זאָלסט זען, מאָרדכעלע, וואָס פאַר אַ טײַערע צוויי אַבדעריקעס איך האָב צוגעגרייט. (לאָזט זיך אונטערן בעט זוכן די אַבדעריקעס.) זע נאָר, מאָרדכעלע, אָט שטייען דאָך דײַנע פּאַנטאָפל.

ר ע ב  מ אָ ר ד כ ע ל ע. ווו?

ס אָ ס י ע. אָט איז אײנער און אָט איז דער צווייטער.

ר ע ב  מ אָ ר ד כ ע ל ע. (נעמט די פּאַנטאָפל אין די הענט, קוקט אָף זײ.) נײן, סאָסיע, עס קאָן ניט זײַן. הערסטו, סאָסיע, עס קאָן ניט זײַן אין דער וועלט. איך געדענק פעסט, אַז איך בין אַוועקגעגאַנגען, האָב איך אָנגעטאָן די פּאַנטאָפל.

ס אָ ס י ע. ווער זשע האָט זײ אַהער געבראַכט? דער רועך?

ר ע ב  מ אָ ר ד כ ע ל ע. נײן, דאָס קאָן אויך ניט זײַן. זאָל איך זאָגן, אַז דער הונט איז דער רועך, האָט ער אופגעגעסן נאָר אײן פּאַנטאָפל, זאָל איך זאָגן דער סטויפּ איז דער רועך, האָט ער צוגענומען אויך ניט מער ווי אײן פּאַנטאָפל. (קוקט אָף די פּאַנטאָפל.) נײן, סאָסיע, עס קאָן ניט זײַן, דער סייכל־האיאָשאָר זאָגט, אַז עס קאָן ניט זײַן.

ס אָ ס י ע. וואָס הייסט, עס קאָן ניט זײַן? אָט האָסטו דאָך די פּאַנטאָפל. אין דײַנע אײגענע הענט.

ר ע ב  מ אָ ר ד כ ע ל ע. טויזנט מאָל אין די אײגענע הענט, אַז עס קאָן פּאָרט ניט זײַן. זאָג מיר נאָר, ווו זײַנען זײ געשטאַנען?

ס אָ ס י ע. ס'הייסט, ווו? אונטערן בעט. איך האָב געוואָלט אַרויסשלעפּן די אַבדעריקעס, איך גיב אַ קוק, עס שטייען די פּאַנטאָפל.

ר ע ב  מ אָ ר ד כ ע ל ע. נו, און די אַבדעריקעס?

ס אָ ס י ע. (גיט אַ קוק אונטערן בעט.) זע נאָר, זײ זײַנען ניטאָ!

ר ע ב  מ אָ ר ד כ ע ל ע. ווער?

ס אָ ס י ע. די אַבדעריקעס... אוי, אַ שלאַק איז מיר, מאָרדכע. פאַלג מיך, דאָס האָסטו מיסטאַם אָנגעטאָן די אַבדעריקעס, האָסט געוואָלט אַרײַנשטופּן די פיס אין די פּאַנטאָפל, האָסטו אַרײַנגעשטופּט אין די אַבדעריקעס.

ר ע ב  מ אָ ר ד כ ע ל ע. הערסטו, סאָסיע, איצט פאַרשטײ איך שוין, פאַרוואָס דער הונט האָט אַזוי געשמאַק געגעסן. איך דערמאָן זיך טאַקע, אַז זײ האָבן מיר מוירעדיק געקוועטשט.

ס אָ ס י ע. אָף דעם האָב איך געהאָרעוועט, געטראָגן צום שוסטער, געפליקט, געטרייבערט, קעדײ אָפּגעבן דעם הונט?

ר ע ב  מ אָ ר ד כ ע ל ע. ניט געזאָרגט, סאָסיע־לעב, דער הונט איז דאָך אויך אַ בעלמער, עלהײ זאָל זיך דיר דוכטן, האָסט גערופן נאָך אַ באַלעבאָס צו דער סודע.

עס קומען ארײַן רעב צאָדעק, רעב נוסיע און רעב זוסיע.

סאָסיע. זע נאָר, מע זאָל דערמאָנען מאָשיִעכן, אָט גייען טאקע די באלעבאטים.

רעב צאָדעק. א גוטן־אָוונט אײַך, רעב מאָרדכעלע.

רעב מאָרדכעלע. א גוטן־אָוונט, א גוטן־אָוונט. זיצט, ייִדן.

רעב צאָדעק. אוי, רעב מאָרדכעלע, ס'איז אונדז ניט צום זיצן, ניט צום שטיין, ניט צום ליגן, ניט צום גיין. מיר האָבן אָף זיך די עמעסע כאסענע.

רעב מאָרדכעלע. דעהײַנע, וואָסער כאסענע? לאָמיך הערן.

רעב צאָדעק. מיר וואָלטן אוואדע ניט געוואָלט אײַך אָפרײַסן פון דער הייליקער טוירע, נאָר וואָס זאָלן מיר טאָן, אז גאָט האָט אונדז געשטראָפט מיט א נאר און ס'איז ניטאָ קיין אייצע פון אים צו פּאָטער ווערן. מיר האָבן שוין געפּרוווט אזוי און געפּרוווט אזוי, און וואָס ווײַ־טער, אלץ ערגער, וואָס טיפער, אלץ שמעלער. איין ברייִרע — כאָטש צערײַס זיך סאָנע־ציִען! גיט אן אייצע, רעב מאָרדכעלע.

רעב מאָרדכעלע. דעהײַנע, לאָמיך הערן דעם איניען.

רעב צאָדעק. ער וויל נאדן. כאָטש גיב אים אכצן, וויל ער נײַנצן — גיב אים טויזנט רענדלעך נאדן און גענוג.

רעב מאָרדכעלע. און ווי איז דער דין, אז מע וועט אים ניט געבן?

רעב זוסיע. וואָס הייסט ניט געבן, רעב מאָרדכעלע? כעלם זאָל ווערן א שטאָט פון נאראָנים?

רעב מאָרדכעלע. נאראָנים? כאָלילע! וויבאלד אזוי, דארף מען געבן. איך הייס געבן.

רעב נוסיע. וואָס הייסט געבן, רעב מאָרדכעלע? כעלם זאָל ווערן א שטאָט פון גאָלע קאבצאָנים?

רעב מאָרדכעלע. א שטאָט פון קאבצאָנים, כאָלילע? וויבאלד אזוי, דארף מען ניט געבן, איך הייס ניט געבן.

רעב צאָדעק. וויל ער אָבער דאָך ניט כאסענע האָבן, דער נאר, אָן נאדן.

רעב מאָרדכעלע. און ווי איז דער דין, אז גאמליִעל זאָל געבן די טויזנט רענדלעך נאדן, ער איז דאָך א ייִד אן אוישער.

רעב צאָדעק. האָבן מיר שוין אזוי אויך געטראכט. טײַנעט אָבער רעב גאמליִעל, אז די טויזנט רענדלעך — דאָס איז דער גאנצער נאדן זײַנער, און אז ער וועט אָפּגעבן די טויזנט רענדלעך פאר כויזעקן, וועט ער ניט האָבן צו געבן נאדן פאר זײַן איין און איינציקער טאָכטער צירעלען. האָט עס א פּאָנעם, רעב מאָרדכעלע, א נאָגיד זאָל ניט האָבן אָף קיין נאדן? מיילע, א קאבצן האָט ניט — האָט ער ניט, א נאָגיד וועט ניט האָבן צו געבן דער טאָכטער נאדן, איז דאָך א בושע פאר גאנץ כעלם.

אלע. א שאנדע פאר גאנץ כעלם.

רעב צאָדעק. מיר זײַנען שוין געזעסן זיבן מאָל זיבן טעג און זיבן מאָל זיבן נעכט, געקלערט אהער, געקלערט אהין, און מיר קענען גאָרניט צוקלערן.

רעב מאָרדכעלע. און איך ווייס ניט, וואָס איז דאָ צו קלערן, אז דער טערעץ ליגט דאָך טאקע לעם דער קאשע. אָט איז דער טערעץ און אָט איז די קאשע. און וואָס דארף מען זיך ברעכן דעם קאָפּ, ווייס איך ניט.

רעב צאָדעק. ווער ווייסט עס ניט, רעב מאָרדכעלע, אז איר האָט, קיין אײַנהאָרע, דעם לויטערסטן קאָפּ. וואָס איר זעט פאר א מײַל, זעען מיר ניט פאר א שפּאַן. אדעראבע, רעב מאָרד־כעלע, וואָס האָט איר צוגעטראכט?

רעב מאָרדכעלע. אז ס'איז ניטאָ וואָס צו טראכטן, אז דער טערעץ ליגט לעם דער קאשע.

רעב צאָדעק. אָף אײַך טאקע איז אונדזער גאנצע האָפענונג, וואָרעם אניט וואָלט אונטערגעגאנגען גאנץ כעלם.

רעב מאָרדכעלע. אזוי פּראָסט, אזוי פּראָסט! איר זאָגט דאָך אליין, אז כויזעקן דעם טויזנטער מוז מען געבן.

אלע. מוז מען.

רעב מאָרדכעלע. אניט וועט ער ניט וועלן כאסענע האָבן.

אלע. כאסענע האָבן.

רעב מאָרדכעלע. איז ער גערעכט, דארף מען אים געבן. נאָר וואָדען, די שטאָט האָט ניט?

אלע. האָט ניט.

רעב מאָרדכעלע. זײַט איר אויך גערעכט, דאַרף מען נעמען בא גאַמליִעלן.
אלע. בא גאַמליִעלן.
רעב מאָרדכעלע. וויל גאַמליִעל ניט געבן. ווײַל דאָס איז דער גאַנצער נאַדן זײַנער.
אלע. דער גאַנצער נאַדן זײַנער.
רעב מאָרדכעלע. איז ער אויך גערעכט.
רעב צאַדעק. נו יאָ, רעב מאַרדכעלע, וואָס זשע טוט מען, אַז אלע זײַנען גערעכט?
רעב מאָרדכעלע. פרעגט איר נאָך, וואָס מע טוט, אַז דער טערעץ ליגט לעם דער קאַשע. אָט איז די קאַשע און אָט איז דער טערעץ. הערט זיך נאָר אײַן מיט קאָפּ, וועט איר זען, אַז גאָט אליין האָט אזוי אויסגעפּירט, אַז ס'זאָל ווערן גוט אַרום און אַרום.
אלע. אײַ, אײַ, אײַ... אָט וואָס הייסט א קאָפּ.
— טאַקע נאָר כעלם קאָן פאַרמאָגן אזא כאַכעם.
— נו, נו, נו.
— שאַט, שאַט!
רעב מאָרדכעלע. וויבאַלד איר זאָגט, אַז כויזעקן דעם טויזנטער מוז מען געבן, און דעם טויזנטער קאָן געבן נאָר גאַמליִעל, ניט מער, ער דאַרף אים האָבן אף געבן נאַדן זײַן טאָכטער. און אף וואָס דאַרף כויזעק? — אויך נאַדן. און ווען כויזעק זאָל זײַן גאַמליִעלס כאָסן, וואָלט דאָך געווען א קאָשערער טאָפּ מיט א קאָשערן לעפל. דאַרף מען זען און באַשטיין אף גאַמליִעלן, ער זאָל כאַסענע מאַכן זײַן צירעלען פאַר כויזעקן. וועט כעלם בלײַבן כעלם, א שטאָט וועט ניט דאַרפן גיין איבער די הײַזער, כויזעק וועט באַקומען זײַנע טויזנט רענדלעך, און גאַמליִעל וועט זײַנע טויזנט רענדלעך געבן זײַן טאָכטער נאַדן.
אלע. אײַ, אײַ, אײַ, א סייכל, א סייכל גאָדל.
רעב צאַדעק. (מיט היספּײַלעס.) באַרעכנט זיך, יידן, און מיר זײַנען געזעסן זיבן מאָל זיבן טעג און זיבן מאָל זיבן נעכט און גאָרניט געקאָנט פאַלן אפן סייכל.
אלע. אָט איז די קאַשע און אָט איז דער טערעץ.
— אָט איז דער טערעץ און אָט איז די קאַשע! האַ! האַ! האַ!
— אָט דאָס הייסט א קאָפּ!
— טאַקע נאָר כעלם פאַרמאָגט אזא כאָכעם!
רעב זוסיע. ניט מער...
אלע. ניט מער...
רעב זוסיע. און טאָמער וועט גאַמליִעל ניט וועלן כויזעקן פאַר קיין איידעם?
רעב מאָרדכעלע. וואָס הייסט, ער וועט ניט וועלן. מיילע, כויזעק וויל ניט, איז ער א נאַר, אָבער גאַמליִעל איז דאָך א ייִד א כאָכעם, א מופלעג, פאַרוואָס זאָל ער ניט וועלן, אַז דער ריבוינעשעלוילעם וויל אזוי. פאַרקערט, ס'דאַרף אים זײַן נאָך אַנגעלייגט, וואָס דורך אים ווערט גערעטעוועט א שטאָט.

סאָסיע דערלאַנגט קיבעד.

סאָסיע. טרינקט, יידן!
רעב צאַדעק. לעכאַים! גאָט זאָל אונדז העלפן. רעב מאַרדכעלע זאָל האָבן לאַנגע לעבעדיקע יאָר!
אלע. אָמיין! א ריקעדל!

מע גייט א ריקעדל. ס'לויפן אַרײַן לעמעך און ווײַזאָסאָ.

ווײַזאָסאָ. רעב צאַדעק! רעב צאַדעק!
לעמעך. כויזעק איז אַנטלאָפן פון אונטער דער כופּע!
רעב צאַדעק. ווידער אַנטלאָפן? ניט אומזיסט זאָגט מען, אַז א נאַר איז אַן אייביקער צאַר.

## בילד זעקס

בא גאַמליִעלן. די זעלבע נאַכט.

צירעלע. (שטייט באַם פענצטער און זינגט.)

אַז די טײַכלעך טריק'נען אויס, מיר איז פינצטער, מאַמע מײַנע,
בלײַבן גריבער ליידיק. כ'האָב אים עמעס ליב.
אַז א ליבע שפּילט ניט אויס, אוי, איך שווער דיר, מאַמע מײַנע,
פאַרפאַלן ז'מען אף אייביק. כ'וועל אים געדענקען ביזן גרוב.

אוי, ס'איז נימעט מיר מײַן וועלט, אז די טײַכלעך טריק'נען אויס,
איך קאָן אים ניט פאַרגעסן. בלײַבן גריבער ליידיק,
זעסט דאָך, מאַמעניו, אליין, אז א ליבע שפּילט ניט אויס,
עס גייט מיר ניט קיין עסן. פאַרפאַלן ז'מען אף אייביק.

ס אָ ר ע. (קומט אַרײַן.) איך בעט דיך, טאַטעשי, הער אוף וויינען. ביסט דאָך שוין הײַנט, קיין אײַנהאָרע, א קאַלע־מיידל. און שאבבעס נאכמו, אימיירצעהאשעם, פאַראוון מיר די כאַטענע.

צ י ר ע ל ע. סײַווי וועל איך פאַר קיינעם ניט כאַסענע האָבן. איך וועל בלײַבן א מויד ביז דעם גראָוון צאָפּ.

ס אָ ר ע. וואָס רעדסטו, קינד מײַנס, א יידישע טאָכטער א מויד ביזן גראָוון צאָפּ. אָט וועסטו זען, טאַכטערוניו, ס'וועט דורכגיין א שטיקל צײַט און דו וועסט פאַרגעסן אין אָט דעם כוויזעקן, גלײַך ווי ער איז גאָר ניט געוועזן אף דער וועלט.

צ י ר ע ל ע. איך וועל מיר גיכער א מיסע אָנטאָן, איידער איך וועל אים פאַרגעסן.

ס אָ ר ע. גוואַלד, טאָכטער, ער איז דאָך אָן אָפּגעריסענער נאַר.

צ י ר ע ל ע. און מיר, מאַמע, ווײַזט זיך אויס, אז קליגער פון אים איז ניטאָ אף דער גאַנצער וועלט.

ס אָ ר ע. מאַלע, וואָס ווײַזט זיך אויס. צווישן אונדז ריידנדיק, ווײַזט זיך מיר אויס דאָס אייגענע. אָבער דאָס איז דערפאַר, ווײַל איך בין א נאַרישע יידענע, און א נאַרישער יידענע קומען נאַרישע געדאַנקען אין קאָפּ. דערפאַר דאַרף אָבער א יידענע וויסן, אז עס קומט איר א נאַרישער געדאַנק אין קאָפּ, דאַרף זי אים טרײַבן, ווי מע טרײַבט דעם יעיצערהאָרע: טפו, טפו, טפו!

צ י ר ע ל ע. איך וועל שוין בעסער שטאַרבן, איידער אים אַרויסטרײַבן פון קאָפּ. סײַווי וועל איך צו אים אוועק, נאָך הײַנטיקע נאַכט וועל איך צו אים אוועק. (אָפּ אין צווייטן צימער.)

ס אָ ר ע. (גייט אוועק.) גאַמליִעל, גאַמליִעל, שטיי נאָר אוף. (קומט צוריק.) גאַמליִעל, גאַמליִעל, ווו ביסטו?

ג א מ ל י ִ ע ל. וואָס איז, וואָס איז שוין ווידער?

ס אָ ר ע. גאַמליִעל, זי זאָגט, זי וועט אוועק. נאָך הײַנטיקע נאַכט וועט זי אוועק.

ג א מ ל י ִ ע ל. ווער וועט אוועק? וווהין אוועק?

ס אָ ר ע. אונדזער צירעלע צו כויזעקן.

ג א מ ל י ִ ע ל. וואָס הייסט אוועק, וואָס איז עס פאַר א רייד?

ס אָ ר ע. פאָלג מיך, גאַמליִעל, לאָמיר די נאַכט ניט שלאָפן, וואָרעם מאַכן מיר צו מיט אן אויג, איז זי שוין פון יענער־זײַט.

ג א מ ל י ִ ע ל. ווער שלאָפט? אַניט שלאָף איך? זע נאָר, אז דו זאָלסט ניט שלאָפן.

ס אָ ר ע. פאַר מיר זאָלסטו זיך שוין גראָדע ניט זאָרגן. כ'האָב נאָך הײַנטיקע נאַכט מיט קיין אויג ניט צוגעמאַכט, דו זאָלסט אַזוי שלאָפן, ווי איך שלאָף. (הייבט אָן דרעמלען.)

ג א מ ל י ִ ע ל. פאַר מיר האָסטו זיך אוואַדע ניט וואָס צו זאָרגן, אז עס מאַכט זיך אָן אַסיפע, וואָס ציט זיך זיבן טעג מיט זיבן נעכט, קאָן איך אַזוי אָפּזיצן און אָפּזיצן ביז דער שאַבעסדיקער קאַפּאָטע. (הייבט אָן דרעמלען.)

ס אָ ר ע. (כאַפּט זיך אוף.) וואָס זאָגסטו? די שאַבעסדיקע קאַפּאָטע?

ג א מ ל י ִ ע ל. (כאַפּט זיך אוף.) וואָס איז דיר אײַנגעפאַלן די שאַבעסדיקע קאַפּאָטע פּלוצעם, האַ, סאָרע? אַפּאָנעם, דו כאַפּסט א דרעמל.

ס אָ ר ע. שיינע זאַכן, ס'ליגט מיר מער ניט אין זינען, נאָר די שאַבעסדיקע קאַפּאָטע דײַנע. אז גאָט האָט אונדז געשטראָפט מיט אַזוינע גרויסע צאָרעס, איז טאַקע נאָר א זאָקן־בענדל. (דרעמלט.)

ג א מ ל י ִ ע ל. (כאַפּט זיך אוף.) וואָס זאָגסטו, א זאָקן־בענדל?

ס אָ ר ע. (כאַפּט זיך אוף.) וואָס איז דיר פּלוצעם אײַנגעפאַלן א זאָקן־בענדל? גאַמליִעל, אַפּאָנעם דו כאַפּסט א דרעמל.

ג א מ ל י ִ ע ל. שיינע זאַכן, עס ליגט מיר מער ניט אין זינען, נאָר דײַן זאָקן־בענדל. בע־סאַכאַקל איז נעכטן ש־ש־שאַבייסענאַכטס.

ס אָ ר ע. (דרעמלט.) גיב נאָר א קוק אונטערן אויוון. (ווערט אַנשלאָפן.)

ג א מ ל י ִ ע ל. זאָג איך דאָך... (ווערט אַנשלאָפן.)

צ י ר ע ל ע. (קומט אַרײַן.) אוי, ער שפּילט. ער רופט מיך. איך גיי צו דיר, מײַן טײַערער.

כ ו י ז ע ק. (באַווײַזט זיך אין פענצטער.) צירעלע!

צ י ר ע ל ע. כויזעק?

כ ו י ז ע ק. פאַרוואָס ביסטו ניט געקומען צו מיר?

צ י ר ע ל ע. מע האָט מיך ניט געלאָזט. דער טאַטע מיט דער מאַמען האָבן מיך געהיט א גאנצע נאכט. איצט שלאָפן זיי.

כ ו י ז ע ק. זייער גוט. איך וועל דיך ארויסגאַנוועגען.

צ י ר ע ל ע. גאַנווע מיך ארויס. שטילער, דוכט זיך, די מאַמע האָט זיך אופגעכאַפּט.

(צירעלע קריכט ארויס דורכן פענצטער.)

ס אָ ר ע. גאַמליִעל, גאַמליִעל, איך וואָלט געמעגט שווערן, אז כויזעק האָט נאַרוואָס גערעדט.

ג א מ ל יִ ע ל. כויזעק זאָגסטו? עפּעס האָב איך אויך אזוי ווי געהערט.

ס אָ ר ע. און אויב איך האָב קיין טאָעס ניט, האָב איך אים געזען לעבן פענצטער.

ג א מ ל יִ ע ל. יִידענע, וויאזוי קאָן דאָס זײַן? אז יענעם מאכט מען איצטער כאַסענע.

ס אָ ר ע. כ'האָב אים אָבער פּאַרט געזען.

ג א מ ל יִ ע ל. מיסטאמע כאָלעמט זיך דיר.

ס אָ ר ע. זאָגסט דאָך, אז דו האָסט אים אויך געהערט ריידן.

ג א מ ל יִ ע ל. כאָלעמט זיך מיר אויך.

ס אָ ר ע. אויב עס כאָלעמט זיך אונדז ביידן, איז עס א סימען, אז מיר שלאָפן.

ג א מ ל יִ ע ל. קאָן טאַקע זײַן, אז מיר כאַפּן א דרעמל.

ס אָ ר ע. ווי איז מיר, קאָן דאָך צירעלע אנטלויפן.

ג א מ ל יִ ע ל. טאָ לאָמיר זיך אופוועקן.

ס אָ ר ע. לאָמיר זיך אופוועקן.

ג א מ ל יִ ע ל. סאָרע, סאָרע, שטיי אוף!

ס אָ ר ע. גאַמליִעל, גאַמליִעל, שטיי אוף!

טרייסלען ביידע איינס דאָס אנדערע. אין דרויסן ווערט א טומל.

— אָט איז ער.

— ער איז דאָ, דער נאַר.

— כויזעק איז דאָ.

— האַלט אים!

— פירט אים. (מע קלאַפּט אין טיר.)

ג א מ ל יִ ע ל. מע קלאַפּט. ווער קלאַפּט עס דאָרטן?

ר' ע ב צ אָ ד ע ק. עפנט אוף, רעב גאַמליִעל, איך וועל אײַך אָנזאָגן א בסורע. א פריי־לעכע בסורע.

ג א מ ל יִ ע ל. א פריילעכע בסורע? (עפנט די טיר, ס'קומען ארײַן ייִדן.) וואָס פאַר א בסורע?

ר' ע ב צ אָ ד ע ק. עס קומט אײַך מאַזלטאָוו.

ג א מ ל יִ ע ל. מאַזלטאָוו?

ר ע ב צ אָ ד ע ק. און אונדז אלעמען א שיינער און א פײַנער מאַזלטאָוו.

ג א מ ל יִ ע ל. וואָס פאַר א מאַזלטאָוו?

ר ע ב צ אָ ד ע ק. פריִער גאָט, דערנאָך רעב מאָרדכעלע, זאָל געזונט זײַן, האָט געראַטע־וועט אונדזער שטאָט פון קאַבצאָנים.

א ל ע. פון קאַבצאָנים.

ר ע ב צ אָ ד ע ק. און נאַראָנים.

א ל ע. נאַראָנים.

ר ע ב צ אָ ד ע ק. קאָהאָל האָט ארויסגעטראָגן א פּסאַק, איר זאָלט כאַסענע מאכן אײַער טאָכטער פאַר כויזעקן.

ג א מ ל יִ ע ל. וואָס הייסט?

ר ע ב צ אָ ד ע ק. רעב מאָרדכעלע, זאָל געזונט זײַן, האָט אזוי געהייסן.

ג א מ ל יִ ע ל. וויבאַלד רעב מאָרדכעלע האָט געהייסן, מיסטאָם פאַרשטייט ער בעסער, זאָל זײַן מיט מאַזל.

ס אָ ר ע. הײַנט זעסטו שוין? ווו איז צירעלע?

צ י ר ע ל ע. איך בין דאָ, מאַמע.

ר ע ב צ אָ ד ע ק. און ווו איז כויזעק?

כ ו י ז ע ק. איך בין דאָ, רעב צאָדעק.

ר ע ב צ אָ ד ע ק. פירט כאָסן־קאַלע צו דער כופּע, שפּילט, קלעזמער! הײַנטיקע נאכט איז א גרויסע סימכע, הײַנטיקע נאכט איז געשען דער גרויסער נעס. איצט מעגט איר שוין אלע זײַן זיכער, אז כעלם וועט אף אייביק בלײַבן כעלם לעוילאָם־וואָעד!

א ל ע. אָמיין!

(פ אָ ר ה א נ ג)

# צום 70־טן געבורטסטאָג פון דווירע כאַראַל

דווירע כאַראַל איז אין דער ליטעראַטור שוין באווּסט העכער 40 יאָר. זי שרײַבט פאַר גרויס און פאַר קליין. אלס קינדער־שרײַבער וויל איך זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן כאַראַלס דיכטונג.

פופצן ביכלעך פאַר קינדער האָט אָנגעשריבן דווירע כאַראַל אף איר מוטערשפראך און האָט געמאכט דערמיט, לויט מײַן מיינונג, ניט קיין קליינעם בײַטראָג אין דער יִדישער פאָעזיע פאַרן יונגן דאָר. די רוסישע קינדער האלטן שוין לאנג כאַראַלס בעסטע ווערק פאַר זייערע אייגענע. בלויז איין זאמלונג אירע „די ווײַסינקע" («Белянка»), וואָס עס האָבן איבערגעזעצט אף רוסיש די אָנגעזעענסטע פאָעטן פון לאנד, איז ארויס אין א טיראזש קאָרעוו א מיליאָן עקזעמפליארן. אין רוסיש איז דערשינען נאָך א ריי אירע ביכלעך. דאָס קליינוווארג האָט ווי געהעריק אָפּגעשאצט כאַראַלס גוטן, פריילעכן טאלאנט.

איר נאָמען איז ארײַן אין דער ריי פון די מײַסטערס פון דער סאָוועטישער פאָעזיע פאַר קינדער.

א סאך אונדזערע באווּסטע קאָמפּאָזיטאָרן האָבן אָנגעשריבן מוזיק צו ד. כאַראַלס שאפונגען. די קלינגעוודיקע, צערטלעכע, הארציקע סטראָפעס פון אירע לידער קאָן מען הערן דורך ראַדיאָ, און טויזנטער קינדער זינגען זיי אין די קינדער־גערטנער, קענען זיי אף אויסנווייניק.

דווירע כאַראַלס לידער העלפן מיט די סאָוועטישע קינדער זען און באנעמען די שיינקײַט פון אונדזער נאטור, פילן די פרייד, וואָס עס ברענגט מיט זיך דאָס לעבן. עס איז דאָ מיט וואָס צו באגריסן די דיכטערן צו איר 70־טן געבורטסטאָג. און איך טו עס פון גאנצן הארצן, איבערפולט מיט פרײַנטלעכן אָפּשײַ צו איר מי און באגאבונג.

לעוו קאסיל.

ד ו ו י ר ע  כ אַ ר אַ ל

## היים



ווי אלע מענטשן, האָב איך א היים —
מיט סטעליע און ווענט,
פון ברעטער און ליים.
נאָר וויל איך,
ווארף איך דעם דאך אראָפּ,
צענעם אויך די ווענט —
א סטויפּ נאָך א סטויפּ.
ווערט בלויער הימל
מײַן צווייטער דאך
און ביימער פארשיידענע, ביימער א סאך
לייגן צונויף זיך אין ווענט:
קיפּאריסן אין קרים,
דער זילבערנער טאָפּאָל אף דער אוקראַינע
ווערן די ווענט
פון היים פון מײַנער.
די סאָסנעס פארברוינטע, די גאָלדענע שטאמען,
וואָס האלטן אף אקסלען מײַן טײַערע היים, —
זיי זויגן די ברוסט בא דער ערד, בא מײַן מאמען.

## קנאָספּן

ווען ערשטע גרוסן פון ווינטער
טראָגן אונדז אָן די ווינטן, —
צעווארפן דאן ביימער די בלעטער
מיט קויעך מיט בלינדן.

דעם אָטעם זיי ווילן פארהיטן,
דאָס לעבן דאָס צארטס, —
אין קעלט זיי ווינטערן
נאקעט און הארט.

עס לאָזן ביימער ניט פרירן
די קנאָספּן בלויז, —
פארוויקלען זיי ווארעם
אין זאפטיקער שויס.

# דערמאָנונג

אין שול האָבן קינדער
גערוישט און געליארעמט.
איצט אין מײַן צימער איז שטיל,
אין מײַן צימער איז ווארעם.

העפטן צעשאָטענע
אפֿן טישל אף מײַנעם.
דערזע איך אף פעלדער אף ווײַטע
מײַן קינדהײַט שײַנען.

אין סעדער אוקראַינער,
ווײַסע פון צוויט,
מײַן באָבע — געוויינט און געזונגען,
געהוידעט מײַן וויג.

אף פעלדער אוקראַינער
די זאנגען, דאָס גראָז — ווי סאמעט.
דאָרט פלעג מיך, א באָרוועסע,
פירן די מאמע.

...אין שול האָבן קינדער
גערוישט און געליארעמט.
איצט אין מײַן צימער איז שטיל,
אין מײַן צימער איז ווארעם.

# באגינען

א מילדע האנט
גיסט מילך
אין בלוי פון פרי,
און ליכטיק ווערט אין שויבן.
מיט האלב פארמאכטע אויגן
כ'קוק אף הארטן טוי פון שויב
און זע מײַן נאָמען אויסגעפרוירן
דאָרט אין א ווינקעלע, פונויבן...

# א מענטש גייט אוועק

גייסט דורך קאלטע, העלע פעלדער,
הרודעס ליגן ווײַס פארשנייט.
פאלט א ראָזע שײַן אף הרודעס,
אין דעם פעלד די זון פארגייט.

גייסט צום שליאך, צו ביימלעך גרויע,
הארט און שטיל אזוי דײַן בליק.
ווערסט אלץ קלענער...
ווײַטן בלויען...
קוקסט ניט אום זיך אף צוריק.

פאלט די נאכט צו,
ס'ווערט שוין פינצטער,
ס'לויכט דער שניי מיט בלויער שײַן.
ערגעץ ביסטו שוין ניט נאָענט,
שטיל דײַן טראָט — דאָס דארפסטו זײַן.



מאָטל גרוביאַן

## באַם ברונעם

א ברונעם דאָרף אַן עמער,
פון דעמב א געשניצטן,
אַן אַלטן, א שווערן.
טיפֿער מײַן ברונעם איז איצטער,
און הויך וויגט זיך דער עמער.
פֿליִען פון הימל די שטערן,
פֿאַלן אין ברונעם זויבער.
נאָר ווען ציִען
זיי נעמסט מיטן עמער,
אַנטרונען זיי ווערן...

וויפֿל האָב איך נאָך זומערס
מיט געטלעכן צויבער,
וויפֿל זילבער־פֿאַרקאָוועטע ווינטערס?
ווי ווערט מען אַליין א ברונעם?

אַרײַנשרײַען צו מיר פונויבן
זאָלן פֿריילעכע קינדער.
און ציִען זיי זאָלן דעם עמער,
דעם פון דעמב געשניצטן,
דעם אַלטן און שווערן —
איך וואָלט שוין אַן אייצע געפֿונען,
קיין איינציקער שטערן
זאָל אַנטרינען ניט ווערן!

ווי ווערט מען אַליין א ברונעם?
די קינדער איך וואָלט ניט פֿאַרווערן
ציִען אַזוי לאַנג דעם עמער,
ביז אָנהייבן וועט ער פֿינקלען —
און טרינקען, זאָלן זיי טרינקען
און שלינגען מײַנע שטערן.

## יוגנט

כ'האָב אויסגעטאָן די שיך
און נאָך דײַן שאָטן נאָכגעלאָפֿן
טיף אין סטעפּ.
אַפֿן ווינט האָבן געברענט
דײַנע בלאָנדע צעפּ.
איין שוך צו דער לעוואָנע
געטאָן כ'האָב א וואָרף,
דעם צווייטן צום הילצערנעם ברונעם
אין דאָרף.

ס'איז פּונקט ווי א כאָלעם
יאָגט נאָך א כאָלעם...

אויף מײַן ערד איז שאָלעם,
און מיר זײַנען יונג,
און הויך, ביז דער לעוואָנע
שטייען אין סטעפּ
אונדזערע ווייצענע סטויגן —
מיר ניורען אין זיי די קעפּ.
פֿאַרליבטע אין לעבן
ביז טרערן אין די אויגן.

## וואַלד

אַרײַנגעלעבט האָט דער וואַלד
א שיין ביסל יאָרן,
שוין אַלט, וויפֿל דער הימל מיסטאָמע,
דורכגעלעבט בייזע געוויטערס,
שיידים־טענץ און מילכאָמעס, —
טויט איצט קיין צווײַגעלע אויף קיין בוים
קיין ציטער,
שטייט ער, דער וואַלד, א שטילער אין שניי
און זוכט פֿאַר זיך שטערן א פּאָר...
גאָט מײַנער, ווי איך האָב ליב, ביז ווייי,

דעם מיטאָמאָל אין וואַלד אַנטפּלעקטן פֿרילינג,
פון ערשטע פֿייגל דעם געשריי,
מײַן פּלוצעם בלינד ווערן פון בליץ
און דאָס עפֿענען די אויגן
נאָכן דונער,
ווען דאָס האַרץ
גיסט זיך איבער פון העלקײַט,
דער זיקאָרן קורץ ווערט,
ווי דאָס ווײדעלע באַם קליינעם סאָלאָוויי;
איך פֿאַרגעס אין פֿוילן בלאַט

פון הארבסט,
איך געדענק ניט,
אז אף דער וועלט
פאראנגען איז אויך וועלקונג...
נאָר כ'האָב געזען דעם וואלד
אויך שפעט אין הארבסט.

ווען יעדער טראָפּן ליכט
ווערט אים, ווי דאָס לעבן, טײַער,
ער ווערט פארוואָלקנט, ווי א מענטש,
וואָס דערפילט די עלטער אומגעריכט
און שארט ארײַן אין הארצן
נאָך א ביסל פײַער.

# ווערטאָליאָטן

ווי א ווינטמיל וואָלט געפלויגן
און געמאָלט דאָרט ווייץ און קאָרן...
צו דעם הימל צו דעם קלאָרן
אופגעהויבן כ'האָב די אויגן.

ס'איז א שניי דאָרט ביז די קניִעס,
פערד פארזונקען וואָלטן דאָרטן,
און די ווערטאָליאָטן פליִען
צו די אעראָפּאָרטן.

פלי איך אויך. ס'איז, עמעס, שאבעס,
נאָר כ'דארף באגעגענען מײַן טאטן,
וועט ער פרעגן: צי עסן האָבער
דײַנע שײַנע ווערטאָליאָטן?

צי פירט מען זיי צום טײַכל פאָיען?
אין א וואָסער שטאל זיי שטייען? —
טיפע הימלען, יאמען בלויע,
און די פערדלעך, דאכט זיך, גייען.

ניט קיין קרעטשמע, ניט קיין אכסאניע,
און מ'איז אלע בעגילופן;
ס'פליט מײַן טאטע איבער אוקראינע
אין א שפאָגל נײַער טקופע!

# אויך אף יענער וועלט...

אויך אף י ע נ ע ר וועלט,
זאָגט מען, שטייען
סערווירטע טישן
מיט בעסטע ווײַנען,
און דאָס הארץ
מע קאָן דערפרייען,
אויב אף ד ע ר וועלט
מ'האָט זיך געפײַניקט...

אויך אף י ע נ ע ר וועלט,
זאָגט מען, שוועבן,
ווי מאלאָכים,
שענסטע פרויען,
ציִען אויס
די ווײַסע הענט דיר
און די הערצער
דיר פארטרויען.
אָטעמסט לײַכט,
ווי אין א גאָרטן,
און דו שפּײַסט
אף גאָר דער וועלט.

ווען ס'איז עמעס
כאָטש א לויט,
אנטלויפט ניט קיינער
פונעם טויט.

ס'וואָלט א שפּאר געטאָן
אן אוילעם,
ווו א זלידניע,
ווו א גוילעם, —
פארכאפּט דער ערשטער
דעם בייסוילעם,
מיר געלאָזט
די לעצטע ריי, —
נאכט און נאכט,
ביז האָנען־קריי.

קוקורעקי, קוקורעקי!
אויסגעזילבערט
איז מײַן קאָפּ, ווי שניי,
אָבער ווײַט בין איך
פון זאָרגן.
בלויז אף ד ע ר וועלט
די פרימאָרגנס
טרינקען, זופן
איז קעדײַ.
און אף י ע נ ע ר וועלט
איז פינצטער,
און די גליקן
בא די טויטע —
אויך, מיסטאמע,
ניט אײַ־אײַ...

# אף דער קאמע

ס'ליגט אינדרויסן אזא ריַיכקייַט,
קענסט זיך זיכער לייגן שלאָפן —
קיינער גאנוועט ניט קיין טייַכן,
ס'האָט דערוויַיל נאָך ניט געטראָפן,
באַ דער האנט אז מע זאָל כאפן
דעם, ווער ס'שטופט אונטער די פּאַלעס
אָט דעם סאמעט פון די כוואַליעס,
וואָס א בלווילעכער זיך צאפלט,
ווי דאָס כופּע־קלייד מייַן מאַמעס.

קענסט קיין אויג אָבער פארמאכן,
ווען די זון אף וואסער־פלאכן
צינדט און לעשט די שקיַע־פלאמען;
דעמלט זעסטו ערשט די קאמע —
ווילדער זיצן באַ די ברעגן,
דערפער קומען אָן אנטקעגן,
און א סטעזשקע לויפט פון בערגל,
טרינקט דאָס וואסער פון דער קאמע.
זען דו ווילסט זי, אָט די סטעזשקע...
פון די פּיש א זילבער־רעגן,
ווען לעוואָנע לייגט מערעזשקעס —
זייַד זי האָט א גאנץ פארמעגן.
טוט זי איידל־דין איר ארבעט,
און דער הימל — אזא הימל! —

ווי א האָן אָן אויסגעפארבטער
מיט די פליגל דאָ זיך פליעסקעט.

פייגל וועטשערע שוין עסן,
פויערים בינדן פרישע גארבן,
שליוזן הייבן אוף די שיפן,
שווימען מיר אלץ וויַיטער, וויַיטער —
הער איך, ווי אין הארץ מייַן טיפן
קנאקן צווייַגן אף א שייַטער...

לאָמיר שווימען איבער טהאָמען,
דאָ זיך קרייצן פינף יאָמען.
רוסלאנד ליגט פון ביידע זייַטן,
איַינגעטונקט אין פרישע טויען,
זיך און אנדערע געלייַטערט,
שווענקט אראָפּ איר אלטן טרויער.

דאָ געלעבט מ'האָט, ווי פארשיקטע,
באַ די קאמע־ברעגן הויכע,
אפן פראָסטן פּאָלק דעריקער
האָבן ראָזגעס זיך געדרויכערט.
מיט נעפּאַשעס האָט געמיסכערט
באַלעבאָס — דער גוטבאַזיצער.
ס'האָט פארטראָגן זיי א וויכער...
זינגט די קאמע לידער איצטער!

# א וואסערפאל

איך פארשטיי ניט דעם זין פון זייַן א וואסערפאל
און רווישנדיק פון די בערג פאלן.
איך, פארקערט, בין קלעטערן
אף די הויכע בערג א באלן
און קיינמאָל אראָפּ ניט פליִען, ניט פאלן.

זייַן בעסער אין יאַם א פּאַשעטע כוואליע,
אין דער וויַיט זיך טראָגן
מיט לעוואַניקע וועגן באנאכט,
זיך שפּילן מיט שפּיזן פון זוניקע פארטאָגן,
זייַן צו יעדער שטורעם־ווינט און סאקאָנע וואך!

און אויב א וואסערפאל זייַן?.. דאן כ'וויל
דרייען די ראָד פון א מיל, —
שפּריצן פון הימל זאָל מיר שייַן אין די אויגן,
מאָלן זאָל איך ברויט דאָרט שטיל.
פון אָן אָפּגעעם זאָק באַ דער מיל
זאָל א קערנדל פּיקן דער פויגל.



יאנקל פלאקס

# די וואָלקאָווויסקער דאָקטוירים



הער, אפן שמאָלן וואַלד־וועג, האָב איך פאַרבלאָנדזשעט צופעליק, ווען איך האָב זיך אומגעקערט פון א ביישטאַטישן קאַלווירט קיין וואָלקאָוויסק. דאָס שטעגעלע האָט זיך אזוי לאנג געשלענגלט איבערן וואַלד, ווי א פאָדעם פון א באַהאַלטענעם קנײַלכל, ביז עס האָט מיך געבראַכט צו א לאָנקע. דאָ, סאַמע באַם ראַנד וואַלד, האָב איך דערזען א פאַרוואַקסן בערגל — עמעצנס אן איינזאַמען קייווער.

וויפל קאָן מען נאָך געפינען אף די פעלדער און אין די וועלדער פון ווײַסרוסלאַנד אזעלכע איינזאַמע קווערים — שפורן פון די בלוטיקע מילכאָמע־טעג!..

ווער ליגט דאָ — א יונגער מענטש צי א גראָווער זאָקן? און עפשער איז עס גאָר א ברודער־קייווער און אונטערן קופּקעלע ערד איז באַהאַלטן א טראַגעדיע פון א סאַך פאַרשניטענע לעבנס?

דאָס בערגעלע האָט מיך געצויגן צו זיך. וואָס וואָלט איך זיך דערוווּסט, ווען איך קען איבער־לייענען דעם געהיימניספולן קסאַוו פון דער מילכאָמע?

ווען איך בין צוגעגאַנגען נעענטער, האָב איך צווישן דעם צוגעוועלקטן גראָז דערזען א בוקעטל בלומען. הייסט עס, עמעצער קומט אהער, עמעצנס הארץ הערט ניט אוף צו קלעמען...

כ׳האָב אָבער ניט געהאַט קיין שליסל צו די מילכאָמע־היעראָגליפן, און זיי זײַנען געבליבן שטום.

צוריקוועגס, ווען איך האָב שוין געשפּאַנט איבערן שאָסיי־וועג, וואָס פירט צו דער שטאָט, איז מיר אנטקעגנגעקומען א יונגער פויער. קימאַט ווי זיכער, אז קיין ענטפער וועל איך ניט באַ־קומען, האָב איך דאָך א פרעג געטאָן, צי ווייסט ער ניט עפּעס וועגן דעם איינזאַמען קייווער אין וואַלד. זאָגט ער דאַפקע:

— יאָ, אַוודע ווייס איך. דאָרט ליגן די דאָקטוירים.

— אַוועלכע דאָקטוירים?

— איר ווייסט דען ניט? די דאָקטוירים פון אונדזער שטאָט, די וואָלקאָווויסקער דאָקטוירים.

מער האָט ער אָבער גאָרנישט ניט געוווּסט: בייס דער מילכאָמע איז ער נאָך געווען גאָר א קינד.

וועגן דער טראַגעדיע, וואָס האָט זיך דאָ אָפּגעשפּילט העכער צוואַנציק יאָר צוריק, וועגן דער היוכער מענטשלעכקײַט, שיינקײַט און מוט פון נײַן מענטשן אין ווײַסע כאַלאַטן האָבן מיר דער־ציילט א סאַך וואָלקאָווויסקער טוישווים, געוועזענע פאַרטיזאַנער, איידעס פון די דאָקטוירימס העלדישן טויט.

...יול 1942. שוין א יאָר, ווי די פאַשיסטן ווילדעווען אף דער אָקופּירטער ווײַסרוסישער ערד. זיי האָבן זיך נאָך דערווײַל געפילט דאָ מײַסע־באַלעבאַטים — דער פלאַם פון דער פאַרטיזאַנישער באַוועגונג האָט ערשט אָנגעהויבן פלאַקערן.

דער דאָזיקער טאָג איז געווען שיין, וואָס שענער קאָן ניט זײַן. אזא הויכער, בלויער הימל, אזא וואַרעמע זון! א גרופּע עסעס־לײַט, זיכערע, אז די ערד און דער הימל זײַנען דאָ אזוי פאַר־פּוצט פונזייערטוועגן, האָט באַשלאָסן זיך דורכפאָרן אין וואַלד. דער קאָמענדאַנט פונעם גאַרני־זאָן האָט זיך אויך געקליבן מיטפאָרן, אָבער אין דער לעצטער מינוט האָט עפּעס אן איניען אים פאַרהאַלטן.

— האָט פאַרגעניגן אָן מיר, מײַנע הערן, אין אָוונט וואַרט איך אף אײַך.

נאָר נייז. מער האָט ער זיך שוין מיט זײַנע גאָרגלשנײַדער ניט באַגעגנט. א פאַרטיזאַנישע מינע, געניט פאַרמאַסקירט אפן שאָסיי, האָט זיך צו דער צײַט אופגעריסן. די מאַשין מיט די עסעס־לײַט איז צעשמעטערט געוואָרן אף שטיקלעך.

באַ די אָקופּאַנטן איז געוואָרן א טומל: איין קלייניקײַט — פאַרטיזאַנער לעבן סאַמע שטאָט. פון ביאַליסטאָק האָט מען באַפוילן, אז דער גאַרניזאָן זאָל דורכנישטערן דעם וואַלד ווו נאָר א קוסט.

אף מאָרגן גאנצפרי איז דער וואלד פול געווען מיט עסעס־לײַט, פּאָליצײַען און זייערע הינט. דעם עמעס געזאָגט, האָבן זיי זיך ניט שטארק געהיט. דער טשאד פון דער „זיגרײַכער דריטער אימפּעריע" האָט זיך נאָך געהאלטן אין זייערע מויכעס. א באטרעף עס האָט א בינטל פּארטיזאנער קעגן דעם „טויזנטיאָריקן דײַטשישן רײַך"!..

די הינט האָבן געבראכט זייערע באלעבאטים צו אן ערדשטיבל, ווו עס איז געלעגן אין גרויסער היץ דער יונגער פּארטיזאן פּעדיע. די דרײַ כאווירים, וואָס זײַנען געקומען אים צונעמען פונדאנען, האָבן באצאָלט מיט זייערע לעבנס. אָבער אויך א היפּש ביסל עסעסאָווצעס זײַנען געבליבן ליגן באם ערדשטיבל. צעווילדעוועטע האָבן זיך די פאשיסטן א נעם געטאָן צום פּארווונדעטן. פון דער ערשטער מינוט אָן איז קלאָר געוואָרן, אז פּעדיען האָבן דאָ אפן אָרט אָפּערירט און איבער־געבונדן געניטע הענט פון א כירורג. עפּעס האָט שוין די געסטאַפּאָ געוווסט וועגן דעם, אז די פּארטיזאנער באקומען מעדיקאמענטן פון וואָלקאָוויסק און, ווען מע דארף, — אויך מעדיצינישע הילף. איצט האָבן זיי אליין זיך איבערצײַגט: אזוי איז עס טאקע. און דאָס, וואָס דאָס ערדשטיבל האָט זיך געפונען אזוי נאָענט פון שטאָט, איז געווען אן איבעריקער באווײַז, אז דער דאָקטער איז א וואָלקאָווּיסקער.

— ווועסט בלײַבן לעבן, — האָבן די עסעסאָווצעס אײַנגעטײַנעט מיט פּעדיען. — מירן דיך צוהיילן און לאָזן אף דער פרײַ, געבן געלט...

גאָלדענע בערג האָט מען צוגעזאָגט דעם יונגן פּארטיזאנער, און אז עס האָט ניט געהאָלפן, האָט מען אים געשלאָגן מאקעס־רעצעך.

— כ'ווייס ניט, — האָט ער קוים געפּלאָנטערט מיט דער צונג, א פארכאלעשטער. מער האָט ער דעם סוינע קיין איין וואָרט ניט געזאָגט.

° ° °

א מאָרעשכוירע האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער דער שטאָט. דאָס הויז אף גראָדנער גאס, ווו עס איז פריִער געווען די אפּטייק, האָט אופגעלעבט. בא די טירן און טויערן זײַנען, ווי צוגע־קלעפּטע, געשטאנען וואכלײַט. א ליאדע קינד אין שטאָט האָט געוווּסט, וואָט דאָס באטײַט. דאָ פלעגן זיך באזעצן געסטאפּאָווצעס, ווען זיי פלעגן אראָפּקומען פון ביאליסטאָק. און זייער קומען אהער האָט צוגעזאָגט נײַע צאָרעס און אומגליקן.

ס'איז טאקע קיין טאָג ניט אוועק, און פון מויל צו מויל האָט מען אָנגעהויבן איבערגעבן א נײַס, וואָס האָט דערשיטערט די שטאָט, — מע האָט ארעסטירט אלע דאָקטוירים.

צוערשט האָט מען ניט געוואָלט גלייבן. שיקט זיך גאָר אזוינס? א נאכט איז מען ניט גע־שלאָפן. אינדערפרי, ווי נאָר דער זייגער האָט באוויזן, אז מע מעג שוין גיין, איז מען אוועק צו די דאָקטוירים, ווער מיט א קינד אף דער האנט, ווער מיט אונטערגעבונדענע ציין. ערגעץ טיף אין הארצן האָט געטליִעט א האָפענונג...

פארמאכטע טירן, דערשראָקענע מישפּאָכעס. יאָ, ס'איז וואָר. ניטאָ דער קינדער־דאָקטער סעדלעצקי, א מענטש מיט אזא קײַלעכיק, פריילעך פּאָנעם, מיט אזא ליבן שמייכל, מיט אזעלכע צערטלעכע הענט, אז די קראנקע קינדער, וואָס ציטערן, ווען זיי דערזעען נאָר א ווײַסן כאלאט, האָבן אים א נאָמען געגעבן „דער גוטער דאָקטער". די כאלאָיִם האָבן זיך ניט דערוואָרט אפן יונגן, שטענדיק עלעגאנטן כירורג באָריס וועלוועטסקי. ניטאָ דער ציין־דאָקטער טראָפּ, א מענטש, וואָס אפילע א צאָן ארויסרײַסן אָן א וויץ האָט ער ניט געקענט.

זיי אלע, און אויך ווײַנבערגן, קויפמאנען, פּרעסן, מאנטן, געניגשטיינען און קאנטאָראָווּן האָט מען געבראכט אין דעם הויז אף גראָדנער גאס.

דער שארפיורער צירקען איז זיך שוין קוינעשעם געווען אין שטאָט. ניט לאנג צוריק האָט מען צעשאָסן 200 וואָלקאָוויסקער טוישווים, סאָוועטישע אקטיוויסטן. גאנץ וואָלקאָוויסק האָט געוווּסט, אז דאָס איז צירקענס בלוטיק שטיקל ארבעט.

אָט דער אלטער פוקס האָט אויסערלעך געשפּילט די ראָל פון אן אינטעליגענט. מע האָט פון אים קיין הויך וואָרט ניט געהערט. ער איז געווען אויסערסט העפלעך.

אויך דאָס מאָל, בייסן ערשטן פארהער פון די דאָקטוירים, איז ער געווען קאָרעקט, קימאט פרײַנטלעך.

— איר דארפט אליין אָנרופן דעם נאָמען פונעם דאָקטער, וואָס שטייט אין קאָנטאקט מיט די באנדיטן, — אזוי האָבן בא צירקענען געהייסן די פּארטיזאנער. — איך גלייב, דרײַ טעג וועט זײַן גענוג אף צו באטראכטן זיך.

פון געסטאפּאָ האָט מען די ארעסטירטע אוועקגעפירט אף דער וואָקזאלנע גאס. דאָרטן, עק שטאָט, לעבן די קאזארמעס, האָבן די דײַטשן אָרגאניזירט א לאגער: עטלעכע צענדליק ערד־שטיבלעך, ארומגערינגלט מיט דרײַ רייען שטעכדראָט. פריִער האָבן דאָ געשמאכט סאָוועטישע

קריגסגעפאנגענע. איצט האָט מען די פײַכטע און פינצטערע גריבער אויסגעניצט אף אײַנצוברעכן „ניט געהאָרכזאַמע".

אין איינער אזא גרוב האָט מען ארײַנגעשלײַדערט די דאָקטוירים. דרײַ טעג האָט מען זיי ניט געגעבן ניט קיין עסן, ניט קיין טרינקען. זיי זײַנען געזעסן ווי לעבעדיק באַגראָבענע אין דער איפּעשדיקער פינצטערניש.

צירקענס כעזשבן איז געווען א פּאַשעטער: אָנשרעקן די מענטשן, אײַנברעכן זייער ווילן, צווינגען זיי אויסגעבן זייער כאווער. און דורך יענעם זיך שוין דערקלײַבן צו די פּאַרטיזאַנער.

לויט די יעדיִעס, וואָס די געסטאַפּאָ האָט געהאַט, האָט די פּאַרטיזאַנער געהאָלפן א יונגער מאַנצבל, א פעליכער. דער פארדאכט איז געפאלן אף צווייען: אף סעדלעצקין און וועלוועט־סקין. שוין אפן ערשטן פאַרהער האָט צירקען אָנגערופן די דאָזיקע נעמען, וועלכע, ווי ער האָט געמאָלדן, רופן ארויס בא אים א כשאַד. דער אלטער, דערפאַרענער געסטאַפּאָ־אויספאָרשער האָט אָבער געטאָפּט אין דער פינצטער. קיין איינער פון אָט די צוויי האָט צו דעם דאָזיקן איניען קיין שײַכעס ניט געהאַט. אלע ביז איינעם האָבן געוווּסט, אז געהאָלפן דעם פאַרווּנדעטן האָט דער דאָקטער ווײַנבערג.

דאָס איז געווען שוין ניט קיין יונגער מענטש, א באוועגלעכער און אן ענערגישער. מע האָט אים שטאַרק ליב געהאַט אין שטאָט פאַר דער פריילעכער הארציקײַט און גוטסקײַט. „א מענטש אָן א גאַל", האָט מען וועגן אים געזאָגט.

אפן פערטן טאָג האָט מען די דאָקטוירים, אויסגעצערטע און אָפּגעשוואַכטע פון הונגער, געבראַכט אין געסטאַפּאָ.

— אלזאָ, ווער? — צירקען האָט ארײַנגעשטאָכן אין די ארעסטירטע זײַנע קליינע, פאַר־שווומענע אויגן.

די דאָקטוירים האָבן געשוויגן. גוניגשטיין האָט געאָטעמט שווער, מיט א כריפּ, ער האָט זיך פאַרקילט. פון שוואַכקײַט האָבן בא קאַנטאַראָוון געציטערט די הענט.

— אזוי גאָר! און איך האָב אײַך געהאלטן פאַר לײַטישע מענטשן, — האָט צירקען זיך איזדעקעוועט. — נו, שוין, וועלן מיר, הייסט עס, מוזן וואַרטן נאָך דרײַ טעג.

אפן פינפטן טאָג האָט מען די ארעסטירטע צום ערשטן מאָל אָנגעקאָרמעט. צירקען האָט זיי נאָך געדאַרפט האָבן. ער האָט געוואַרט, זיי זאָלן, שאָפּעלע און דערנידעריקטע, אליין זיך מוידע זײַן. קיין אנדער פעדעמל צו די פּאַרטיזאַנער האָט ער ניט געהאַט. פעדיע איז געשטאָרבן און ניט געזאָגט קיין איין וואָרט.

אין צירקענען האָט געברענט די רעציכע נאָך דערפאַר, ווײַל אין די אויגן פון די דאָקטוירים האָט ער געזען ניט נאָר סינע, נאָר שטאָלץ. ניין, זיי וועלן בא אים אָנהייבן ריידן. ער וועט זיי אײַנברעכן.

די דאָקטוירים האָט מען ווידער געבראַכט אינעם הויז אף גראַדנער גאַס. פאַר די זיבן טעג אין גרוב, קימאַט אָן עסן און אָן טרינקען, האָבן זיי זיך געענדערט ניט צו דערקענען. גוניגשטיין האָט געבערענט פון היץ, די ליפּן זײַנען געווען פאַרשמאַכט, דער צונג — געשוואָלן. דאָך זײַנען אלע געשטאַנען פאַרן געסטאַפּאָ־אויספאָרשער שטאָלצע און אנטשלאָסענע, ווי פריִער. אָבער ציר־קענען האָט די דערפאַרונג אונטערגעזאָגט: ניט געקוקט אף דער שטומער אקשאָנעס פון די ארעסטירטע, איז עפּעס בא זיי פאַרגעקומען. ער האָט א רעגע געשוויגן און דערנאָך מיט שאָדנ־פרייד אין דער שטים א זאָג געטאָן:

— איך וואַרט. זאָל דער פאַרברעכער מאַכן א טראָט פאָרויס.

מענטשן פון פאַרשיידענעם עלטער, מיט פאַרשיידענע כאַראַקטערן און אינטערעסן, זײַנען די דאָקטוירים פאַר דער וואָך זיצן אין גרוב געוואָרן איינער דעם אנדערן נאָענט און טײַער, כאָטש אף דער פרײַ פלעגן זיי זיך טרעפן זעלטן, כוץ סעדלעצקין און טראַפּן, וואָס זײַנען געווען גוטע פרײַנט. די אנדערע האָבן זיך געקענט בלויז ווי קאָלעגן.

— אויב דער שולדיקער וועט זיך באלד ניט מעלדן, וועלן אלע הײַנט צעשאָסן ווערן. — דער אָנשטעל פון רויִקײַט האָט שוין מער ניט געגאָלטן, צירקען איז ארויס פון די קיילים.

געוויינלעך פלעגט ער בייס א פאַרהער זיצן, אָנשפּאַרנדיק זיך מיט די פעטע פינגער אָן ראַנד טיש. איצט האָט ער ארומגעשפּאַנט איבערן צימער.

די ארעסטירטע זײַנען, ווי פריִער, געשטאַנען שווײַגנדיק. ווײַנבערג האָט שוין געוואָלט מאַכן א טראָט פאָרויס, נאָר אין דער זעלבער רעגע האָט סעדלעצקי אים אָנגעכאַפּט פאַרן אקסל און א שלעפּ געטאָן צוריק.

— וואָס קומט דאָ פאָר? — צירקען האָט באמערקט די שטומע סצענע.

— ס'איז אים ניט גוט געוואָרן, — האָט דערקלערט סעדלעצקי.

דער אויספאָרשער האָט איצט, ווי א צוגעשמידטער, געקוקט אף ווײַנבערגן. די „שפּיל"

האָט אים פֿאַרינטריגירט. ווי אַ צעהיצטער יעגער, האָט זיך שוין צירקען ניט געקאָנט אָפּשטעלן אינמיטן וועג. דער קאַרבן האָט זיך אויסגעדרייט פֿון זײַנע הענט, און צירקען האָט פֿאַרלאַנגט, ער זאָל זיך אַליין וואַרפֿן צו זײַנע פֿיס.

עפּשער טאַקע דערפֿאַר האָט דער געסטאַפּאָוועץ באַשלאָסן אָפּשאַפֿן זײַן באַשלוס, כאָטש געוויינלעך פֿלעגט ער עס ניט טאָן. דערצו נאָך איז ער געווען זיכער, אַז זײַן פּלאַן וועט אָט־אָט ברענגען די געווונטשענע רעזולטאַטן.

— איך שענק אײַך נאָך דרײַ טעג. קיין אומשולדיקע קאָרבאָנעס דאַרף איך ניט, — האָט דער אַלטער פֿוקס העפֿלעך דערקלערט.

דאָס מאָל האָט מען די אַרעסטירטע אַרײַנגעוואָרפֿן יעדן אין אַ באַזונדער ערדשטיבל. אַלע דרײַ טעג האָבן זיי געהונגערט, און דערצו האָט מען זיי ניט געגעבן אַפֿילו קיין טרונק וואַסער. דאָס האָט געזאָלט זײַן דער לעצטער קלאַפּ. ס'מוז דאָך זײַן אַ גרענעץ צו דער אַקשאָנעס פֿון דעם הײַפּל אינטעליגענטן, — אַזוי האָט געטראַכט צירקען, און ניט נאָר ער אַליין. ווען עס האָט געזאָלט זיך אָפּשפּילן די לעצטע סצענע פֿון דער בלוטיקער דראַמע, זײַנען טאַקע אַלע געסטאַפּאָווצעס געקומען צו צירקענען אין קאַבינעט.

די דאָקטוירים האָט מען געבראַכט שפּעט באַנאַכט. די שטאָט איז געשלאָפֿן מיט אַן אומרויִקן שלאָף, פֿאַרהילט אין כאַשכעס און שרעק.

און אָט שטייען זיי, די נײַן אויסגעמאַטערטע מענטשן, באַם אויספֿאַרשער אין קאַבינעט. מיט ביטערער גלוסטונג קוקן זיי אַפֿן גראַפֿין מיט וואַסער — צירקען האָט אויך דאָס פֿאַרויסגעזען אין זײַן אַכזאָריִעסדיקער שפּיל. גרעניגשטיין איז אַזוי שוואַך, אַז ער מוז זיך אָנשפּאַרן אין וואַנט. פֿון פֿינצטערניש און הונגער האָט טראַפּ קימאַט פֿאַרלאָרן די ריִע. ווײַנבערג איז פֿאַר די עטלעכע טעג נאָך גראָוער געוואָרן. אַפֿילו די וויִעס זײַנען באַ אים ווײַס ווי שניי.

ווי צירקען האָט פֿאַרויסגעזען, האָט ווײַנבערג, ווי נאָר ער האָט דערהערט דעם באַפֿעל, דער שולדיקער זאָל אַרויס צום טיש, גלײַך אַ שפּאַן געטאָן פֿאָרויס.

אַ זעלבסטצופֿרידענער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף דעם שאַרפֿיוּרערס שמאָלע ליפּן. פּלוצעם האָט סעדלעצקי שנעל געמאַכט אַ טראָט צום טיש און זיך אַוועקגעשטעלט לעבן ווײַנבערגן, נאָך אים — קאַנטאָראָוו און דערנאָך אַלע איבעריקע. אַפֿילו גרעניגשטיין האָט, שאָקלענדיק זיך, געפּרוּווט מאַכן אַ פּאָר טריט פֿאָרויס. ער איז געפֿאַלן און דאָך צוגעפּויזעט צו די כאַווירים.

צירקען איז געבליבן שטיין אַ געפּלעפֿטער, דאָס פּאָנעם — איין גרימאַסע פֿון רעציכע און קאַס. עטלעכע געסטאַפּאָווצעס האָבן זיך אַ כאַפּ געטאָן צו די קאָבורעס. אין גרימצאָרן האָט דער שאַרפֿיוּרער אויסגעשריִען:

— שיסן, אַלעמען שיסן!

קאַיאָר האָט מען די דאָקטוירים אַרויסגעפֿירט אויסער דער שטאָט. נאָך באַנאַכט האָבן די געסטאַפּאָווצעס געבראַכט צו טרײַבן אַהער אַ גרופּע מענטשן מיט לאָפּעטעס און געהייסן אויס־גראָבן אַ גרוב צען מעטער די לענג און צוויי די ברייט. ווען די גרוב איז געווען גרייט, האָט מען די מענטשן אָפּגעטריבן עטלעכע צענדליק טריט פֿון איר, געהייסן זיך לייגן מיטן פּאָנעם אַראָפּ און ניט אומקוקן זיך.

עס איז געווען אַ גרויער פֿרימאָרגן, שווערע בלײַענע וואָלקנס זײַנען געהאַנגען נידעריק, אָט־אָט — און די קרוינען פֿון די ביימער וועלן דערטרונקען ווערן אין זיי. ס'האָט געשמעקט מיט שטורעם. די ערד איז געווען טרוקן, זי האָט געשמאַכט נאָך אַ רעגן.

די דאָקטוירים האָט מען אַוועקגעשטעלט באַם ראַנד גרוב, קיינער פֿון זיי האָט ניט אַרויס־געבראַכט קיין איין וואָרט. גרעניגשטיין האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן סעדלעצקין, און יענער האָט אים פֿעסט צוגעהאַלטן מיט דער האַנט. וועלוועטסקי האָט געקוקט אין דער ווײַט, דער גרײַז־גראָוער ווײַנבערג איז געשטאַנען, די הענט צונויפֿגעדריקט אין פֿויסטן.

אַזוי זײַנען זיי געשטאַנען, אָפּגעשוואַכטע, נאָר אומבאַזיגטע.

ווען אַלץ איז שוין געווען פֿאַרענדיקט, האָבן די מערדער, ווי ס'האָט אויסגעזען, קיין רו ניט געקענט געפֿינען. זיי האָבן געהייסן די מענטשן מיט די לאָפּעטעס פֿאַרשיטן די גרוב און אײַנטאָפּטשען די ערד. אַזוי האָט דער סוינע געוואָלט פֿאַרגראָבן זײַן אייגענע שרעק פֿאַר דער קראַפֿט, וואָס אַפֿילו דער טויט האָט אויף איר קיין שליטע ניט.

צו אָוונט־צו האָט עמעץ אויף דעם אָרט אָנגעשאָטן אַ בערגל און אַוועקגעלייגט אַ בינטל פֿרישע פֿעלד־בלומען.

אווראָם גאָנטאַר

# צען לידער

## ברויט

דאָס ברויט, וואָס געגרייט איז בא מיר אפן טיש,
איז ערשט פונעם אויוון, געשמאַק ס'איז און פריש.
געבראַכט ס'האָט אהערצו פון סטעפּעס דעם דופט,
א שקיִע־געזאַנג, וואָלכער הענגט אין דער לופט.
דעם פֿײַף פון דעם ווינט און דעם ציטער פון זאַנג,
וואָס רײַף איז געוואָרן פון רעגן־געטראַנק.
פון שוואַלב דעם געפלאַטער, וואָס טוקט זיך אין ווייץ.
דער סקריפּ פון דעם מילשטיין מײַן שטוב האָט פארפלייצט.
דערזען כ'האָב דעם גלאַנץ פון א שטיפעריש אויג,
פארבראַנזעטע הענט בא דעם פור'מען א סטויג.
דערהערט כ'האָב פונווײַטן דעם רויש פון קאָמבײַן —
די זון און דער שאָטן אין שטוב איז ארײַן.
די שטילקײַט פון דאָרפישער נאַכט כ'האָב דערהערט.
כ'האָב ווידער און ווידער און ווידער געקלערט,
אז ברויט אפן טיש — דאָס איז ניט אזוי פראָסט,
ס'האָט בלוט און ס'האָט פײַער — ס'האָט ליבע געקאָסט.

## אויב זײַן א שטיין

אויב זײַן א שטיין איז שוין באשערט,
איז ניט אזא, וואָס ליגט אין דר'ערד,
און ניט אזא, וואָס נעכט און טעג
ער שטייט דיר אין דײַן גלײַכן וועג.

אויב ס'דאַרף דער שטיין א שטיין שוין זײַן,
איז זאָל אן אָדלער זיצן
און זשמורען זיך פון צופיל שײַן
אף זײַנע הויכע שפּיצן.

אויב ס'איז באשערט צו זײַן א שטיין,
פארבלײַבן זאָל ער ניט אליין,
נאָר זײַן פארמויערט אין א טורעם,
וואָס בײַשטיין קאָן דעם גרעסטן שטורעם.

## פארוואָס נייגן זיך די ביימער?

ווען ס'האָט די נאַכט
מיט פינצטערניש פארהילט דעם רוים,
דאַן האָט דער מוילעד
צווישן וואָלקנס זיך באוויזן,
פארגאַנווועט שטיל זיך צו א יונגן בוים
און מיט זײַן קרומען קלינגל
זיך פארמאָסטן אף דער קרוין —
אָט־אָט וועט ער זי אָפּהאַקן,
און שוין...
נאָר ס'האָט דערזען דער ווינט
און האָט א קוויטש געטאָן פון שרעק,
און מיט דער בלעטער־שאָל פארדעקט
דעם ווײַסן שוואַנען־האַלדז
פון דער בערעזע, —
און אָנגעראַטעוועט דעם בוים דאָס לעבן.
פון דעמלט אָן
דער וואַלד זיך טיף פארנייגט
פאַר יעדן ווינטעלע,
וואָס לויפט פארבײַ דערנעבן.

## איך זאָל ניט בענקען

דער האַרבסט טוט אויס דעם וואַלד דאָס קלייד,
דאָס גאָלדן קלייד אין לופט זיך דרייט.
דער ווינטער האָט שוין אָנגעגרייט
אַ זילבערנס, פון פראָסט געניייט.

פון וויַיסע שטערן איז דאָס צייַג,
געפּרעסט, גענייט און אָן געצייַג —
פון הימלדיק פּאַרקילטן טוי,
פון רעגנבויגן — גרין און בלוי.

דעם ווינטערס פינקלדיקע שאַל
איז דורכגעשטעפּט מיט לעצטן שטראַל,
מיט גינגאָלד זייַנען פרענדז באַצירט
און זויבער־ריין — ניט אָנגערירט.

און יעדער קוסט, און יעדער בוים,
באַדעקט מיט בלענדנדיקן שוים,
איז גרייט זיַין וואַרעמקייַט מיר שענקען, —
נאָך פרילינג כ׳זאָל אַזוי ניט בענקען.

## וואָס דער פידל דערציילט

עפּשער האָב איך גאָר פאַרשטאַנען ניט אַזוי,
און גאָר ניט דאָס געמיינט דער פידל האָט צו זאָגן;
מיר האָט געדאַכט — אין מידבער כ׳זע אַ פרוי,
אָן קויך, אָן ווילן פאַרן לעבן זיך צו שלאָגן.

אַ ווינט לויפט אָן און רייַסט פון איר דאָס קלייד,
צעפּאַטלט איר די האָר און לאַכט מעשוגע.
די זון גייט אויף, די זון פאַרגייט,
און ס׳דרייט און פייַפט די ווילדע וויוגע.

די פרוי איז קליין, דער מידבער — אָן אַ ברעג,
דער זאַמד האָט זי פאַרשאָטן ביזן גאַרטל,
און נאָר צום טויט פונדאַנען פירט דער וועג —
ניט לאַנג געבליבן איז איר וואַרטן.

און זי פאַרשטעלט די אויגן מיט די הענט
און זעט פאַר זיך אַ וואַלד מיט סאָסנעס און מיט שוואָמען...
פונוואַנען קומסטו עס אַהערצו אין דער פרעמד?
ווער ביסטו? רוף כאָטש אָן דייַן נאָמען.

צי ביסטו ניט אָט די, וואָס כ׳זוך שוין לאַנג
און ערשט אַצינד כ׳האָב זי געפונען און פאַרלוירן.
אָ, זאָל זשע דויערן פון פידל דאָס געזאַנג
און עפענען פאַר דיר די רעטונגס־טויערן.

ווייַל עפּשער האָט דער פידל זאָגן גאָר געמיינט:
זייַן מידבער־צייַט עס האָט איטלעכער איינער...
און איך האָב שעמעוודיק און שטיל געוויינט
פאַר דיר, פאַר איר, וואָס ניט געקאָנט האָט וויינען.

## דער אָפּשייַן פון טייַך און פון מייַנע אויגן

ווען דייַן האַרץ איז שטיל — ביסטו דאַן מייַן שפּיגל,
ווען דייַן האַרץ איז שטיל — ביסטו דאַן אַ וויגל.
כ׳שפּיגל זיך אין דיר און מיין, איך בין אַ שיינער:
ווייַזט דאָך אַלץ קאַפּויר — די קוסטעס און די ביימער.

ווען דייַן האַרץ צעברויזט — בלאַנקסטו, ווי אַ מעסער,
ווען דייַן האַרץ צעברויזט — ווערסטו שטאַרקער, גרעסער.
דו צעברעכסט מייַן לייַב, צעכוואַליעסט מייַנע אויגן,
ווי אַ קוסט, כ׳ווער קליין, און ווי אַ בוים, צעצויגן.

ווען מײַן הארץ איז שטיל — זאָגן דאָס די אויגן,
ווען מײַן הארץ איז שטיל — קאָן מען דעמלט גלויבן,
אז איך האָב אין לעבן האָניק נאָר געשלונגען,
אז די גאָלדענע פּאווע האָט בא מײַן וויג געזונגען.

איז מײַן הארץ צעבראָזט — דערציילן אויך די אויגן.
באַגעגן מיך ניט דאַן — מײַן בליק וועט דיך צעשטויבן,
ווי דאָס בייזע וואַסער, דיר דײַן גוף צעברעכן,
ס׳וועט דיך מײַן שווארצאַפּל ווי מיט נאָדלען שטעכן.

טײַך מײַן צארטער, מיין ניט, כ׳בין אזא מין שלעכטער,
בא מײַן הארץ צעבראָזן כ׳בין א שטרענגער וועכטער.

## עס גייט דאָס אײַז

אף מאָסקווע־טײַך עס גייט דאָס אײַז —
איז דאָך א סימען, א באַווײַז,
אז באלד וועט אָניאָגן א ווינט
און אָנרירן די צווײַגן לינד,
זיי אײַנרוימען א סאָד געשווינד:
— צעגרינט, צעגרינט!

פאַר פרייד, וואָס עס אנטלויפט דער פראָסט,
געפלאַצט עס האָט א טערפקער קנאָספּ,
זײַן גרינע צונג ארויסגעשטעקט
דעם פראָסט, וואָס איז אין איינע שרעק
פון וואלד ארויס און מיטן ברעג
אוועק, אוועק...

איך שטיי און קוק, ווי ס׳גייט דאָס אײַז,
און ווייס, ס׳איז גאָר ניט קיין באַווײַז,
אז אלץ זאָל ווידער נעמען בליִען —
אראָפּ א בארג די יאָרן ציִען...
און עפּעס טוט דאָס הארץ א קלעם.
וואָס איז? ס׳איז עפּעס דען געשען? —
מע דארף דערפון ניט קלערן.
א ווינט לויפט אָן
און טריקנט אויס די טרערן,
וואָס שטייען אין די אויגן אף דער וואָך.
עס גייט דאָס אײַז,
און איך — איך שטיי און לאַך.

## קאווקאז

איך ווייס ניט, ווי עס הייסט אָט יענער בארג,
וואָס האָט די וואָלקנס דורכגעבראָכן.
דעם קאָפּ האָט ער אין הימל אָנגעשפּארט
און ביז די קני אין יאם פארקראָכן.

די זון האָט אָנגעטאָן דעם בארג א קרוין —
ווו נעמט די אייביקײַט אזעלכע קרוינען?
אין אזא הימל — בין איך גרייט צו גלייבן שוין —
מאלאָכים קאָנען וווינען.

פון שיינקײַט בין איך דול און מיט איעדן שטעג
כ׳בין גרייט אוועק, וווהין ער זאָל ניט פירן.
מיך רופט דער בארג, דער הילכנדיקער ברעג,
און כ׳שטיי ווי א געשמידטער, ניט פון אָרט זיך רירן.

פארהאלט מיך ניט, כ׳דארף גיין און גיין און גיין,
דו זעסט, ווי הויך דער בארג האָט זיך פארקליבן?
אויב כ׳וועל פארוואַנדלט ווערן אין א שטיין,
איז ווייסט:
פארבלענדט פון שיינקײַט, כ׳בין פארגליווערט דאָ געבליבן.

## פאַרטאָג

ס'איז נאָך די נאַכט ניט אָפּגעטראָטן,
נאָר ס'קומט דער טאָג שוין אָן,
איך פיל.
פון וואַלד אַנטלויפט דער טונקל'ער שאָטן,
וווּ ס'שטייט דער יאַסען אין דער שטיל
געצאַרעמט מיט בערעזע־צווײַגן —
אין ציטערניש, אין פלאַטערניש, אין שווײַגן.

דער ערשטער שטראַל האָט זיך פאַרקליבן
אין הייך —
אין וואָלקנדיקן שוים
און דאָרט דעם גאַנצן פרי פאַרבליבן,
שפּאַצירט אין הימלדיקן רוים —
דעם טײַך געוועקט, געוועקט די ביימער:
עס טאָגט!
עס טאָר ניט שלאָפן קיינער...

ס'האָט די בערעזע זיך דערשראָקן,
פון יאַסענס פענט זיך באַלד באַפרײַט
און אײַלנדיק פאַרקעמט די לאָקן,
מיט זונען־צירונג זיך באַנײַט,
עס זאָלן זי ניט זען די שכיינים
מיט איר געליבטן שטיין
אינײינעם.

די זונענרויז אין טשיפּעק געלן,
וואָס קוקט קעסיידער נאָך דער זון,
האָט אַלץ געזען
און האָט די יעלן
אַליין פאַרטאָג דערציילט דערפון,
און דעמלט האָבן שוין די יעלן
דערציילט די פלוישנדיקע וועלן,
און זיי —
דעם ווינט, וואָס לויפט אַרום.

און מיר האָט עס דערציילט אַ פויגל,
וואָס איז פאַרבײַ אַדורכגעפלויגן
און האָט אַ ליד דערפון געמאַכט,
און איך האָב ווערטער צוגעטראַכט.

## איך ווייס דעם סאָד פון קלוגן בוים

צי ווייסט איר כאָטש, פאַרוואָס
עס איז דער דעמב מיט מאָך פאַרוואַקסן? —
דער צאָפן־ווינט איז אים דערגאַן די יאָרן,
האָט ער געמוזט
אַ וואַרעם שאַלעכל זיך אָנטאָן אויף די אַקסל,
עס זאָל די קעלט זיך ניט דערקלײַבן
דורך דער קאָרע.

און אַז די שיינקײַט זײַנע זאָל ער ניט פאַרלירן,
האָט ער זיך אײַנגעהילט אין פלויש אין ברוינעם.
איצט מעג דער צאָפן־ווינט פאַר קאַס קראַפּירן,
וועט ער דעם בוים שוין מוזן שוינען.

איר פרעגט, פאַרוואָס מײַן פּאָנעם איז אין קאַרבן?
אַ צאָפן־ווינט איז מיר דעם וועג פאַרלאָפן.
און אויסגעשטאַנען כ'בין דעם פרווו דעם האַרבן,
ווײַל כ'האָב אַנטפּלעקט דעם סאָד פון בוים,
וואָס האָט באַזיגט דעם ווינט פון צאָפן.





## צאלעל בליץ

(בוענאָס־אײַרעס)

געבוירן אין 1909 אין סוועטציאַן (ווילנער געגנט). אין 1936 אריבערגעפאָרן קיין ארגענטינע. אָנגעהויבן זיך דרוקן אין 1933. זינט 1952 — פאָרזיצער פון ארגענטינער „איקוף".

# דאָס אינדזל—דער קאָנטינענט

(א וואָרט צו קובע)

צוויי געאָגראַפיעס קריגן זיך וועגן דײַן שטאַם.
איין געאָגראַפיע זאָגט: דו ביסט אן אינדזל אן אנטילישער אין קאַראַיִבער יאַם,
ווײַל ס'איז מיט וואַסערן ארומגעקרײַזט דײַן ערד,
מיט שוים מיט זאַלציקן ארומגעשפּרינקלט און ארומגעטרערט...

די צווייטע געאָגראַפיע — זי וויל ניט וויסן פון דײַן אינדזלשקײַט און
דרויסנדיקע וואַסער־ווענט,
זי זאָגט: דו ביסט קיין אינדזל ניט, דו ביסט א קאָנטינענט,
ווײַל ביסט ארומגערינגלט מיט דער ליבע פון א האַלבער וועלט,
ווײַל דער עקוואַטאָר, די מערידיאַנען זײַנען ארום דיר געצעלט,
ווײַל אָקעאַנען ליבשאַפט נעמען דיך ארום,
און ס'כוואַליעט איבער זיי דײַן פּאַרטיזאַנישער, דײַן יונגער רום.

און צווישן אָט די אָקעאַנען שפּרייטסטו זיך איבער דער גאַנצער ערד,
אפילו דאָרטן, וווּ דו ביסט פאַרשריִען און פאַרווערט.
און צווישן אָט די אָקעאַנען ביסטו שטענדיק דאָ,
און איבער גאָר דער וועלט עס בליצט דײַן ליכטיקע, דײַן מאָולדיקע שאָ!

ווי אינדזלדיק און קליין דו זאָלסט ניט זײַן,
קאָנסטו צווישן אָט די אָקעאַנען ווינציקער ווי א קאָנטינענט ניט זײַן;
ווי גרויס און וועלטפאַרנעמעריש דו זאָלסט ניט זײַן,
גייסט פונדעסטוועגן אין הארץ אין יעדערנס ארײַן...

און אָט אין דאָזיקן צעפינקלטן און פונקיקן מאָמענט
ביסטו, אינדזועלע, דער גאַנצער קאָנטינענט!

דו ביסט אמעריקע — פון הודסאָן־ביי ביז פײַערלאַנד[1];
דו ביסט עס, ווי אין דרײַ־און־פערציקסטן איז סטאַלינגראַד געווען
דאָס אָקטיאַבער־לאַנד;
דו ביסט עס, ווי דאָס ברעקל עמבריאָן פון קערנדל פון ווייצענעם, וואָס
שפּראָצנדיקערהייט איז עס דאָס קערנדל דאָס גאַנץ
און ווי דער לעבנסקוואַל פון טויזנט שפּעטערדיקע זאַנגיקע, געזאַנגיקע
און זונענדיקע פלאַנצן.

---

[1] הודסאָן־ביי — צאָפנדיקסטער יאַם־אײַנגוס פון אמעריקאַנער קאָנטינענט (אין קאַנאַדע); פײַערלאַנד — דאָרעמדיקסטער ערד־שטעטך (אין ארגענטינע).

דער עמעס וועגן דיר, דער געאָגראַפישער, איז אַלט און נײַ,
אַרומגערינגלט ביסטו איצט מיט רינגען דרײַ:
מיט וואַסער און מיט סינע, און מיט ליבע,
מיט שטראָמען ליכטיקע און שלאַקסן טריבע.

אַף דײַנע זאַמדיק־ווײַסע, פּאַלמען־גרינע ברעגן —
צופֿלוסן און אָפּפֿלוסן פֿון כוואַליעס דיר אַנטקעגן,
צופֿלוסן און אָפּפֿלוסן פֿון סינע גאַליקער,
צופֿלוסן, בלויז צופֿלוסן פֿון ליבע שטראַליקער, —
צופֿלוסן און צופֿלוסן, און צופֿלוסן,
און צושטראָמען, און צושפּריצן, און צוגוסן...

דאָס וואַסער פּליסט אַוועק, די סינע גיסט זיך אויס,
און יעדער טראָפּן ליבע בלײַבט שוין אַ פֿאַרפֿערלטער בא דיר אין שויס.
ניטאָ קיין ליבע־אָפּפֿלוסן פֿון דײַנע טעג און נעכט,
די ליבע איז מיט סטענגעס זײַדענע אין דיר פֿאַרפֿלאָכטן,
און האָסט אַזאַ מין ליבע־לויב די ווערט.

●

## ייִצכאָק־עלכאָנאָן ראָנטש

(ניו־יאָרק)



געבוירן אין 1899. געקומען קיין אַמעריקע אין 1913. זיך אָנגעהויבן דרוקן אין 1923.

## צו דיר געהער די וועלט

דו הערסט זיך אײַן צו דראָענדיקע רייד
פֿון די, וואָס שפּילן זיך מיט זיי, ווי קונצנמאַכער.
זיי רייצן זיך מיט דיר: „עס קומט, עס גייט
דער אוראַגאַן, וואָס וועט אײַך אַלעמען צעקראַכן“.

ס'איז שאַרף דײַן אויג. הייבסט אוף דעם קאָפּ אין רוים.
פֿון שטערן דײַנעם גייען אָפּ די קנייטשן־קאַרבן.
ביסט אײַנגעוואָרצלט דאָ — אַ פֿעסטער בוים,
און ס'וועט דער בייזער ווינט דיך ניט פֿאַרדאַרבן.

די גאַנצע ערד איז איצט שוין דײַן געצעלט,
און ווי דער שניטער, בינדסט אין פֿעלד די גאַרבן.
צו דיר, אָ מענטש, געהער די גאַנצע וועלט
און ניט צום רויבערישן שפּאַרבער.

## האָבן זיך מענטשן פֿאַרזאַמלט...

הערן זיך קוילעס אין לופֿטן, פֿון אויבן:
קלאָגן פֿון סאָוועס און וואָרטשען פֿון טויבן.
בעטן זיך, לעכצן, מע זאָל זיי פֿאַרשטיין.
קאָנסטו באַנעמען זייער שפּראַך, זייער מיין?

וואָיען אויס ווינטן אַ צאַר און אַ צאָרן;
מעקען די שעפּעלעך, שושקעט דער קאָרן.
שטענדיק אַ רוישן, דורך טויער און טיר.
וואָס פֿאַר אַ בסורעס דערטראָגן זיי דיר?

פירן וויקוכים אַף ווילדע אַסיפּעס
קוואַליעס, וואָס ווילן דערגיין נאָר, ווי טיף איז
אָפּגרונט פון יאַם. זייער מעכטיקער האַר
טרײַבט זיי צו זעמדלעך און מאַכט זיי צום נאַר.

ליגסטו געמיטלעך באַ זוניקע ברעגן,
גאַרסט צו פאַרשטיין, וואָס די קוואַליעס דיך
פרעגן.

פלאַצן זיי אויס אין געוויין, אין אַ לאַך?
ווער קאָן באַשיידן די שומיקע שפּראַך?

הערצער געלאָדן מיט טײַנעס און האַסן,
לאָזן זיך מענטשן אַרויס אַף די גאַסן.
פּענעמער שטאַר און די ליפּן פאַרשטומט.
גלאָצן די אויגן: מאָשיַעך, ער קומט?

ברויזן באַגערן און ס׳יוירן פאַרלאַנגען.
יאָרן געקומען, יאָרן פאַרגאַנגען.
רײַסן זיך קוילעס אַרויס פון דער קעל.
עמעצער גיט זייער קלאַנג אַ פאַרשטעל.

פרײַ איז דער פויגל צו ריטשען, צו שרײַען.
קיינער פאַרמאַכט ניט דאָס מויל פון דער כײַע.
מענטש נאָר דערשרעקט זיך פאַר אייגענעם
קאָל —
פּליסיק ווי קוואַלן און לויטער — קרישטאָל.

פלוצלינג זיך האָבן די מענטשן פאַרזאַמלט,
מײַלער געעפנט און מער ניט געשטאַמלט.
האָבן זיך קוילעס פאַרמערט און פאַרמערט,
האָט פון געטומל געציטערט די ערד.

# זיגער

די רעגנס רינען
מיט גאָלע טרערן.
די נעכט די שוואַרצע
פאַרשטעלן שטערן.

דאָס וואַכע אויג מײַנס
ניט ווערט פאַרנעפּלט
פון פּולווער־רויכן,
פון סאַמען־שוועבל.

די ערד, זי ציטערט
פון אוראַגאַנען.
די טויטן־ווינטן
צעכראַסטעט שפּאַנען.

איך בין דאָסביימל,
וואָס וואַקסט אין שטורעם;
איך בין דאָס פלעמל
אַף העכסטן טורעם.

פאַרורטיילט האָט מיך
דער כאָלוש־ריכטער;
ס׳באַזינגט מײַן אומקום
דער קראַנקער דיכטער.

אין שטײַג פאַריגלט
עס שפּאַנט דער טיגער.
איך טראָג דעם שליסל,
איך בין דער זיגער.

•

## דאָרע טייטלבוים

(פּאַריזש)

# איך האָב אַ שוואַלב געזען אין פלי

איך האָב אַ שוואַלב געזען אין פלי,
געמיינט, זי וועט דאָרט שטענדיק פליִען.
איך האָב אַ רויז געזען אין בלי,
געטראַכט, אַז זי וועט אייביק בליִען.

איך האָב אין פעלד געזען אַ בוים,
געמיינט, ער וועט שטענדיק אַזוי שטיין.
איך האָב געשפּינט אַמאָל אַ טרוים,
געמיינט, ער וועט קיינמאָל ניט פאַרגיין.

איך בין די שוואַלב מיט וווּנד אין ברוסט,
דער בוים פון שטורעם אויסגעבויגן,
די בלום — אָראָפּגעריסענע פון קוסט,
דער טרוים מיט אויסגעהאַקטע אויגן.

טיף אין האַרץ עס וויינט אַ ווינט
מיט קוילעס וואָיענדיקע זיבן,
נאָר גלויביק בין איך, ווי אַ קינד,
און גרייט נאָך אַלץ, נאָך אַלץ צו ליבן!

# דאָס נעגער-ייִנגל דיק

אין קראָקאָדילי רעסטאָראַן
איז א נעגער־קינד פאַראַן
מיט צוויי אויסגעצערטע בעקלעך
און מיט פּיסלעך צוויי, ווי שטעקלעך.

דיקי, דיקי, דיקי הייסט ער,
און אלץ קאָן ער און אלץ ווייסט ער,
כוץ פארוואָס ער האָט קיין טאטן
און קיין טאָג אין וואָך קיין זאטן.

דיקי, דיקי, דיקי, דיק!
וועמענס אומרו טראָגסטו אין דײַן בליק?
פארוואָס ווײנען דײַנע פרילינגן די צוועלף,
ווי הונגעריקע וועלף?

שיילסט קארטאָפל, שאָבסט די מערן,
פליקסט די הינער, פוצסט די רערן,
שײַערסט טעפּ, וואשסט די טעלער —
און שלאָפסט באנאכט אין נאסן קעלער.

דיקי, דיקי, זאָג מיר, זאָג,
ווו נעמסטו קוי'ך נאָך שווערן טאָג
צו טאנצן דאָרט, אין זאל, פאר זיי,
ביז דער זייגער שלאָגט אויס צוויי?

דיקי שווײַגט, ער זאָגט קיין וואָרט,
רעדן רעדט צו אים דער לאָרד.

ער קוקט דערשראָקן יעדן אָן,
ער טאָר ניט רעדן, דארף בלויז טאָן.

דיקי טאנצט אין קאזינאָ
אף דער בינע שאָ נאָך שאָ.
דיקי, אונטער זאטע בליקן,
זינגט אן אלטן נעגער־ניגן.

דיקי טאנצט אין זאל ביז שפּעט
און כאָלעמט פון א ווײַסער בעט.
דיקי, דיקי, דיקי, דיק!
ווייסטו כאָטש דעם טאם פון גליק?

העכער, העכער, העכער, העך!
פארנײַ די נאכט מיט שווארצע שטעך!
גיכער, גיכער, שווארצער בראָך! —
שרײַען געסט א גאנצע וואָך.

דיקי זעט ניט מער קיין קעפּ,
א זאל מיט קאָכעדיקע טעפּ,
האָפּ, האָפּ, דער זאל — א טאָפּ,
און ער אליין — א שווארצער באָב.

דיקי, דיקי, דיקי, דיק
טאנצט אף בינע ווי א פליג.
שײַערט טעפּ, וואשט די טעלער
און שלאָפט באנאכט אין נאסן קעלער.

* * *

קום, מענטש!
כ'וועל אָנטאָן א קרוין דיר,
פאר קעניג דיך זאלבן,
א קעניגרײַך געבן — פון סינע פון קיינעמס
באדראָט,
פון מאכט ניט באוואכט.
זײַן וועט ליבע דײַן שווערד,
דעם ברודערס אויגן — דײַן שפיגל,
צו זען און צו מעסטן דײַן אייגענע ווערט.

קום, מענטש!
צו טעכטער דײַנע כ'וועל אומקערן צארטקײַט
צוריק,
זיי זאָלן, ווי זעלנער, מיט רייכעס
פון שלאכטפעלד ניט שמעקן.

די פענעמלעך קינדערשע וועל איך באדעקן
מיט שמייכל פון אומשולד,
זיי זאָלן, ווי זקיינים, די פּיירעס ניט טראָגן
פון עלנט און פּײַן.

קום, מענטש!
דײַן נאָמען כ'וועל זאלבן,
א קעניגרײַך וועל איך דיר געבן.
דײַן לאנד, דײַן געצעלט וועט
א היימלאנד דיר זײַן,
דאָס פּאָנעם פון פרידן — וועט זײַן דײַן געזיכט,
געוויסן — דײַן ריכטער אין שטרענגסטן
געריכט.



קאלמען סעגאל
(קאַטאָוויץ, פּוילן)

# די שיינע טאָכטער



אין דער טפּיסע־קאַמער איז מיט מיר געזעסן א פּויער. ער איז געווען מיט א יאָר־צוואַנציק עלטער פון מיר, א הויכער און ברייטפּלייציקער, מיט א טונקל געזיכט און ליכטיקע אויגן. פּויסטן האָט ער געהאַט האַרטע, ווי אײַזן.

פאַרנאַכט, אין דער שאָ פון ביין־האַשמאָשעס, פלעגט אים באַפאַלן א כיישעק צו ריידן. יעדן טאָג אין דער דאָזיקער צײַט פלעגט ער דערציילן, און איך האָב גיריק געהערט זײַנע געשיכטעס. דאַנקבאַר בין איך אים געווען פאַר זײַנע מײַסעלעך, ווײַל זיי זײַנען געווען פאַרביק, ווי דאָס דאָרפישע לאַנדשאַפט. ניט זייער אינהאַלט איז געווען דער איקער. איך האָב מיך פּאַשעט געגנייטיקט אין א מענטשלעכער שטים, אין א פרײַנטלעך וואָרט. יעדערער, וואָס איז ווען־עס־איז געזעסן אין טפּיסע, פאַרשטייט דאָס דאָזיקע געפיל און וועט עס קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

און מײַן שאָכן דער פּויער האָט דערציילט:

— ווען דו שטעלסט זיך אוועק אָף דער שוועל פון מײַן שטוב, זעסטו פאַר זיך דאָס גאַנצע דאָרף, ווײַל מײַן שטוב שטייט אָף א בערגל הינטערן וואַלד, און דאָס דאָרף ליגט אונטן, אין טאָל, באַם טײַך. אָף אונדזערע פעלדער וואַקסט גוט ווייץ און קאָרן. עך, מײַן ליבער, ווען דו זאָלסט זען אונדזער ווייץ אין מײַ — געדיכט און גרין איז עס, זאַפטיק גרין, און ווי הויך! האָ־האָ!..

איך פלעג צומאַכן די אויגן און זען אַרום זיך א יאַם גרינקײַט, וואָס האָט זיך געמינעט און געכוואַליעט אין דער זון און אין א לײַכט פרילינגדיק ווינטל.

טיילמאָל, ווען מיר פלעגן זײַן הונגעריק, האָט מײַן כאַווער געעפנט זײַן דאָרפישן שפּײַכלער, — אין דער קאַמער זײַנען אָף די הילצערנע פּאָליצעס געשטאַנען גרויסע ערדענע טעפּ מיט מילך און סמעטענע, עס האָבן געשמאַק געשמעקט פרישע ברויטן, קעז און פּוטער.

איך האָב שוין געוווּסט אָף אויסווייניק אַלע פּראַטים פון מײַן כאַווערס לעבן. איך האָב געקענט זײַן גאַנץ הויז, געוווּסט אפילו, וועלכע וואַזאַנע עס שטייט אָף וועלכן פענצטער און אין וועלכן יאָר עס האָט צום ערשטן מאָל געבליט דער עפּלבוים באַם ברונעם.

איך האָב ליב געהאַט די לאַנדשאַפט פון מײַן דאָרפישן כאַווער. איך האָב געהערט דאָס רוישן פון קליינע ריטשקעלעך אין דער צײַט פון ערעוו פרילינג, ווען אָף די בערג צעגייט דער שניי. איך האָב געזען, ווי פון די דאָזיקע קליינע ריטשקעלעך ווערט ברייט און הייבט זיך דער טײַך, באַ וועלכן עס ליגט מײַן פרײַנטס דאָרף. ערעוו פרילינג פלעגט דער טײַך זיך צעגיסן. אָף די מוטנע רוגזעדיקע כוואַליעס פלעגן זיך טראָגן הילצערנע מאַכשירים, כאָרעווע הילצערנע בריקן, דעכער פון כאַטעס, הייליקע איקאָנעס, וויגעלעך — די גאַנצע אָרעמקײַט פון א פּויער.

אָפטמאָל פלעגט אין דאָרף אויסברעכן א סרייפע. דער הימל איז דאַן געשטאַנען אין פלאַמען, אין טײַך האָט זיך געשפּיגלט דאָס פײַער פון די ברענענדיקע הײַזער, געברענט האָבן די שטרויענע דעכער, דאָס היי אָף די בוידעמער. דאָס פײַער איז געשוווּמען פון איין הויז צום צווייטן, די סרייפע האָט זיך געריסן צום שוואַרצן נאַכטיקן הימל, די געשרייען פון פרויען האָבן זיך געטראָגן ווײַט־ווײַט, געכליפּעט האָבן די קינדער.

דאָס אַלץ האָט מיר דערציילט מײַן כאַווער.

ער האָט אויך ליב געהאַט צו ריידן וועגן זײַן פרוי. אַן אַנדערשמאָל האָט ער באַשריבן דעם אַלטן צווינטער באַם קלויסטער. מיר פלעגן צוזאַמען גיין רײַסן קימל אָף די לאָנקעס. מיר האָבן געקלעפּט ערדענע טעפּלעך און שיסלען, באַצירט זיי מיט רויטע און בלויע בלומען. און אין די וואַרעמע יון־נעכט פלעגן מיר זיך לאָזן צום טײַך כאַפּן פיש.

— אין איינעם א טאָג, — האָט צו מיר מיט א גוטמוטיקן שמייכל געזאָגט מײַן פרײַנט, — וועלן מיר פונדאַנען אַרויס, און דו וועסט מיט מיר פאָרן, איך וועל דיך מיטנעמען מיט זיך. וועסט כאַסענע האָבן מיט מײַן טאָכטער. זי איז א שיין מיידל און א גוט קינד. זי איז שיין, ווי די וועלט. וועסט זי ליב האָבן. איך ווייס, אַז דו וועסט זי ליב האָבן. יעדער איינער, וואָס דערזעט זי נאָר, באַקומט זי ליב. א גראַטענע איז זי, די באַסיעכידע מײַנע. וועסט כאַסענע האָבן, און מיר וועלן לעבן צוזאַמען. פון קיין הונגער וועסטו באַ אונדז ניט וויסן, וועסט זען, ווי גוט עס וועט אונדז זײַן...

ער האָט זיך דערמאָנט די זאַטע דאָרפישע מיטיקן מיט כאַזערפלייש און מיט קאָלבאַס, די אָוונטברויטן מיט געבראָטענע קאַרטאָפל מיט פּוטער און מיט זויערמילך.

און שפּעטער האָט ער זיך ווידער אומגעקערט צו זײַן שיינער טאָכטער, און זײַנע ווערטער זײַנען געפאַלן אָף א גוטן באָדן — זיי האָבן געוועקט אַן אומרו און א נײַגעריקײַט און... בענקשאַפט.

באטאָג און באַנאַכט האָב איך געקלערט און געטרוימט וועגן דער שיינער אומבאַקאַנטער טאָכטער פון מײַן דאַרפישן כאַווער, וועגן מײַן אומבאַקאַנטער קאַלע, צו וועלכער איך וועל אין א געוויסן טאָג קומען און אָנעמען זי בא דער האַנט און זאָגן איר, אַז...

יאָ, אָט דער פראָסטער פויער, וואָס האָט אפילע ניט געקענט שרײַבן און לייענען, אָט דער דאָזיקער הארציקער שאָכן מײַנער איז געווען א געניטער נעשאָמע-קענער, א רעזשיסער איז ער געווען, א רעזשיסער פון מײַנע געפילן און פון מײַנע געדאַנקען.

— איך ווייס, וואָס דו ווילסט וויסן, — האָט ער צו מיר איינמאָל געזאָגט, — איך בין אויך אַמאָל געווען יונג. איך פאַרשטיי, אַז דו וואָלסט גערן וועלן וויסן, וויאַזוי זי זעט אויס, דײַן קאַלע און מײַן טאָכטער. קאָן איך דיר זאָגן נאָר איינס: זי רויק, זי איז א שיינע און א יונגע, א געזונטע, זי פאַרמאָגט אַלץ, וואָס א מאַן דאַרף האָבן צום גליק.

ס׳איז געקומען א טאָג, ווען איך האָב זיך אָפּגעגעבן א כעזשבן, אַז איך בין שוין ניט אימ־שטאַנד צו טראַכטן וועגן קיין שום אַנדער פרוי — איך בין שוין ניט געווען פּייִק צו טראַכטן וועגן קיינעם, אַכוץ איר, אַכוץ דער אומבאַקאַנטער קאַלע מײַנער פון דעם ווײַטן דאָרף, ווו זי האָט געוווינט און געאַרבעט אַף די גרינע פעלדער מיט ווייץ און מיט קאָרן.

איין זאַך זעט מיר אויס מאָדנע הײַנט, נאָך אַזויפיל יאָרן, ווען איך דערמאָן און דערצייל די דאָזיקע געשיכטע. קיינמאָל האָב איך בא אים ניט געפרעגט, ווי זי הייסט. פאַרוואָס האָב איך עס ניט געפרעגט? עפשער דערפאַר, ווײַל זי איז פאַר מיר געווען מער ווי א געוויינלעך דאָרפסמיידל, פאַר מיר איז זי געווען א סימבאָל, מיט וועלכן עס איז פאַרבונדן געווען מײַן בענקשאַפט צו דער פרײַהײַט, צו א פרײַ לעבן, צו ליבע און זעטיקײַט, צו א מישפּאָכע. זי איז פאַר מיר געווען א סימבאָל, און א סימבאָל דאַרף ניט קיין נאָמען.

און טראַכטנדיק וועגן איר, האָט זיך ביסלעכווײַז צעזייט דער אומעט און דאָס געפיל פון איינזאַמקײַט. מיט האָפענונג און מיט ביטאָכן האָב איך אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן דער צוקונפט. איך בין געווען פאַרליבט, ליבע וועקט אָפּטימיזם.

איינמאָל האָב איך בא אים געפרעגט, פאַרוואָס עס קומט צו אים נישט קיינער — ניט די פרוי און ניט די טאָכטער. ער האָט זיך גוטמוטיק צעלאַכט און געענטפערט:

— און ווער וועט זיך פאַרנעמען מיט די בעהיימעס? מיין ניט, אַז עס איז אַזוי לײַכט זיך אָפּצורײַסן פון דער ווירטשאַפט. זאָלן זיי בעסער זײַן אין דער היים און פאַרנעמען זיך מיט דער באַלעבאַטישקײַט. די צײַט לויפט און אַנטלויפט, באַלד וועלן מיר ווידער זײַן אין דער היים, און דו וועסט זײַן מיט אונדז...

די צײַט לויפט און אַנטלויפט. גערעכט איז געווען מײַן פרײַנט: ס׳איז געקומען א טאָג, ווען מע האָט מיך אַרויסגעפירט פון דער קאַמער — איך בין אָפּגעזעסן מײַנס, און איצט האָב איך זיך געזעגנט מיט מײַן שאָכן, ער האָט נאָך געהאַט אָפּצוקומען א האַלב יאָר טפיסע. מיר האָבן זיך אַרומגענומען און צעקושט.

— אין א האַלב יאָר אַרום וועל איך אויך אַרויס אַף דער פרײַ, — האָט ער געזאָגט, — עפשער וועלן מיר זיך נאָך זען.

— מיר וועלן זיך זען פריִער, — האָב איך אים געענטפערט, — איך וועל קומען אַף א באַזוך צו דיר. איך וועל קומען מיט איר...

ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, געשמייכלט אומעטיק און פאַרשעמט. אין דער טיר האָט זיך באַוויזן דער וועכטער, איך האָב געמוזט אַוועקגיין.

איך האָב פאַרלאָזט די פאַרשאָלטענע טורמע, און אין א וואָך אַרום האָב איך זיך אַוועק־געלאָזט צו מײַן כאַווערס דאָרף. א גאַנצע נאַכט בין איך געפאָרן אין דריטן קלאַס פון א צוג. אינדערפרי האָב איך זיך געפונען אין א קליין שטעטל, פונוואַנען איך האָב נאָך געדאַרפט דורכ־מאַכן צוויי מײַל צופוס.

איך האָב זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן, געגאַנגען מיט אימפּעט. עס האָט מיך געטריבן די פרייד פון דעם לויטערן זומער-טאָג, די פרייד פון פרײַהײַט, וואָס איז געווען, ווי ווײַן, מיט וועלכן עס איז אַזוי לײַכט זיך צו פאַרשיקערן. עס האָט מיך געפרייט דאָס גערוך פון וואַלד, דאָס געזאַנג פון די פייגל, די קאָלירן פון דער וועלט, פון דער שיינער קאַרפּאַטישער לאַנדשאַפט.

איך בין אַדורך צוויי דערפער, אָרעמע דערפער, אַרום וועלכע עס האָבן זיך געצויגן בלויז נעבעכדיקע שטיקלעך פעלד. די שטיינערדיקע ערד איז געווען פאַרזייט מיט האָבער און גערשטן, — א סימען פון אָרעמקײַט און נויט. סאָפּקאָלסאָף בין איך געקומען אין דעם דאָרף, וועגן וועלכן ס׳האָט מיר דערציילט מײַן פרײַנט.

— ווו וווינט דאָ זאַוואַדאַ? — האָב איך געפרעגט בא אַן אַלטער פויערטע.

— וועלכער זאַוואַדאַ? — האָט זי אַף מיר אויפגעהויבן איר אומעטיק געזיכט.

— דער, וואָס וווינט אפּן בערגל, לעבן וואַלד.
— אפּן בערגל? קיין שום זאַוואַדאַ וווינט ניט אױף דעם בערגל.
— וואָיטשעך זאַוואַדאַ, — האָב איך איבערגעכאַזערט, — דער, וואָס האָט אַ טאָכטער.
— איך ווייס ניט, — האָט געזאָגט די אַלטיטשקע, — פרעגט בא אַן אַנדערן. איך ווייס ניט.

איך האָב זיך געלאָזט ווײַטער, אומגעקוקט זיך אױף רעכטס און אױף לינקס, ווי איינער, וואָס קומט צוריק צו זײַן אַלטער היים און באַטראַכט די ענדערונגען, וואָס זײַנען דאָ פאָרגעקומען בײַס זײַן אָפּוועזנהײַט. איך האָב געקוקט און ניט דערקענט דאָס דאָרף, ווען וועלכן זאַוואַדאַ האָט מיט אַזאַ שטאָלץ דערציילט. עס האָט זיך דאָ נישט געפילט ניט קיין רײַכקײַט און ניט קיין זעטיקײַט, קיין ווייץ און קיין קאָרן איז דאָ ניט געוואַקסן, בלויז האָבער און גערשטן, ערטערווײַז אַ ביסל קרויט אָדער קאַרטאָפל. אַן אָפּגעריסן יינגל איז געשטאַנען בא אַ פּלויט.

— ווו וווינט זאַוואַדאַ? — האָב איך ווידער געפרעגט. — וואָיטשעך...
— וואָיטשעך? — האָט זיך צעלאַכט דאָס יאַטל, — דער, וואָס האָט געשלאָגן אַ פּאָליציאַנט? ער זיצט אין טורמע.
— זאָג מיר, ווו וווינט זײַן פרוי? זײַן פרוי און זײַן טאָכטער?
— זאַוואַדאַ האָט ניט קיין פרוי און ניט קיין טאָכטער.
אַן עלטערער פויער האָט זיך באַוויזן אױף דער שוועל פון דער כאַטע.
— זאַוואַדאַ? — האָט ער איבערגעכאַזערט. — ניין, זאַוואַדאַ האָט קיינעם ניט. דאָס איז אַן אָרעמער מענטש, אַן איינזאַמער מענטש.

אין איין מינוט איז כאַרעוו געוואָרן מײַן גאַנצע האָפענונג אױף אַ שיינער היים און אױף דער שיינער טאָכטער פון מײַן טפּיסע־כאַווער. מיד און דערשלאָגן האָב איך זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן — נאָכאַמאָל איז מיר פאָרגעשטאַנען דורכמאַכן צוויי מײַל צו דער באַן־סטאַנציע.

צומאָרגנס האָב איך זיך ווידער געפונען אין שטאָט און באַשלאָסן גיין צו זאַוואַדען אין טפּיסע. איך האָב געוואָלט פרעגן בא אים, פאַרוואָס ער האָט דאָס געטאָן, פאַרוואָס האָט ער מיך אָפּגענאַרט, פאַרוואָס?

איך האָב ניט באַמערקט, אין וועלכער מינוט ער איז אָנגעקומען און אוועקגעשטעלט זיך בא דער דראָטענער נעץ, ווו איך האָב שוין אױף אים געוואַרט. איך האָב אױף אים געקוקט שווײַגנדיק. איך בין נאָך בייז געווען אױף אים, און ער האָט עס געפילט.

— נו? — האָט ער געפרעגט. — ביסט געווען דאָרט, אין דאָרף?
— ניין, — האָב איך געענטפערט. איך האָב ניט געהאַט קיין האַרץ צו זאָגן אים דעם עמעס. — איך בין ניט געווען. איך וועל וואַרטן אױף דיר. ווען דו וועסט אָפּזיצן און אַרויס אױף דער פרײַ, וועלן מיר צוזאַמען אַהיים פאָרן.
— איך האָב נאָך אַ האַלב יאָר, — האָט ער געזאָגט שטיל, — וועסט וועלן, וועסטו וואַרטן...
— איך וועל וואַרטן, — האָב איך ווידער געזאָגט און האָב דערפילט אַ ווייטעק אין האַרצן, — ביסט דאָך מײַן פרײַנט.
— אַוואַדע בין איך, — האָט ער זיך צעלאַכט.
— און ביסט איר פאָטער... — האָב איך צוגעגעבן.
— איר פאָטער, — האָט ער איבערגעכאַזערט, — ביסט אַ ווילער יאַט, איך מיין, אַז דו ביסט ניט בייז אױף מיר. איך האָב געמיינט, אַז אַזוי וועט אונדז גרינגער זײַן.
— איך פאַרשטיי, זאַוואַדאַ... נאָר איך... איך האָב זי דאָך ליב געהאַט פּונקט אַזוי, ווי מע האָט ליב אַ לעבעדיקן מענטשן.
— זי איז געווען אַ גוטע און אַ שיינע, — האָט געזאָגט דער פויער מיט אומעט אין די אויגן, און די ליפּן האָבן בא אים מאָדנע געציטערט, — עס זײַנען מינאַסטאָם פאַראַן אַזעלכע ערגעץ אין דער וועלט.

ער האָט מיר דערלאַנגט צוויי פינגער דורך דער דראָטענער נעץ, בא וועלכער מיר זײַנען געשטאַנען.

— ליבער האַרציקער זאַוואַדאַ, איך וועל ווידער קומען צו דיר, — האָב איך אים צוגעזאָגט.

איך בין אָבער ניט געקומען. דאָס לעבן האָט מיך פאַרוואָרפן אין אַנדערע קאַנטן, וויכטיקע איניאָנים האָבן מיך ניט דערלאָזט ווידער צו באַזוכן זאַוואַדען. איך האָב שוין מער קיינמאָל זאַוואַדען ניט געזען.

אָבער פאַרגעסן האָב איך אים ניט. אָפט טראַכט איך וועגן אים. וועגן אים און וועגן זײַן שיינער טאָכטער, וואָס האָט געלעבט אין אונדזער דימיען און דערמוטיקט אונדז אין די שווערע צײַטן.

# מוטער און זון

געקומען איז דער טאָג, ווען דער זון האָט געמוזט פאַרלאָזן די שטוב, קעדיי צו גיין דינען פאַר אַ סאָלדאַט אין פּילסודסקיס אַרמיי. די מוטער האָט אים באַגלייט צום וואָקזאַל.

— זיַי אַ מענטש, — האָט זי אים אָנגעזאָגט, — זיַי אַ מענטש, מײַן קינד, ווערסטו ניט פאַרפאַלן ווערן. די אַרמיי איז אויך פאַר מענטשן. געדענק זשע, זיַי אַ מענטש, איך זאָל ניט דאַרפן פאַרגיסן קיין טרערן. דו ווייסט דאָך, אַז דאָס האַרץ טוט מיר ווי פון וויינען...

זי האָט זיך פאַרהוסט און גענומען ווישן די טרערן מיט דער פאָלע פון פאַרטעך.

דער צוג איז אַוועק, און די מוטער איז פאַרבליבן אַליין מיט אירע זאָרגן. זי האָט געוויינט אָפט, נאָך אָפטער ווי פריִער. זי האָט געוואַרט אויף דעם זון. זי האָט געגלייבט, אַז ער וועט זיַין אַ מענטש און אַז אין אַ געוויסן טאָג וועט ער זיך אומקערן אַהיים, כאָטשע האָבן מיט אַ שיינער, רײַכער קאַלע און פאַרזיכערן איר אַ זאַטע, וואַרעמע עלטער.

די מוטער האָט געציילט די שעהען און געבלעטערט דעם לוח, קעדיי צו געפינען דעם שיינעם, גליקלעכן טאָג, ווען דער זון וועט קומען. אײַנשלאָפנדיק נאָך דער שווערער אַרבעט, האָט זי אים געזען, דעם בעניאָכיד, אין חלום. אין אַ שיינעם מונדיר פון אַ קאַוואַלעריסט, פון אַן אולאַנער, מיט עפּאָלעטן און מיט אַקסלבענדער, איז ער געריטן אויף אַ פערד, און ענלעך איז ער געווען אויף אַ גענעראַל, אַזוי שיין און געראָטן איז ער.

פיר און צוואַנציק כאָדאָשים האָט דער זון געדאַרפט אָפּדינען אין מיליטער. די דאָזיקע צײַט האָט זיך שוין דערנענטערט צום סאָף, און דער קאַוואַלעריסט איז נאָך קיין איין מאָל ניט געווען אין דער היים. בלויז צוויי מאָל האָט ער אָנגעשריבן אַ פּאָר ווערטער, פון וועלכע עס איז געווען געדרונגען, אַז ער איז געזונט און בעט איבערגעבן גרוסן אַלע באַקאַנטע.

און אָט, אויפן דריַי-און-צוואַנציקסטן כוידעש פון זײַן מיליטערישער דינסט, אַ כוידעש פאַר דער באַפרײַונג, אין שפּעטן האַרבסט, אין אַ פינצטערער רעגנדיקער נאַכט האָט ער אָנגעקלאַפּט אין דער מאַמעס טיר. געקלאַפּט האָט ער לאַנג, ווײַל די מוטער איז געווען מיד פונעם טאָג אַרבעט און פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף. זי האָט ניט געהערט, ווי עס וואָיעט דער ווינט, ווי עס יאָגן אַרום די מײַז איבער דער שטוב. זי האָט ניט געהערט, ווי אין דער טיר האָט אָנגעקלאַפּט איר געליבטער זון, אויף וועלכן זי האָט זיך געריכט ערשט אין אַ כוידעש אַרום.

ער האָט אָפּגעריסן דאָס קייטעלע פון דער טיר און איז אַרײַן אין שטוב. ווי אַ שאָטן, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט באַם בעט פון דער מוטער. ער האָט זי אָנגענומען באַ דער האַנט, און ערשט דעמלט האָט זי זיך אופגעכאַפּט און אים דערקענט. ער האָט אָנגעצונדן דעם נאַפט-לאָמפּ, און זי האָט דערזען זײַן געזיכט. אַ מיד געזיכט איז עס געווען, אַן אויסגעמאַטערטס. ער איז געווען אָפּגע-ריסן און קימאַט באָרוועס — קוים לעבעדיק.

— מײַן קינד, — האָט זי זיך צעוויינט, — איך האָב אויף דיר אַזוי געוואַרט, אַזוי געוואַרט, און איצט פיל איך, אַז איך וועל ווידער מוזן וויינען צוליב דיר, ווײַל איך זע דאָך, אַז אַן אומגליק האָט מיט דיר פּאַסירט. זעסט אויס אַזוי, אַז שענערע טראָגט מען אַוועק אויפן בעסוילעם. ביסטו, כאָסוועכאָלילע, ניט קראַנק?

זי האָט זיך אופגעהויבן פון בעט און גענומען זיך פּאָרען באַם אויוון.

— שוין גיב איך דיר עסן, — האָט זי געזאָגט, — אָבער איך וויל וויסן, וואָס עס איז געשען. האָסט געדאַרפט קומען אין אַ כוידעש אַרום און ביסט געקומען הײַנט. ווו איז דײַן מונדיר און ווו איז דײַן ביקס? ביסט אַנטלאָפן?

ער האָט געשוויגן. שווײַגנדיק האָט ער אָפּגעבראָכן אַ שטיקל פון דעם ברויטל, וואָס איז געלעגן אויפן טיש.

— זיי וועלן דיך כאַפּן, ווערסטו מוזן ווידער אָנהייבן פון אָנפאַנג.

ער האָט געגעסן, געשאָקלט מיטן קאָפּ, און אַ צופרידנקײַט האָט זיך צעגאָסן אויף זײַן געזיכט. דאָס ברויט איז נאָך געווען וואַרעם, די מוטער האָט עס געבראַכט פונעם בעקער אין אָוונט. ווײַס ברויט איז עס געווען, עס האָט געשמעקט מיט קימל.

— פאַרוואָס האָסטו עס געטאָן? — האָט געפרעגט די מוטער, מיט דער האַנט געגלעט זײַן געזיכט און גיריק געקוקט אים אין די אויגן, זי האָט אַזוי לאַנג אים ניט געזען, פאַרבענקט זיך נאָך אים. זי איז געווען שטאָלץ, וואָס זי האָט אַזאַ שיינעם זון. גליקלעך וואָלט די מוטער געווען אין דער דאָזיקער מינוט, ווען ניט דער פּאַכעד, וואָס האָט זי אַלץ שטאַרקער אַרומגענומען.

— פאַרוואָס האָסטו ניט געוואַרט נאָך איין כוידעש? בלויז איין כוידעש. און איצט וואָס וועלן מיר טאָן? ווערסט זיך מוזן באַהאַלטן.

— איך וויל שלאָפן, — האָט געזאָגט דער זון, — פיר טעג און פיר נעכט בין איך געגאַנגען צופוס. די ביינער טוען מיר ווי. איך וויל זיך אויסשלאָפן, איידער זיי וועלן קומען נאָך מיר.

— איך וועל דיך באַהאַלטן, — האָט געזאָגט די מוטער, — איך וועל דיך אַזוי באַהאַלטן, אַז קיינער וועט דיך ניט געפינען.

— איך וויל זיך ניט באַהאַלטן, — האָט ער געענטפערט, — הײַנטיקע צײַטן קאָן מען זיך ניט באַהאַלטן. די וועלט איז קליין און ענג.

זי האָט געוווּסט, אַז אויב דער זון אירער וויל זיך ניט באַהאַלטן, וועט אים דערצו קיינער ניט צווינגען.

— זייער שלעכט איז דיר דאָרט געווען? — האָט זי אים געפרעגט, ווען ער איז שוין געלעגן אין בעט, אונטער דער פערענע.

— ניט זייער. האָסט דאָך אַליין אַמאָל געזאָגט, אַז אַלץ איז פאַר מענטשן. אויב אַלץ איז פאַר מענטשן, האָב איך טאַקע אָפּגעדינט גאַנצע דרײַ און צוואַנציק כאַדאָשים אָן צוויי טעג. פּונקט אַף אַזויפיל האָט מיר געשטײַעט געדולד, אָבער עס האָט מיר אויסגעפעלט געדולד אַף דעם פיר־און־צוואַנציקסטן כוידעש.

— מײַן קינד, — האָט זי זיך ווידער צעוויינט, — מײַן אָרעם קינד. מע וועט דיך כאַפּן און דו וועסט מוזן אָנהייבן פונדאָסנײַ.

— איך וועל אָנהייבן פונדאָסנײַ, — האָט געזאָגט דער זון, — עפשער וועט מיר איצט קלעקן געדולד אַף גאַנצע פיר און צוואַנציק כאַדאָשים.

— זאָל גאָט העלפן, עס זאָל דיר קלעקן, — האָט זי געזאָגט, גלעטנדיק זײַנע באַקן.

— איך בין מיד און וויל שלאָפן, אָבער איך וויל דיר דערציילן, וויאַזוי דאָס איז געווען. כ׳וויל, זאָלסט וויסן, וויאַזוי עס באַקומט זיך, וואָס אַ מענטש האָט געדולד אַף דרײַ און צוואַנציק כאַדאָשים, און פאַרוואָס ניט אַף גאַנצע פיר און צוואַנציק. צוערשט מוז איך דיר זאָגן, אַז איך האָב קיינמאָל ניט ליב געהאַט קיין פערד. און דאָרט האָב איך אָפּט געמוזט קושן מײַן פערד אין זאַד, דערפאַר ווײַל עס פלעגט אַמאָל זיך צוקלעפּן אַ שטיקל בלאָטע אָפּן בויך אָדער אַף די פיס פון דעם פערד. עמעס, ס׳איז אַ גוט פערד און עפשער אפילע פון אַ גוטער מישפּאָכע, אָבער פאָרט ניט מער ווי אַ פערד, און צי פאַסט עס, אַז אַ מענטש זאָל קושן אַ פערד, און דאַפקע אַף אַזאַ אָרט? מיר האָבן געהאַט איינעם אַן אָפיצער, וועלכער האָט זייער ליב געהאַט פערד. דאָס איז אַ רײַכער מענטש, אַ גראַף, ער האָט אַ סאַך פערד אין זײַן גוט, און ער פלעגט אָפּט זאָגן, אַז פערד זײַנען שיין און איידל, און פון די זעלנער שטינקט, ווײַל זיי פּרעסן שוואַרץ ברויט. מיר האָבן אויך געהאַט אַן אונטעראָפיצער, וועלכער פלעגט אונדז פײַניקן. דער דאָזיקער פאַרשוין פלעגט אונדז אַרויסטראָגן דעם אורטייל — קושן די פערד אין זאַד. דערבײַ האָבן אַלע געדאַרפט לאַכן און דער אָפיצער פלעגט אָנצילן דעם פאָטאָ־אַפּאַראַט און אונדז פאָטאָגראַפירן. איצט פאַרשטייסטו שוין, פאַרוואָס מיר האָט ניט געקלעקט קיין געדולד?

— איך פאַרשטיי, — האָט געזאָגט די מוטער, — איך פאַרשטיי, אַז עס וואַרט אַף אונדז אַ גרויסער אומגליק, און איך ווייס ניט, וואָס מיר וועלן טאָן.

דער זון האָט מיט דער פויסט אַ זעץ געטאָן זיך אין האַרצן.

— מאַמע! דו קענסט מיך! ווען איך זאָל אפילע נאָך צען מאָל מוזן פון דאָרט אַנטלויפן, וועל איך מער ניט קושן די פערד. הערסט? איך וועל ניט קושן!

— שרײַ ניט אַף מיר! וואָס בין איך שולדיק? כ׳בין אַן אָרעמע, אומגליקלעכע מאַמע, און דאָס האַרץ טוט מיר ווי, איך קאָן שוין ניט אַזויפיל וויינען.

— זאָרג זיך ניט, — האָט ער זי געפּרוּווט טרייסטן, — אַלץ וועט נאָך זײַן גוט. אַלץ איז דאָך פאַר מענטשן, זאָגסטו דאָך.

— שלאָף שוין, שלאָף. — זי האָט פאַרלאָשן דעם לאָמפּ.

— מאַמע? שלאָפסט שוין?

— ניין, איך שלאָף ניט.

— איך קלער מאָרגן אינדערפרי זיך לאָזן אין וועג אַרײַן. איך וויל ניט, זיי זאָלן מיך דאָ זוכן. איך וועל קומען, און כ׳וועל זיי זאָגן, אַז כ׳בין דאָ. עפשער וועט זײַן בעסער.

— עפשער וועט זײַן בעסער, — האָט געזאָגט די מוטער, — ביסט קליגער פון מיר.

— זיי זאָלן נאָר ניט קומען באַנאַכט.

— זיי וועלן ניט קומען. שלאָף רויִק.

— נו, איז אַ גוטע־נאַכט.

ער איז אַנשלאָפן געוואָרן און האָט געשנאָרכט ביז אינדערפרי. די מוטער האָט געוואַכט באַם פענצטער. אין דרויסן איז געווען אַ בלאָטע, דער ווינט האָט געקלאַפּט אין די שויבן און דורך די שפּאַרעס אַרײַנגעגאַנוועט זיך אין צימער.

„און איך האָב אים אזוי געבעטן, אזוי געבעטן, ער זאָל זײַן א מענטש".

זי האָט זיך אָנגעבויגן איבערן זון, צוגעטוליעט איר באַק צו זײַנער און דערפילט דעם ליבן רייעך פון זײַן לײַב.

# דער אומבאַקאַנטער לעוויטעס

שוין דעם דריטן טאָג זײַנען זיי געזעסן אין דער דאָזיקער טפיסע־קאַמער אונטער דער גרויער געבײַדע פון געסטאַפּאָ.

דעם אורטייל האָבן זיי שוין געוווּסט: מע זוכט א יידן, וואָס הייסט לעוויטעס. אויב דער דאָזיקער לעוויטעס וועט זיך ביז אינדערפרי ניט מעלדן אין געסטאַפּאָ, וועט מען זיי אַלע פון דער דאָזיקער קאַמער אַרויספירן צו דער טליָע.

ווער ווייסט, צי דער לעוויטעס וועט זיך מעלדן? לעוויטעס — אזוי הייסט זייער לעצטער שאַנס, זייער לעצטע האָפענונג. און טאַקע וועגן דעם האָבן זיי גערעדט.

צומיינסטן האָט גערעדט א נערוועזער יונגערמאַן. זײַנע ווערטער האָבן געוועקט אַן אומרו, אָנגעוואָרפן א מאַרעשכוירע.

— לעוויטעס וועט ניט קומען! לעוויטעס איז אַן אומענטש, א כאַזער איז ער, א ווילדע כײַע. און איך מיין, אַז אַזויפיל געראַכטיקײַט דאַרף דאָך זײַן אַפילע אין די הײַנטיקע צײַטן, אַז יעדער מענטש זאָל שטאַרבן פאַר זיך און ניט הינטער פרעמדע פּלייצעס באַהאַלטן זיך פאַר דעם מאַלעכהאַמאָוועס...

— יעדער מענטש שטאַרבט פאַר זיך, — האָט אים געענטפערט אַן אַלטער אײַנגעהויקער־טער ייד מיט א גראָוער באָרד, — עס דאַכט זיך דיר בלויז, אַז דו שטאַרבסט פאַר עמעצן...

— אָוודע, — האָט צוגעבאָמקעט אַן אַנדער שאָטן אין ווינקל אַף דער הילצערנער נאַרע, — מע קאָן ניט געבוירן ווערן פאַר עמעצן, מע קאָן ניט שטאַרבן פאַר עמעצן...

— און געפײַניקט זײַן? און לײַדן? — האָט געפרעגט דער נערוועזער יונגערמאַן. — לײַדן פאַר עמעצן קאָן מען צי מע קאָן ניט?

ווען קיינער האָט אים ניט געענטפערט, האָט ער איבערגעכאַזערט די פראַגע, און זײַן שטים איז געווען נאָך שטרענגער און בייזער, ווי פריִער.

— איך פרעג, לײַדן פאַר עמעצן קאָן מען?

— שרײַ נישט, מעשוגענער!

— איך וויל וויסן, פאַרוואָס מוז איך שטאַרבן פאַר דעם דאָזיקן לעוויטעס? עמעצער האָט דאָ געזאָגט, אַז דאָס איז א זאַקן, וואָס האָט שטענדיק מיספּאַלעל געווען און גערעדט מיט גאָט, ווי מיט זײַנס א גלײַכן. און איצט האָט ער זיך מעיאַשעװ געווען און זיצט ערגעץ אין א בונקער און אײַלט זיך ניט אין הימל אַרײַן.

— ווער האָט דאָס געזאָגט, אַז לעוויטעס איז א זאַקן?

קיינער האָט ניט געענטפערט. עס איז געווען שטיל.

— זעקס און צוואַנציק יאָר וווין איך דאָ, אין דעם דאָזיקן שטעטל, און קיינמאָל האָב איך ניט געהערט וועגן קיין שום לעוויטעס. עפּשער איז עס איינער פון די פּאַרטיזאַנער?

דער נערוועזער יונגערמאַן האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און גערעדט גיך. זײַן קאָל האָט גע־סקריפּעט ווי א פאַרזשאַווערטער אינסטרומענט.

— און איך זאָג אײַך, אַז דאָס מוז זײַן איינער פון די פּרומאַקעס, פון די זײַדענע יידן, וואָס ריידן מיט גאָט. ווען מע וועט אונדז אופּהענגען, וועט לעוויטעס גוימל בענטשן און דאַנקען גאָט, וואָס ער האָט זיך איבער אים דערבאַרעמט און אים מאַצל געווען.

— מע שעצט אים צען מאָל טײַערער, איידער יעדן איינציקן פון אונדז... מיר זײַנען דאָ צען מענטשן, און אַלע מוזן מיר שטאַרבן, קעדיי לעוויטעס זאָל קאָנען נאָך א ביסל מוטשען זיך אַף דער וועלט.

— וואָלט איך כאָטש געוווּסט, ווער דאָס איז, דער דאָזיקער לעוויטעס.

— עפּשער ווייסט ער ניט, אַז די דײַטשן זוכן אים?

— דאָס איז מעגלעך.

— און עפּשער לעבט ער שוין ניט? — האָט זיך פאַרטראַכט אַן אַנדער ייד.

— מאָרגן וועלן מיר שוין אויך ניט לעבן, — האָט דערמאָנט דער נערוועזער.

— קיינער וויל ניט שטאַרבן, קיינער קאָן ניט לעבן.

— אונדזער טויט וועט פאַלן אַף דעם קאָפּ פון דעם דאָזיקן לעוויטעס, — האָט געיאָמערט דער נערוועזער, — אַזאַ אַלטער טערעך. ער מוז לעבן!

— לעוויטעס, לעוויטעס... ווער איז ער? א מאָדנע זאַך. קיינער זאָל ניט וויסן, ווער דאָס איז...
— לעוויטעס וועט ניט זײַן, און מיר וועלן ניט זײַן, און די וועלט וועט ווײַטער עקזיסטירן...
— די וועלט וועט ניט פארגעסן. די וועלט וועט בלוטיקן!
— מיינסט, אז לאַנג וועט זי בלוטיקן? — האָט זיך אָנגערופן איינער א זייגערמאכער. ווי אמערסטן זייגערמאכערס, איז ער געווען א קליינינקער, א דארער. — די וווּנד וועט זיך פארהיילן, אָבער מיר וועלן שוין ניט זײַן דערבײַ.
— איך וויל ניט, מע זאָל מיך הענגען פאר לעוויטעסן, — האָט זיך דערמאָנט דער נער־וועזער. — ווער איז ער? מײַן קאָרעווו? מײַן ברודער? מײַן טאטע? וואָס איז ער? א נאָגיד? נעגי־דים האָבן שטענדיק גליק.
דער שמועס איז אָף א ווײַלע אויסגעלאָשן געוואָרן.
זיי זײַנען געווען פארנומען יעדערער מיט זײַנע אייגענע מאכשאָוועס.
— איך האָב אים אויך ניט געקענט, — האָט געזאָגט דער בעקער הערש־לייב דאָבקיעס, א מענטש פון א יאָר דרײַסיק מיט געלע אײַנגעפאלענע באקן און ברענענדיקע אויגן. ער איז געווען קראנק, פון צײַט צו צײַט האָט ער געציטערט, געהאט היץ.
— איך האָב אים ניט געקענט, — האָט איבערגעכאַזערט הערש־לייב, — אָבער דאָס איז דען וויכטיק? וואָס ווילט איר וויסן וועגן אים? וויאַזוי ער זעט אויס? וואָס פאר א באָרד ער האָט? וואָסערע אויגן? און עפשער איז דאָ ביכלאל קיינמאָל קיין שום לעוויטעס ניט געווען?
— דאָס איז אויך מעגלעך.
הערש־לייב דאָבקיעס איז צוגעגאנגען צום פענצטערל און צוגעטוליעט דאָס פּאָנעם צו דער קאַלטער אײַזערנער גראטע:
— קיינער האָט ניט געזען לעוויטעסן. קיינער האָט אים ניט געקאָנט זען. לעוויטעס איז ניט מער ווי א סימען. און זיי — זיי ווילן, אז דער דאָזיקער סימען זאָל שטארבן! וועט ער שטארבן! איר הערט? ער וועט שטארבן. איך וויל ניט, איר זאָלט ריידן שלעכט וועגן לעוויטעסן. איך וויל ניט, איר זאָלט אים שילטן אין דער שאָ פון טויט. לעוויטעס וויל ניט אײַערע קאָרבאָנעס. לעוויטעס וועט אליין זײַן א קאָרבן. איר הערט? אליין!
זיי האָבן געקוקט אָף אים פארכידעשט, דערשראָקן. ניט געקאָנט פארשטיין דעם אופברויז. שטענדיק איז הערש־לייב געווען אזא רויִקער, אזא שטילער.
— שרײַ ניט, הערש־לייב! זיי וועלן דערהערן און וועלן ווידער קומען. זיי וועלן אונדז שלאָגן.
— זאָלן זיי קומען, — האָט געזאָגט הערש־לייב, — זאָלן זיי קומען, און זאָלן זיי זיך נעמען לעוויטעסן.
— וואָס רעדסטו? קיין שום לעוויטעס איז דאָ ניטאָ.
— איך בין לעוויטעס! — האָט געזאָגט הערש־לייב. — זאָגט זיי, אז לעוויטעס איז דאָ. לעוויטעס וועט ניט אנטלויפן פאר דעם מאלעכהאמאָוועס.
— מעשוגענער! — האָט געשריִען דער נערוועזער יונגערמאן. — וואָס פאר א לעוויטעס ביסטו? ביסט הערש־לייב דאָבקיעס, ריווקע דער טויבערס זון. שרײַ ניט, אז דו ביסט לעוויטעס. אליין האָסטו ערשט געזאָגט, אז לעוויטעס איז ניט מער ווי א סימען. קיין שום לעוויטעס איז ניטאָ.
— לעוויטעס וועט שטארבן בעקאָוועדיק, — האָט געזאָגט הערש־לייב, — לעוויטעס וועט קומען פרײַוויליק, ער וועט קומען און שטעלן זיך פאר זיי מיט אן אופגעהויבענעם קאָפּ. ער וועט קוקן אין זייערע אויגן און וועט שפּײַען אין זייערע פּענעמער! איר הערט? ער וועט שפּײַען אין זייערע פארצעפס, אז פארברענט זאָלן זיי ווערן! איר קענט ניט לעוויטעסן, קיינער קען ניט לע־וויטעסן, לעוויטעס האָט קיינמאָל קיין פליג ניט געהארגעט, אָבער איצט וועט ער עס טאָן, ער איז ניט קיין פּאכדן... לעוויטעס איז שוין ניט איין מאָל געשטאָרבן. לעוויטעס איז אימשטאנד טויזנט מאָל צו שטארבן, אין יעדן געסל פון געטאָ. לעוויטעס מיט דער לאטע, וואָס איז געל ווי די זון...
— דאָבקיעס, בארויִק זיך!
— רופט זיי! — האָט אויסגעשריִען הערש־לייב, — זאָלן זיי שוין קומען!
— פארשטאָפּט אים דאָס מויל, — האָט געזאָגט איינער פון די זקיינים, — נעמט מײַן טיכל און פארשטאָפּט אים דאָס מויל.
— זאָלן זיי קומען. זאָלן זיי זיך נעמען דעם קאָרבן. זאָלן זיי קומען, איך זאָל קאָנען אָנשפּײַען אין זייערע געזיכטער! לעוויטעס! דו האָסט דאָך ניט מוירע צו שטארבן, האַ?
און מיט פארקלאמערטע פויסטן האָט ער זיך געוואָרפן צו דער אײַזערנער טיר פון דער קאמער.



# פאַר קליין און גרויס

זיאַמע טעלעסין

## די מישפּאָכע באָדט זיך

דער קאַטשער
אַרײַן איז דער ערשטער אין טײַך,
די קאַטשקע
נאָך אים האָט געלאָזן זיך גלײַך,
נאָך זיי — אַלע זיבעצן קאַטשקעלעך.

דער קאַטשער
אין שנאָבל וואַסער נעמט אָן.
די קאַטשקע
האָט טײַקעף דאָס זעלבע געטאָן.
נאָך זיי — אַלע זיבעצן קאַטשקעלעך.

דער קאַטשער —
ער האָט זיך געשטעלט אפן קאָפּ.
די קאַטשקע
די זעלביקע כאָכמע טוט אָפּ.
נאָך זיי — אַלע זיבעצן קאַטשקעלעך.

דער קאַטשער,
די קאַטשקע
פאַרהייבן די קעפּ.
נאָך זיי אפן וואַסער א ווינקל זיך שלעפּט
פון זיבעצן געלינקע קאַטשקעלעך.

קריאַק־קריאַק! —
מאַכט דער קאַטשער.
דאָס פּרוּווט ער זײַן שטים.
קריאַק־קריאַק! —
כאַזערט איבער
די קאַטשקע נאָך אים.
נאָך זיי — אַלע זיבעצן קאַטשקעלעך.

די קאַטשקעלעך
וואָלטן געפּליוסקעט זיך נאָך,
נאָר ס'טוט מיט די פליגלען
דער קאַטשער א פּאָך, —
דאָס הייסט — ס'איז גענוג שוין צו באָדן זיך.

דער קאַטשער
דער ערשטער אַרויס איז פון טײַך,
די קאַטשקע
נאָך אים האָט געלאָזן זיך גלײַך.
נאָך זיי — אַלע זיבעצן קאַטשקעלעך.
און אַלע גענומען זיך אָפּטרייסלען.

## פאַר די הענטלעך

קינדערלעך קלייניקע גייען אינצווייען.
קינדערלעך קלייניקע — גייען און גייען.

זיי זאָלן ניט פאַלן — דער וועג איז א קרומער, —
האָבן זיי זיך פאַר די הענטלעך גענומען.

זיי גייען און האַלטן זיך שטײַף פאַר די הענטלעך,
אַנטקעגן, זיך קאַטשענדיק, גייען צוויי ענטלעך.

איין ענטל א טראָט געטאָן האָט אף א ציגל, —
עס טוט זיך א וואַקל, א פּאָך מיט די פליגל...

דאָס צווייטע — א שטויס געטאָן זיך אָן א
פלאָקן, —
געמאַכט א געשריי, אַף טויט זיך דערשראָקן.

און אַלץ נאָר דערפאַר, ווײַל די נאַרישע ענטלעך
קאָנען ניט נעמען זיך שטײַף פאַר די הענטלעך.

# א יויך

ס'האָט דער וואָלקן אָנגעבראָקט שוין
פונעם רעגן לאַנגע לאָקשן.

אַף די בלעטער — טויען, טויען,
פונקט ווי פאַרפעלעך ווי בלויע.

אַף דער אָזערע דער רונדער
שווימט א גאָנער, שווימט באַזונדער.

נעמט די זון פונויבן באַקן, —
קאָכט א יויך אזא געשמאַקע

פונעם וואַסער מיטן גאָנער,
וואָס „גאַ־גאַ" נאָר מאַכן קאָן ער.

זאָגט, מיט וואָס די יויך פאַרוואַרפן —
צי מיט לאָקשן, צי מיט פאַרפל?

# אין וועלדל

אין וועלדל, בא דער אָזערע,
ווו ס'וואַקסט דער בלויער לייַן,
כ'האָב אין דער ערד א שטעקעלע
געטאָן א שטופּ אַרייַן.

און ווען איך האָב דאָס שטעקעלע
געטאָן א ציִ ארויס,
געוואָרן איז א גריבעלע —
א פינגערהוט די גרויס.

נאָר ניט וועגן דעם גריבעלע
וועט איצטער גיין א רייד, —
נאָר וועגן זשוקל, וועלכער האָט
דערנעבן זיך געדרייט.

עס האָט אַרייַנגעשטעקט אהין
זייַן גרינלעך־בלויען קאָפּ
און ראַפּטום אינעם גריבעלע
געטאָן א פאַל אַראָפּ.

וואָס דאַרף עס אינעם גריבעלע?
וואָס גייט אים אָן דאָ, וואָס?
ווייַזט אויס, עס איז דערעסן אים
ארומקריכן אין גראָז.

ארומקריכן, ארומהאָווען,
באַווייַזן דאָ און דאָרט...
עס האָט פאַרוואָלט זיך אָפּרוען
אין אָט דעם שטילן אָרט.
איז זיצט עס אינעם גריבעלע —
ס'איז רויִק זייַן געמיט.

די פליגעלעך — א מולטערל,
צעשפּאָלטן אין דער מיט.
זיי זייַנען שטייַף צונויפגעלייגט, —
ווייַל פליִען דאַרף מען ניט.

די אויגן — שוואַרצע פינטעלעך —
באַטראַכטן אַלץ ארום.
ווי דרעטלעך אויסגעבויגענע,
די וואָנצן גייען אום.

עס זיצט אין דער באַהעלטעניש,
ווער איז צו אים דאָ גלייַך?
נאָר ס'האָט א רויפּע אומגעריכט
צו אים אַרייַנגעשלייַכט.

און גלייַך נאָך איר א ווערעמל
זיך האָט אַרייַנגעשאַרט.
א סאָסנע־נאָדל פאַלט אַרייַן,
וואָס האָט א יאָר געדאַרט.

און נאָכדעם זייַנען מערעשקעס
געקומען אָן א שיר.
אוי, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן
אין גריבעלע בא מיר!..

הייַנט זעט איר, וואָס פאַרלויפן קען
פון אָט אזא מין זאַך,
ווען מיט א שטיקל שטעקעלע
א גריבעלע מע מאַכט.

# דער עפּל־באַרן־בוים

דער בוים,
וואָס טוט אונדז עפּל ברענגען,
הייסט בא אונדז אָן עפּלבוים.
דער בוים,
אַף וועלכן באַרן הענגען,
הייסט בא אונדז א באַרנבוים.

עפּל האָבן שטענגלעך,
באַרן האָבן שטענגלעך.
עפּל זייַנען רונדע,
באַרן זייַנען לענגלעך.

באַרן זייַנען לענגלעך,
עפּל זייַנען רונדע,

וואקסן זיי באזונדער.
וואָס זשע איז דער וווּנדער?

אָט אזוי איז אײַנגעשטעלט
שוין פון אייביק אױף דער וועלט.

דארף זיך מאכן, אז מע האָט
מיך נאָך אויבסט געשיקט אין סאָד.

כ'האָב א קוישעלע גענומען
און אין סאָד בין איך געקומען.

מיטאמאָל איך זע א בוים, —
כ'גיי אײַך דאָ ניט נארן, —
עפּל וואקסן אפן בוים
אויסגעמישט מיט בארן!

אָט דער עפּל-בארן-בוים
לייגט זיך אפן סייכל קוים.

אויב אזוי, קען זײַן א בוים,
וואָס זאָל הייסן ווײַנשל-פלוים.

אויב אזוי, איז קען מען האָפן,
אז עס זאָל א ציבעלע
זאלבענאנד מיט א קארטאָפל
וואקסן פון איין גריבעלע.

צי א קנאָבל מיט א כריין
פון איין וואָרצל זאָלן גיין.

צי א בורעק מיט א רעטעך...
טראכט נאָך ווײַטער צו, איך בעט אײַך,

ווײַל איך האָב קיין צײַט ניט, ווײַל
מיט די אויבסט אהיים איך אײַל.



## אווראָם קאצעוו



געבוירן אין 1916 יאָר אין דאָרף טשערנין (קיִעווער געגנט). פארענדיקט דעם אָדעסער פּעדאגאָגישן אינסטיטוט. וווינט אין כערסאָן.

## געסט

קומט א שניי אין סטעפּ ארײַן,
סע שטעלן זיך די פרעסט —
טראָגן מיר פון קעלער ווײַן
און ריכטן זיך אױף געסט.
רוקט זיך, רוקט א פּינטעלע
אפן ווײַסן שניי,
ווי א שווארצינק קנײַלעכל
אױף א ווײַס געניי.
קײַקלט זיך דאָס קנײַלעכל,
דאָס קנײַלעכל ווערט א קנויל,
דער קנויל באקומט גאָר פיסעלעך
און עפנט אויף א מויל.

לויפט עס, לויפט דאָס פערדעלע,
דער שליטן לויפט דעם נאָך,
דער פעטער פאָרט, די מומע פאָרט
און נאָך, און נאָך, און נאָך.
דער טאטע לויפט, די מאמע לויפט,
די שטוב איז אָפן, פוסט.
פון שליטן שלעפּט מען שוין די געסט,
מע האלדזט זיי און מע קושט.
דאָס קעצל טאנצט, דאָס מײַזל טאנצט,
דאָס הינטל שפּילט זיי צו,
דער האָן איז אפן דאך ארויף
און שרײַט: „קוקארעקו!"

## דער טאטע פאָרט אוועק

דער טאטע פאָרט אוועק,
דער טאטע פאָרט אוועק
מיט די רויטע פערדעלעך
אין א ווײַטן וועג.

— טאטעלע, טאטעלע,
נעם מיך מיט,
כ'וועל דיר זינגען
אין וועג א ליד.

זאָגט דער טאַטע:
— ביסט נאָך קליין.
שפּיל זיך מיטן קאַטערל
אין דער היים.

— ס'קאַטערל דאַרף איך ניט,
ס'קאַטערל — ניט.
טאַטעלע, טאַטעלע,
נעם מיך מיט.

טאַטעלע, נעם מיך,
כ'בין דען שוועך?

כ'וועל דיר פּאָיען
אין וועג די פערד.

זאָגט דער טאַטע:
— ביסט נאָך קליין,
העלף דער מאַמען,
זי בלײַבט אליין.

דער טאַטע פאָרט אוועק,
דער טאַטע פאָרט אוועק
מיט די רויטע פערדעלעך
אין א ווײַטן וועג.

# מיטן קאָפּ אראָפּ

(א פריילעך מײַסעלע)

א קו איז געפלויגן איבערן דאַך
און האָט געלייגט אן איי אפן שליאַך.

ט'געגנומען דאָס איי, צעהאַקט די שויבן
און האָט זיך באַהאַלטן הינטערן אויוון.

א פּראַסט מיט א רעגן! א היץ מיט א שניי!
און הינטערן אויוון קוואַקעט אן איי.

— קודא, קודקודא! כ'האָב געלייגט א הון!
גייט אויף די ראָסע און ס'טריקנט די זון.

די מאַמע טרײַבט אין סטאַדע די שוואַלב,
אין נעסט, אונטער סטריכע, פּישטשעט די קאַלב.

סע פּישטשעט די קאַלב, סע הירזשען די ציגן.
די קאַץ האָט געזעצט זיך מעלקן די פליגן.

דער טאַטע שפּאַנט אין וואָגן דעם האָן,
עס קרייעט דער פערד (וואָס דען זאָל ער טאָן?)

לויפט אָן א ייִנגל, — א שנעקל, א ברעקל,
כאַפּט דעם פערד און פאַרשטופּט אים אין זעקל.

דעם זאַק אף די פיס און די פיס אף דער פלייצע,
כאַפּט אָן דער פערד דעם יונגאַטש פאַר די לייצעס.

פליט מען, און פליט מען, און פליט מען, און
פליט מען,
און גלײַך אפן שפּיץ פונעם קלויסטער
פאַרפליט מען.

שטייט דאָרט א פלוי אף די הינטערשטע פיסלעך
און קלאַפּט מיט א שטיינדל וועלשענע ניסלעך.



יאנקל יאקיר

# אין א ווינטערדיקער נאכט


פֿראסטיקע ווינטערדיקע נאכט. אין דרויסן בלאָזט א קרירעדיקער ווינט, וואָס שלײַדערט הרודעס שניי אף אלע שטעגן און וועגן. ער הוליעט, דער ניט־גוטער, איבער אלע בערג און טאָלן, בערגלט אָן הויפֿנס שניי בא די פֿענצטער און רײַסט ארויס מיט די וואָרצלען יונגע שוואכינקע ביימלעך. מיט איין וואָרט, ער קערט וועלטן.

אין שטוב איז שטיל. עפשער שוין צו שטיל. פייגע די אויפֿעסציכטלערן האָט זיך נאָך ניט געלייגט שלאָפֿן. זי זיצט אף דעם בענקעלע און דרעמלט. אירע פֿארהאָרעוועטע הענט הענגען אראָפּ שלאבעריק.

אזוי פֿלעגט איר מאמע אין די זומערדיקע פֿארנאכטן נאָך א טאָג שווערער פּראצע זיך אראָפּלאָזן, ווי א קוואָטשקע, אף דער פּריזבע און זיך פֿעסטען פֿארן קליינוואַרג:

— קינדערלעך, טוט מיט מיר, וואָס איר ווילט. ווארפט מיך, קידעוועט מיך, איך בין שוין ניטאָ אין דער היים.

זי איז שטענדיק געווען פֿארנומען, די גוטע מאמע אירע, אי מיט צאָרעס, אי מיט האָרע־וואניע, אזוי אז זי האָט אפֿילע ניט געהאט קיין צײַט צו שטארבן...

אין דרויסן וואָיעט דער ווינט אלץ שטארקער און בייזער.

פֿונעם אויוון דערטראָגט זיך דאָס טרישטשען פֿון א שוועבעלע, און דערנאָך גיט א בליאסק א פֿלעמל פֿון א ציגאַרעט. הייסט עס, אז איר וועלוועלע האָט זיך שוין אומגעקערט פֿון נאפּאַדענער קאָלווירט. און זי האָט אפֿילע ניט געהערט, ווען ער איז אין שטוב ארײַן.

— וואָס שאַרעוועסטו דאָרטן, מײַן שפּילפֿויגל? — זאָגט זי צום זון.

— גאָרניט, מאמע. געווען הײַנט א שווערער טאָג. כ'האָב זיך שטארק אָנגעהאָרעוועט. איצטער ליג איך מיר, ווי א פֿאָרעץ, אפֿן אויוון און רייכער. אז מע פֿארציט א ציגאַרעט, גייען אלע זאָרגן אוועק מיטן רויך...

זי שמייכלט, פייגע.

„כאָטש א הײַנטצײַטיקער, — טראכט זי, — פֿונדעסטוועגן האָט ער זיך אויך ליב אויס־צוראַסטיען אפֿן אויוון, דער בעניאָכיד אירער". ס'איז א יערושע־אויוון, דאָ זײַנען געבוירן געוואָרן איר באָבע, איר זיידע, איר טאַטע־מאמע. גיי ווייס, אז אָט דער אלטער דראָפּעטש וועט איבער־לעבן אזויפֿיל דוירעס.

עס שלענגלט זיך א בלוי רויכל. ער רייכערט, וועלוול, איין ציגאַרעט נאָכן אנדערן. שיר־שיר האָט זיך פייגע ניט ארויסגעכאַפּט מיט א בייזן זאָג: „הער נאָר, טאכשיט מײַנער, אבעטעך, צע־ווארף מיר ניט דאָס אש איבער דער שטוב. איך בין ניט דײַן דינסט"...

נאָר זי האָט זיך פֿארכאַפּט, און אין א רעגע ארום האָט זי נאָר געזאָגט:

— רייכערסט, זונעניו? אזוי האָט אויך גערייכערט דײַן טאַטע אָלעווהאַשאָלעם... נאָר ער האָט ניט געסילעוועט, אזוי ווי דו, איין ציגאַרעט נאָכן צווייטן...

זי צינדט אָן דאָס ליכט. רײַבט זיך אויס די אויגן פֿונעם שלאָף און קוקט אפֿן זון מיט אזא בליק, גלײַך זי זעט אים צום ערשטן מאָל.

ער איז אזא, איר וועלוועלע, ווי זי האָט געכאָלעמט, ער זאָל זײַן: א שיינער, א שטאַלטנער, א ברייטפּלייציקער, מיט א גוט הארץ און גאָלדענע הענט... אין זייער מישפּאָכע זײַנען קיינמאָל קיין מאַפּעלעך ניט געווען און קיין לײַדאַקעס אויך ניט.

זי פֿילט, ווי אָ נאָיענדיקער ווייטעק לעכערט איר דורך דאָס הארץ: ווײ, ווײ, ווי איר לייב האָט געכאָלעמט, אז דער זון זאָל אים שויבערן די האָר, ער זאָל אים צופּן בא די וואָנצעס, ער זאָל אים העפּקען אף די קני. „לייבעניו, — פֿלעגט זי אים זאָגן, — פֿונוואַנען ווייסטו, אז עס וועט זײַן א ייִנגל, עפשער וועט דאָס גאָר זײַן א מיידל"... פֿלעגט ער איר דעמלט א שאַרעווע טאָן מיט דער האַנט איבערן בויך און איר ארײַנאָטעמען הייס אין אויער: „גיי שוין גיי, נאַרעלע, וואָס דו ביסט... אין אונדזער מישפּאָכע איז ניט געווען אזוינס, אז אַן ערשטלינג זאָל זײַן א מיידל"...

זי שווײַגט. זי האָט שיר ניט געפֿרעגט דעם זון אירן, צי ער געדענקט נאָך דעם טאַטן... נאָר זי האָט זיך באַצײַטנס דערמאָנט, אז ער איז נאָך אפֿילע קיין גאַנצע דרײַ כאָדאָשים ניט אלט געווען, ווען איר לייב איז אוועק אף דער מילכאָמע.

זי קרעכצט. ווען איר איינציקער האָט זיך געזעגנט מיט איר, האָט זיך איר געדוכט, אַז די טײַבעלעך האָבן אופגעהערט צו וואָרקען אונטער דער סטריכע... נאָר ער האָט נאָך באַוויזן צו זאָגן וועלוועלען:

— דעם טאַטנס שיין גאָנערל, ס'זאָל מיר זײַן פאַר דיר...

שטיל. וועלוועלע האָט זיך פאַרטיפט אין אַ צײַטונג. אין אָט דער שטילקײַט הערט זי נאָר דאָס געוויין פון איר האַרץ. וועלוועלע שמייכלט... „זעט אויס, אַז ער לייענט עפּעס אַ פריילעכע מײַסע. אַזוי פלעגט אויך שמייכלען, אים צו לענגערע יאָר, איר לייב. עס פלעגט מיט אים שמייכלען די גאַנצע שטוב".

פייגע פאַרמאַכט די אויגן, אַ כוואַליע פון דערמאָנונגען פאַרפלייצט זי אינגאַנצן. אײַ, איז געווען זיס יענע סטעזשקע, וואָס האָט געפירט צו די בלײַענדיקע ווײַנגערטנער. די זון איז פאַרגאַנגען, און דער הימל האָט באַקומען דעם קאָליר פון צײַטיקן ווייץ... און ער, דאָס שײַנדל אירס, גלײַך ווי שטראַלן וואָלטן געלויכטן פון זײַן האַרץ אַרויס... און עס האָט זיך איר געדוכט, אַז ער וויל איר זאָגן אַ וואָרט, אַ וואָרט אַזאַ, אין וועלכן עס זאָל זײַן דאָס גאַנצע כּיעס פון זײַן נעשאָמע...

ער האָט געהאַט שיינע, לאַנגע רירעוודיקע פינגער, ווי בײַ אַ קלעזמער. זיי פלעגן בריִען, די פינגער זײַנע, ווי פּריסעק. און פלעגט ער וויליונגעריש אַ טרייסל טאָן מיט דער טשופּרינע, פלעגט אַ שטיפערישער לאָקן זיך כיינדלען אַפן שטערן, כאַטש נעם און קוש אים אויס. און זי איז געשטאַנען — איר האַנט אין זײַן האַנט, און אירע אויגן אין זײַנע אויגן. ביידע האָבן געשוויגן, גלײַך ווי די ווערטער וואָלטן מוירע געהאַט אַראָפּצופאַלן פון די ליפּן, זיי זאָלן כאַסוועכאָלילע ניט פאַרוועלקט ווערן.

מע האָט געפּראַוועט אַן אָרעמע כאַסענע... דערנאָך האָבן זיי געדונגען אַ שטיבל באַם סאַמע שליאַך און געלעבט אָרעם, אָבער פריילעך. ערשט אין פערציקסטן יאָר, ווען די רויטע אַרמיי איז אַהער אַרײַנגעגאַנגען, האָט זיי אַ שײַן געטאָן דאָס מאַזל. און טאַקע צו די נײַן כאַדאָשים נאָכן קומען פון די סאָוועטן האָט זי געבוירן איר וועלוועלען.

זי פאַרדעקט אירע אויסגעטריקנטע אויגן מיט דער געשטשערבעטער דלאָניע... און עפּעס טאַקע נאָר ווי אומיסטן, גלײַך ווי צען רוכעס וואָלטן אַרײַן אין איר, האָט זי די לעצטע צײַט גאָר ניט אָפּ קאַטאָוועס גענומען דעם מאַן דערגיין די יאָרן, פאַרוואָס ער פאַרוויכערט די שטוב און פאַרזייט אומעטום דאָס אַש און די ציגײַערן־שנויצלעך. געדאַרפט האָט זיך פּונקט טרעפן, אַז זי זאָל אים געבן די פּײַנע גאָב אַקוראַט אין דער לעצטער נאַכט פאַר דער מאָביליזאַציע...

גראָד אין יענער נאַכט האָט זי אים געדאַרפט לאַשטשען און האָלובען מער ווי אַלע מאָל, אויסקושן אים זײַנע פאַררייכערטע פינגער, אײַנזאַפּן אין זיך דעם ביטערן רויך־גערוך פון זײַן מויל. און זי, מיט די לאַנגע האָר און מיטן קורצן סייכל, האָט פאַרגעסן, אַז אַ וואָרט איז אַ טהאָם, אַ וואָרט איז אַ יאַם.

דעם אַנדערן טאָג אינדערפרי, ווען ער האָט באַקומען די „פּאָוועסטקע", איז צי ער האָט זיך טאַקע געמאַכט האַרץ, צי אַזוי איז געווען זײַן טעווע, נאָר ער איז געשטאַנען פאַר איר אַ רויִקער, גלײַך ניט אים מיינט מען. „דו לאָז נאָר ניט אַראָפּ די הענט, פייגעלע, — האָט ער איר אַרײַנגעקוקט גלײַך אין די אויגן אַרײַן, — גיב אַכטונג אַפן קינד און אָף דער באַלעבאַטישקײַט. און טו אַלץ, וואָס די מעלוכע הייסט. און דעריקער, וויין ניט, ברעך ניט די הענט און באַקלאָג מיך ניט, ווײַל איך האָב ביטאָכן, אַז אַזוי ווי איך גיי אַוועק, אַזוי וועל איך בעשאָלעם צוריק קומען"...

נאָר ווען ער איז אַרופגעקראָכן אַפן שאַראַבאַן, האָט ער געגעבן שעלמיש אַ ווונק צו איר:

— געדענק, זאָלסט מיך שוין מער ניט יאָדען פאַרן רייכערן...

דערנאָך, אַז דער וואָגן איז אַוועק, האָט ער אַ פאָך געטאָן מיט דער האַנט. זי וואָלט געמעגט שווערן, אַז ער האָט אָפּגעווישט אַ טרער.

און זי איז געבליבן שטיין איינע אַליין באַם טירל.

נאָך זײַן אַוועקגיין האָט די שטילקײַט געיאָמערט אין אַלע ווינקעלעך. דערנאָך, אַז זי האָט געמאַכט אַ געוועש, האָט זי געוואַשן ניט אין וואַסער, נאָר אין טרערן.

און עס זײַנען אַוועק טעג, וואָכן, כאַדאָשים און יאָרן. די מילכאָמע האָט זי פאַרטראָגן אַזש קיין יאַנגי־יול[1]. דאָרט האָט זי געאַרבעט אין אַ קאָלווירט פאַר אַ מעלקערן, מיט די בעהיימעס פלעגט זי זיך אײַנפאַרשטיין אָף שטום־לאָשן, און מיט די מעלקערנס פלעגט זי מער ריידן מיט די הענט, ווי מיטן מויל. נאָר מיט איין מענטשן האָט זי זיך פאַרשטאַנען אַפן ווונק, — מיטן אַלטן פּאָסט־טרעגער אָרענײַקע.

זי פלעגט אים שוין דערקענען אָף אַ מײַל די ווײַט, ווען ער פלעגט רײַטן אָף זײַן קליין איי־

[1] אַ שטאָט אין אוזבעקיסטאַן.

זעלע איבער די פּאַרדרייטע געסלעך, די פּאַלעס פונעם געקווייטלטן כאַלאַט צעפּאַלאַשעט אפן ווינט, באַגלייט האָט אים אַ כאַפּטע באַרוועסע ייִנגלעך, וועלכע פלעגן ליאַרמען אף קוילע־קוילעס:

— אַרעניַיקע־אַטאַ, כאַט באַרמע!.. (עס הייסט: אַרעניַיקע, פּאַטערל, גיב אונדז אויך אַ בריוועלע!..)

און נאָך איידער ער פלעגט אָנקומען צו איר קיביטקע, פלעגט ער שריַיען מיט אַ באַנו־מען קאָל:

— פייגעכאַן־אַפּיַי, אינאַידי! (עס הייסט: פייגעלע, טאָכטער, גיי אַ טענצל!..)

און זי פלעגט טאַנצן, נאָך אַ מין טאַנצן, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז ער פלעגט ניט אַרויס־שלעפּן פונעם טאַש דעם גאַנצן זשמוט דריַיעקיקע בריוועלעך, זיי אויסלייגן אפן טיש און אויס־זוכן איר לייבס בריוו.

דערנאָך פלעגט זי שוין אַוועקשטעלן דעם שיינעם קיבעד — אַ פּלעשל אוזבעקישן ווישניק, וועלכן מע האָט גערופן אַראַק, מיט אַ פּאָר צוגעבראַוינטע סעכערלעך. ער איז ניט געווען, דער אַלטער אוזבעק, אַזוי פאַרברענט נאָכן ווישניק נאָך אירן, נאָר זי האָט געהאַט אַ ווילדע האַנאַע, ווען ער פלעגט אַוועקלייגן די הענט אפן האַרצן, זיך אַ גלעט טאָן דאָס אויסגעקראַכענע בערדל און מאַכן זיַין אוזבעקישן לעכאַים: יאַשאַסין! עס הייסט, אַז עס זאָל איַנגיכן זיַין שאָלעם אף דער וועלט און איר לייב זאָל זיך אומקערן צו זיַין וויַיב און קינד.

ער פלעגט זופּן, אַרעניַיקע, דאָס קעלישעקל ווישניק פּאַוואָליע, מיט האַנאַע, און זי פלעגט לייענען די בריוו מיט אַ ציטערדיק קאָל, וואָרט בא וואָרט, גלײַך ווי זי וואָלט וועלן טויעם זיַין, געניסן יעדעס וואָרט באַזונדער.

אַרעניַיקע פלעגט אויסטרינקען אַ קעלישעקלעך דריַי פאַרן מאַנס געזונט, פאַר איר געזונט און פאַרן קינדס געזונט... בעשאַסמיַיסע פלעגט זיך אים צעבינדן די צונג, און ער פלעגט איר זאָגן, אַז שיין איז זי, ווי די וועלט, נאָר איין כיסאָרן האָט זי — זי גייט שטענדיק אָנגעטאָן אין מענערישע מאַלבושים. ווייסט מען ניט, צי זי איז אַ מאַנצבל, צי אַ פרוי... דערביַי האָט ער אַלץ געגלעט דאָס בערדל, געקנאַקט מיט די פינגער און געטשמאָקעט מיט די ליפּן. עס הייסט: ס'איז שוין איינמאָל אַ פייגעכאַן, איינע אין דער וועלט!

...אין יענעם זונטיק פונעם כוידעש מיַי האָט זי זיך אופגעכאַפּט קאַיאָר. עס האָט זיך געוויזן אַ מאַלכעסדיקער וועסנע־טאָג, מיט פאַרשיקערנדיקע רייכעס פון צעבליטע בלומען, גראָזן און קריַיטעכצער.

זי האָט גענומען ראַמען די שטוב: איבערגעטרייסלט דאָס בעטגעוואַנט, איבערגעשטעלט דעם טיש, די דריַי צעפּאַרענע בענקלעך און דאָס הינקענדיקע שאַפקעלע פון איין אָרט אפן אַנדערן. געוואַשן, געפּוצט און געשיַיערט. דאָס האָט זי זיך געגרייט צו באַגעגענען איר לייבן.

„ער וועט קומען אַ מידער, אַ פאַרשטויבטער, און איך וועל אים אויסטאָן די סאָלדאַטסקע שטיוול מיט די טשוועקעס. איך וועל אים אָפּוואַשן די מידע פיס. אַזויפיל שווערע, געפּערלעכע וועגן איז ער אַדורכגעגאַנגען".

מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין דער טיר. עס האָט איר אַ טיאַכקע געטאָן אין האַרצן, נאָר זי האָט זיך גלײַך אויסגעמוסערט: „נאַרישע ייִדענע וואָס דו ביסט, מאַלע־וואָס מע קלאַפּט... מינאַסטאַם אַ שכיינע"... אף דער שוועל איז געשטאַנען אַ פאַרשמירט שוואַרצכיינעוודיק ייִנגעלע פון זייער גאַס — איזמאַיל...

— וואָס האָסט דיך געבראַכט אַהערצו? עס האָט דיר עפּשער פאַרשמעקט מיַין קישמיש? — האָט זי אים גענומען אָנשיטן ראָזשינקעס אין די קעשענעס.

— מע דאַרף ניט, פייגעכאַן־ענעי, מע דאַרף ניט, — האָט ער זיך געוועהרט, ווי אַ גרויסער, און אויסגעטרייסלט ביז צו איינע די ראָזשינקעס פון די קעשענעס און זיי אַוועקגעלייגט אפן טיש. — עס האָט מיך געשיקט צו דיר דער זיידעניו אַרעניַיקע... מיט אַ קאָנווערט, — האָט ער געשטאַמלט און דערשראָקן געפּינטלט מיט זיַינע אייגעלעך.

— און פון וואַן אָן ביסטו עס געוואָרן זיַין סעקרעטאַר? — האָט זי געפּרוווט אַ שמייכל טאָן, פילנדיק, ווי עס האַקן זיך איר אונטער די פיס.

זי האָט אַ שלעפּ געטאָן דעם קאָנווערט פון זיַינע הענט און אים אופגעריסן פון אַלע זיַיטן. „לייב בראַנעשטער... אומגעקומען... העלדיש... בערלין... אכטן מיַי... ניַינצן פינף און פערציק"...

אין דרויסן האָט געלויכטן די זון. ס'זיַינען געווען מענטשן, ביימער, בלומען, פייגל...

זי איז אַוועקגעפאַלן אַ פאַרהילצערטע אף דער ערד. דערנאָך האָט זי געקלאָגט מיט אַ מין צעצויגענעם „ווייַ איז מיר און וויינד איז מיר" פון אַ טכינע־ייִדענע. איר געיאָמער איז אָבער וואָס אַמאָל געוואָרן טיפער און געדיכטער, פונקט ווי דער מעס וואָלט געלעגן פאַר די אויגן.

---

[1] — מוטער.

אין עטלעכע טעג ארום האָט זי זיך צערעכנט מיטן קאָלווירט, אראָפּגעוואָרפן די פּופּייקע און די מענערשע וואַטאָווע הויזן, אויסגעטאָן די שטיוול און געוואָרן א צעבראָכענע יידענע, וואָס שלעפּט זיך מיט א סאַך בעבעכעס פון אוזבעקיסטאַן קיין מאָלדאַוויע.

פון דעמלט אָן זײַנען שוין אריבער אכצן פרילינגען. און אין יעדער ווֶעסנע שמעקט דאָס דאָרף פונדאַסנײַ מיט עפּל-צוויט און רויזן-דופט. געוועזן א צײַט, ווען שאַדכאָנים און סטאַם גוטעפרײַנט פלעגן איר אָפּשלאָגן די שוועלן, געזאָגט איר מוסער, פאַרוואָס זי פאַרוויסט אזוי אירע יונגע שיינע יאָרן. איצט קומען זיי שוין ניט. זעט אויס, אז איר זמאַן איז שוין אריבער...

וועלוול איז אראָפּ פונעם אויוון, ער זיצט באַם טיש און רייכערט, א פאַרזונקענער אין ראַיוּנעס. זי וואָלט א באַלן געוואָלט צו וויסן, וואָס ער טראַכט. כאָטש צוריק גערעדט, איז ער דאָך עפּעס בא איר א געהילפס-בריגאַדיר. האָט ער ווייניק וואָס צו טראַכטן? אָט איז זי ניט מער ווי א פּאָשעטע אויפּעסציכטלערן. דרייט זיך איר אויך צומאָל די קישן אונטערן קאָפּ, ווי א ווינט-מיל. און ווי א זאַך מאַכט זיך, עפּשער האָט ער זיך גאָר פאַרקאָכט אין א מיידל? נאָר גיי דערגיי בא אים אָן עק, אז בא יענעם איז א וואָרט א רענדל, פונקט ווי באַם טאַטן זײַנעם.

— וועלוועלע, דו גיסט כאָטש אמאָל א טראַכט, אז דו האָסט געהאַט א טאַטן?

— אוואַדע טראַכט איך, מאַמע, וואָס הייסט איך טראַכט ניט.

אין א ווײַלע ארום טוט ער זיך אָן דאָס פּעלצל. ציט אריבער די קוטשמע איבער די אויערן.

— זאָג נאָר, טאַטע מײַנער, וואָס האָסטו זיך אזוי אויסגעפּאַרטיקט, ווי א כאָסן פאַרן אָנ-קוקן די קאַלע?

— איך גיי אין קלוב, מאַמע. מע ווײַזט דאָרט זייער א שיינעם פילם. און א לעקטאָר איז אראָפּגעקומען פון קעשענעוו, ניט פון די, וואָס לייענען פון די פּאַפּירלעך. קום, גייסט מיט מיר?

זי שווײַגט. עס איז איר עפּעס פּריקרע אים צו זאָגן, אז עס פּירט זיך ניט אין דאָרף, אז א מאַמע זאָל גיין אין קלוב מיט א כאָסנבאָכער. מע וועט זי דאָך באַשטעקן מיט פּעדערן. נאָר וויאַזוי זשע בלײַבט מען אין אזא נאַכט איינע אליין אין שטוב?

און קעדיי צו פאַרהאַלטן כאָטש נאָך א קליין ביסעלע דעם זון אירן, הייבט זי אים אָן צו שטעלן פּאָליטישע פראַגן. עס טוט אים דאָך האַנאָע, ווען ער זעט זי מיט א בלאַט אין דער האַנט.

— זאָג נאָר, וועלוועלע, די אמעריקאַנער זײַנען שוין געקומען א ביסל צום סייכל? זיי האָבן זיך שוין אָפּגעלאָזט פון קובע?..

— דער סייכל קומט נאָך די יאָרן, — ענטפערט ער איר טאַקע מיט אירס א ווערטל, — דערווײַל איז אזוי זיך, ניט מילכיק, ניט פליישיק.

— נו, און ווי האַלט עס מיט לאַאָס? דאָס פײַער האָט זיך שוין אָפּגעלאָשן?

— ניט אזוי טוט זיך עס, ווי עס רעדט זיך, — ענטפערט ער באַדאַכט, — נאָר עס איז שוין אַף א לאַד... — האַלט ער שוין די האַנט אַף דער קליאַמקע.

— איך זע, אז מיט דער וועלט האָסטו זיך שוין אָפּגעפּאַרטיקט. מעגסטו שוין אויך א ביסל אין זינען האָבן זיך... גיי, זון, גיי, טאַטע, ווײַל די קליאַמקע האָט א טעווע, אז מע האַלט זי צופיל באַם הענטל, פאַרקילט זי דאָס בלוט...

בא אירע לעצטע ווערטער איז ער שוין פון יענער זײַט טיר. זי הייבט אָן ארומשליאָנדערן איבער די צימערן און נעמט ארויס פון א פאַרוקט שופלאָדל לייבס פּעקל בריוו, איבערגעבונ-דענע מיט א רויטער סטענגע... זי לייענט זיי שורע נאָך שורע מיט א טרויעריק אנגסטיק קאָל, ווי איר מאַמע פלעגט אמאָל זאָגן דעם אונעסאַנע-טויקעף[1]...

דערנאָך הייבט זי אָן פונסנײַ צו ראַמען. שטעלט איבער די בענקלעך פון אָרט צו אָרט, טרייסלט די קילימעס[2], שטעלט אויס די בילדער אַפן קאַמאָד.

„אַף א שטוב דאַרף מען אכטונג געבן... נאָך א יאָר, נאָך צוויי, וועלוועלע וועט כאַסענע האָבן, און עס וועלן זיך יאַוווען אייניקלעך, ווײַל די ראָד דרייט זיך, זי שטייט ניט אַף איין אָרט... ער איז א נאַכליע, דער זון מײַנער, פונקט אזוי ווי זײַן טאַטע", — קלײַבט זי צונויף די צעוואָרפענע ציגײַערן-שנויצלעך און שאַרט צונויף דאָס אַש.

עס הייבט זי אָן צו מאָרען דער שלאָף, און זי לייגט זיך צו אין די קליידער אַף דער קאַנאַפּע. זי קאָרטשעט זיך א פאַרמאַטערטע פון וואָכע כאַלוימעס. זי הערט זיך צו צום געוואָי פונעם ווינט.

„און פאַרוואָס, — לויפט איר דורך א מאַכשאָווע, — אפילע ווען עס האָט געשמעקט פון זײַן מויל מיט ציגײַער-רויך, האָט זיך איר אויך געדוכט, אז עס איז רויזן-דופט... אפּאָנעם, זי האָט אים שטאַרק ליב געהאַט".

זי ניורעט אײַן דעם קאָפּ טיף אין קישן, זי זאָל ניט הערן דאָס געיאָמער פונעם ווינט...

[1] — א נאָמען פון א טפילע; [2] — טעפּעכער.

הירש דאָבין

# איר שוועסטער

## 1

זי האָט אונדז צען מאָל אָנגעזאָגט און געבעטן, אַז מיר זאָלן קומען צו דער צײַט. אונדז אַליין האָט זיך אויך ניט געוואָלט פֿאַרשפּעטיקן: מיר האָבן זיך זייער גוט פֿאַרגעשטעלט, ס'אַראַ גרויסע באַדײַטונג עס האָט פֿאַר איר און פֿאַר אירע קינדער דאָס, וואָס אין יאָרן אַרום האָט מען זייער פֿאָטער רעאַביליטירט און אופֿגעשטעלט אין פּאַרטיי. שמועלס אָנדענק איז אונדז געווען זייער טײַער, און מיר האָבן ניט געוואָלט קומען די לעצטע. ווען מיר זײַנען אַרויס פֿון מעטראָ און דערזען, אַז עס גייט אַ רעגן, האָבן מיר באַשלאָסן ניט וואַרטן, ביז ער וועט איבערגיין. איך האָב אָנגענומען מײַן פֿרוי פֿאַר דער האַנט און געלאָזט זיך מיט איר לויפֿן צו דעם הויז, וווּ ליזע האָט געוווינט.

מיט דעם זעלבן אימפּעט, ווי מיר זײַנען געלאָפֿן, האָבן מיר זיך אַרײַנגעכאַפּט אינעם הויף און מיט די ברייטע טרעפּ, וואָס האָבן געפֿירט אַפֿן צווייטן שטאָק, אַרויסגעקומען אין אַ געראַמען קאָרידאָר מיט אַ סאַך טירן. פֿון הינטער איינער אַ טיר האָט זיך דערטראָגן אַ גערודער פֿון מענטשן. אַ פּאַטעפֿאָן האָט געשפּילט אַ ייִדישן ניגון, וועלכן מײַן אומגעקומענער כאַווער האָט זייער ליב געהאַט. און דערפֿון איז מיטאַמאָל טרויעריק געוואָרן אַפֿן האַרצן. אונדזערע טריט זײַנען געוואָרן שטילער. גראָד איצט, ווען מיר זײַנען צוגעקומען צו דער טיר און באַדאַרפֿט אַרײַנגיין, האָט אונדז פֿאַרפֿעלט מוט. מיר האָבן זיך דערפֿילט ניט גוט איבער די בלומען, וואָס מיר האָבן געטראָגן, ווי אַף אַ כאַסענע.

מיר האָבן נאָך ניט באַוויזן אָפּטרייסלען פֿון זיך די רעגן־טראָפּנס, ווי עס האָט זיך אָן עפֿן געגעבן די טיר. מיר האָבן דערזען פֿאַר זיך אַ הויכן, גערעמען, העל־באַלויכטענעם צימער מיט אַ געגרייטן טיש, געסט, צווישן וועלכע עס איז געשטאַנען די באַלעבאָסטע און געפּאַטשט מיט די הענט, אַ צופֿרידענע דערפֿון, וואָס מיר זײַנען געקומען. עס איז אונדז ווידער אַ ביסל ניט אָנגענעם געוואָרן פֿונעם פּאַראַד, מיט וועלכן זי האָט אונדז באַגעגנט. און איך האָב זיך פֿאַרלאָרן אַזוי, אַז איך האָב ניט באַמערקט, ווער האָט בא מיר צוגענומען די בלומען און ווער עס האָט מיר געהאָלפֿן זיך אויסטאָן.

מיר וואָלטן נאָך לאַנג זיך געטאָפּטשעט בא דער שוועל, ווען עס העלפֿט אונדז ניט אַרויס עפּעס אַ קינד, נאָך וועלכן עס האָט זיך נאָכגעיאָגט אַ מיידל. לאַכנדיק פֿריילעך אַף אַ קאָל און ניט באַמערקנדיק אונדז, האָט דאָס קינד, ווי אַ קנײַלכל, זיך דערקײַקלט צו מײַנע פֿיס און שיר ניט אומגעפֿאַלן, ווען איך כאַפּ עס ניט אונטער באַצײַטנס. איך האָב דאָס מיט ביידע הענט אופֿגע־הויבן אין דער הייך, קעדיי באַטראַכטן בא דער שײַן.

דאָס קינד איז געווען ניט זייער קיין שיינס, נאָר עס האָט פֿאַרמאָגט אָן אַ שיר כיין. די זשוואַווע אייגלעך, דאָס קוטשעראַווע קעפּל, דער דריי, וואָס עס האָט זיך געגעבן, ווען עס האָט געוואָלט דערגיין, אין וועמעס הענט עס האָט זיך געפּאַקט, — אַלץ האָט געהאַט אין זיך אַזויפֿיל לעבן, אַז ס'האָט געצויגן דאָס אַ קוש טאָן.

— ווער איז ער, אָט דער טאַכשיט, האַ? — האָב איך געפֿרעגט, זיך מאַכנדיק טאַמעוואַטע, כאָטש מיר האָבן זייער גוט געוווּסט, אַז עס איז געקומען צו פֿאָרן ליזעס זון מיט זײַן מישפּאָכע צוגאַסט פֿון טשעליאַבינסק.

ליזע האָט זיך דורכגעשטופּט פֿאָרויס און איז צוגעגאַנגען צו אונדז. זי האָט פֿאַרוואָרפֿן דעם גראָוון קאָפּ אַף הינטן, אַף דעם פֿולן קאַרק, און, שײַנענדיק, זיך אַ כיינדל געטאָן:

— וואָסי דען? עס געפֿעלט דיר ניט די פּראָדוקציע? ס'איז מײַן אייניקל.

— אָך! אַזוי גאָר! — האָב איך זיך פֿאַרכאַפּט, ניט אָפּזאָגנדיק זיך פֿון דער שפּיל, וואָס מיר ביידע האָבן פֿאַרפֿירט. — אויב אַזוי, שווײַג איך.

איך האָב מיט די אויסגעצויגענע הענט אַ קאַפּעלע דערווײַטערט פֿון זיך דאָס קינד, גלײַך מיר וואָלט אין לעבן געגאַנגען ווי געהעריק דאָס אָפּשאַצן, און האָב צוגעגעבן:

— נישקאָשע... ניטאָ זיך מיט וואָס צו שעמען, אַ פֿײַנער באָכערעץ!

דאָס קינד האָט זיך אָבער ניט גענייטיקט אין דעם אַלעמען. גראָד אין דעם מאָמענט, ווען איך האָב עס אַזוי געלויבט, האָט זיך עס שנעל אַ דריי אויס געגעבן פֿון מײַנע הענט, און איך

האָב אַליין ניט באמערקט, ווען און וויאַזוי עס איז אריבער צום פּאָטער — א יונגנמאן פון א יאָר דרײַסיק מיט א שמאָלבלעך פּאָנעם, אף וועלכן די שווארצע ברילן פון האָרנביין האָבן פארנומען א צו גרויס אָרט. פון דעם פּאָטער איז עס טייקעף אריבערגעפלויגן צו דער מוטער, א ווײַבעלע, וואָס איז ענלעך געווען אפן מאן, אף פּעליקסן, ווי זי וואָלט געווען זײַנע א שוועסטער, און פון איר — צו דער באָבען. פלינק און גיך דורכגעמאכט דעם דאָזיקן קרײַז, האָט עס זיך ווידער אויסגעדרייט צו אונדז און געגומען מיך באטראכטן מיט קינדערשן נײַגער און שרעק אין די אויגן.

— שרעק זיך ניט, — האָט ליזע געזאָגט, קושנדיק דאָס קינד, — האָב ניט קיין מוירע. ער האָט דיך ליב, דער דיאַדיע האָט אויך קליינע קינדער, — אין אירע ווערטער האָט זיך געפילט, אז ווען דאָס איז ניט קיין קינד און ווען זי וואָלט געקאָנט דעם דערציילן, וואָלט זי אים נאָך א סאך דערציילט...

נאָר דאָס ייִנגל האָט זיך ווינציק צוגעהערט צו אירע רייד. און ליזע, א צופרידענע דערפון, וואָס דאָ האָט זיך צונויפגעקליבן די מישפּאָכע, גוטע פרײַנט, האָט הויך אופגעהויבן דעם קינדס א הענטל און זיך א דריי אויס געטאָן, געלאָזט זיך לויפן רונד ארום, אין א קרײַז, מיט קליינע, שפּאָרעוודיקע טריטעלעך, לײַכט טראָגנדיק איר פולן קערפּער און אונטערזינגענדיק דעם ניגן פון דער ווײַסרוסישער ליאוואָניכע.

זי איז אָבער גיך מיד געוואָרן, אָנגעהויבן שווער עטעמען און זיך א ביסל פארשעמט.

— ווי נעמט מען קויכעס? — האָט זי זיך באקלאָגט. — עס איז עפּעס קיין קויעך ניטאָ...

זי האָט איבערגעגעבן דאָס קינד אין אנדערע הענט און גענומען אונדז פארשטעלן פאר די געסט.

אָן א זײַט א ביסל איז געזעסן אף א ווייכן דיוואן א געזונטער באָכער מיט א מיידל. ער איז געווען אזוי פארטאָן אינעם שמועס מיטן מיידל, אז ער האָט אפילע ניט באמערקט, ווען מיר זײַנען ארײַן. ליזע האָט אונדז צוגעפירט צו אים.

— אָט דאָס איז מײַן דאָווידל. וואָלסט אים אליין געוויס ניט דערקענט, — האָט זי געזאָגט, א גלעט טוענדיק אים איבערן קאָפּ, — ס'איז א באָכערל, וואָס כאפּט ניט קיין שטערן פון הימל. נאָר א יאט איז ער א גוטער, א רויקער, ווי דער טאטע זײַנער.

איך האָב ארומגעקוקט די שטוב און שטיל באמערקט:

— איך זע, קיינ אײַנהאָרע, אז דו לעבסט ניט שלעכט.

— יאָ, — האָט ליזע ניט פריילעך באשטעטיקט. — מאטעריעל פעלט מיר גאָרניט. אף אלע מײַנע פרײַנט געזאָגט געוואָרן. איך האָב א פענסיע. די קינדער העלפן אונטער...

— ווי קומען עס צו דיר אזויפיל וואזאָנעס? ס'איז בא דיר א גאנצער באָטאנישער גאָרטן.

— וואָס איז שײַעך די בלומען, איז מיט דעם האָט מער צו טאָן מארוסיע, — און זי ווײַזט מיר אָן אף ניט קיין יונגער פרוי, וואָס האָט צוזאמען מיט איר גענומען האווען ארום טיש און איז געווען צעהיצט און פארטאראראמט מיט דער סימכע ניט ווייניקער פון דער באלעבאָסטע. פריִער, ווען ליזע האָט אונדז באקענט מיט אלעמען, האָט די זעלבע פרוי מיר אויך געהאט דער־לאנגט א האנט. נאָר ווײַל זי האָט זיך ווינציקער, ווי אלע, געוואָרפן אין די אויגן און איז מער געווען פארנומען אינעם קליינעם כיידערל הינטערן פּאָרהאנג, פונוואַנען מע האָט קעסיידער געטראָגן נײַע מײַכאָלים צום טיש, האָב איך זי ניט באמערקט.

נאָר איצט האָט זי מיר געדוכט צו זײַן זייער קענטלעך. און מיר האָט זיך פארגלוסט דערגיין, ווער זי איז, ווו האָב איך זי געקאָנט זען.

— א שטוב־ארבעטערן דײַנע? — האָב איך געפרעגט בא ליזען.

— ניין, — האָט זי זיך ווידער א כיינדל געגעבן, — א שוועסטער מײַנע...

אין איר ענטפער איז עפּעס געווען ניט דערזאָגטס, און איך האָב ווידער א בליק געגעבן אף מארוסיען. דאָס, וואָס ליזעס א שוועסטער הייסט מארוסיע, האָט מיך קלאל ניט פארכידעשט. אזוינע זאכן קאָנען פאסירן. וואָלטן זיי כאָטש מיט עפּעס געווען ענלעך צווישן זיך. נאָר דאָ איז איינע דער הייפעך פון דער צווייטער. ליזע איז א שטאלטנע, מיט אן אָפן, לעבעדיק פּאָנעם, מיט א שיינעם קאָפּ האָר, אָנגעטאָן אין א שיין וואָלן קלייד. מארוסיע — פּארקערט, א קליינוווּקסיקע, א שטילע נעשאָמע, מיט א בלאס־אויסגעצויגן פּאָנעם, אין עפּעס א געבלימלט שטוביק קליידל. ניט קיין לײַב, ניט קיין פיגור.

— עפּעס האָב איך גאָר ניט געוווּסט, אז דו האָסט א שוועסטער.

— ווייסט נאָך א סאך זאכן ניט. עס געפעלט דיר ניט, אז זי זאָל מיר זײַן א שוועסטער, איז זי מיר א מאמע. נו, איצט האָסטו זיך שוין בארויִקט? — און ליזע גייט אוועק און קערט זיך באלד אום צוריק צוזאמען מיט מארוסיען. — טו נאָר גוט א קוק אף איר, — זאָגט זי צו מיר און שמייכלט דערבײַ, — שוין זשע דערקענסטו זי ניט? זי איז דאָך מיט אונדז געווען אפן ווײַטן מיזרעך.

איך קוק אָף מארוסיען. עס גייט מיר אין לעבן זיך צו דערמאָנען. וויפל איך שטרענג אָבער ניט אָן מײַן זיקאָרן, באקומט זיך גאָרניט. אזויפיל יאָרן זײַנען דורך! אזויפיל צאָרעס און געפארן זײַנען פארבײַ. וויפל מענטשן זײַנען עס אין מעשעך פון דער צײַט פאר מײַנע אויגן דורכגעגאנגען און וויפל זײַנען שוין אָף דער וועלט ניטאָ... ווער קאָן אלץ אײַנהאלטן אין זיקאָרן?

— און איך האָב אײַך באלד דערקענט, — מאכט צו מיר מארוסיע און שמייכלט שעמעוודיק און צוטרוילעך. — איך געדענק אויך גוט אײַער יִינגעלע. ער פלעגט אָנטאָן אָף זיך אײַער אויס־געניייט אוקראַיִניש העמדל און אומלויפן איבערן הויף, פאָכענדיק מיט די לאנגע ארבל, — און זי טוט שווער א זיפץ. — וואָס פאר א האָרץ האָט דאָס בא די גאזלאָנים געדארפט זײַן, אז מע זאָל נעמען און אומברענגען אזא גאָלדן קינד...

איך האָב איר גאָרניט געענטפערט. און ליזע, די קלוגע ליזע, האָט דערזען, בא וואָס דאָ האלט, האָט זי גיך אוועקגערופן מארוסיען און אָנגעהויבן אלעמען אײַנלאדן צום טיש.

א קנאל פון א קאָרעק, וואָס האָט אויסגעשאָסן צום באלקן באם עפענען א פלאש ווײַן, האָט געגעבן צו וויסן, אז עס איז צײַט אָנצוהייבן די סימכע. אין דער שטילקײַט, וואָס איז געוואָרן, ווען מע האָט אָנגעגאָסן די קויסעס, האָבן זיך צעקלונגען מעסער און גאָפל. דורך דער אָפענער פאָרטקע האָט זיך געהערט, אז אין דרויסן גיסט און פליוכעט אלץ דער רעגן...

2

ניט אלץ, וואָס איז געווען פארגרייט פון מײַכאָלים און געטראנקען, האָט מען אופגעגעסן און אויסגעטרונקען.

ס'איז געוואָרן שפעטלעך. ביסלעכווײַז האָבן זיך די געסט גענומען פאנאנדערגיין. דאָווידל איז ארויסגעגאנגען באגלייטן עמעצן פון די מיידלעך. געבליבן זײַנען געציילטע: איך מיט מײַן פרוי, דער שרײַבער ווײַנער מיטן ווײַבל און די שטוביקע. מע האָט זיך אָנגעזונגען מיט לידער. מע האָט געטאנצט. איז מען זיך איצט געזעסן מידלעכע באם טיש און שטילערהייט זיך דורכגע־רעדט צווישן זיך.

אינעם צימער איז געווען האלב־טונקל; עטלעכע לאָמפן האָט מען אויסגעלאָשן, קעדיי ניט שטערן דעם קינד שלאָפן. האלטנדיק די האנט פעליקסן אפן אקסל, האָט זיך צום ווענטל פונעם דיוואן צוגעשפארט די יונגע פרוי זײַנע. שטארק אָנגעהאָרעוועט איז אויך געווען די באלעבאָסטע אליין. ניט מער, זי האָט זיך געבעריעט און עס ניט ארויסגעוויזן. א צופרידענע דערפון, וואָס דער אָוונט איז דורכגעגאנגען געמיטלעך און גוט, האָט זי געוואָלט פארהיטן אויך אָף ווײַטער דעם אײַנדרוק, וואָס ער האָט אָף אלעמען איבערגעלאָזט. זי איז געזעסן באם טיש און אונדז אײַנגע־רעדט, אז מיר זאָלן פארבלײַבן נעכטיקן בא איר און ניט שלעפן זיך אזוי שפעט הינטער דער שטאָט.

דער איינציקער מענטש, וואָס איז איצט אימשטאנד געווען צו זיצן באם טעלעוויזאָר, איז געווען מארוסיע. מע האָט געוויזן עפעס א קאָמעדיע, און זי האָט שטילערהייט געלאכט.

אין דרויסן האָט ניט אופגעהערט גיסן...

עס איז מיר דערעסן זיצן לאנג אָף איין אָרט, און איך האָב זיך אופגעהויבן, בין זיך דורכגע־גאנגען עטלעכע מאָל איבערן צימער. אומגייענדיק אזוי פאמעלעך הין־און־צוריק, האָב איך הינ־טערווײַלעכס געכאפט א בליק אָף דער וואנט, ווו עס זײַנען געהאנגען אין ראמען ליזעס און שמועלס פאָרטרעטן. שווער, זייער שווער איז געווען צו דערקענען אינעם דארן, שטעטלדיקן מיידל די איצטערדיקע ליזע. עס האָט גאָר קיין זין ניט געהאט צו מאכן וועלכן־ניט־איז פארגלײַך. פונדעסטוועגן האָב איך עטלעכע מאָל איבערגעפירט מײַן בליק פון איר אפן פאָרטרעט און פונעם פאָרטרעט אָף איר. איך האָב גענומען כעזשבענען בא זיך אינעם זינען, וויפל יאָרן אן ערעך האָבן געקאָנט פאָריבער פון דער צײַט, ווען די יונגע פאָר האָט זיך פאָטאָגראפירט, און מיר איז אומעטיקלעך געוואָרן אפן הארצן. ווײ, ווײ, וואָס האָבן מיר ניט איבערגעלעבט פאר דער דאָזיקער צײַט!

איך האָב ניט געוואָלט, אז עמעצער פון די שטוביקע זאָל באמערקן, וואָס מיט מיר קומט פאָר. מיר זײַנען אלע געווען אין אזא שטילער און געמיטלעכער שטימונג, אז עס וואָלט געווען א פארברעכן זי פארשטערן. און דעריבער בין איך צופרידן געווען, ווען איך האָב דערזען, ווי ליזע איז פארנומען, זיצט און טײַנעט זיך אויס מיט ווײַנערן, ניט לייגנדיק קיין שום אכט ניט אָף מיר און ניט אָף מײַן ארומגיין איבערן צימער. גיך האָט אָבער דאָס געשפרעך צווישן זיי צוגעצויגן אויך מײַן אופמערקזאמקײַט. איך האָב דערהערט, ווי ליזע האָט פאָרגעוואָרפן:

— טעמעס... טעמעס זוכט איר... איר ווייסט דען, ווו איר זוכט?..

אזוי איז עס שוין שטענדיק: ווי נאָר עס קלײַבן זיך צונויף שרײַבער, אקטיאָרן, אזוי גלײַך

פארפירט מען געשפּרעכן וועגן דעם, אַז די שרײַבער שטייען אָפּ, שפּיגלען ניט אָפּ אין זייערע ווערק ווי עס באַדאַרף צו זײַן דאָס אַרומיקע צאַפּלדיקע לעבן. דעריבער איז געווען אַ קליין פאַר־ברעכן, וואָס ליזע, אַ מענטש, וועלכער קלײַבט זיך ניט שלעכט פאַנאַנדער אין פראַגן פון ליטעראַ־טור, זאָל אַרויסזאָגן איר מיינונג. דאָס איז אַלץ גערעדט געוואָרן דעמלט, ווען איך זאָל בייסמײַסע אין אירע רייד ניט האָבן דערפילט אַ נײַעם, ניט געוווּנטשענעם בײַטאַם. גוט וויסנדיק דאָס לעבן, וואָס זי האָט דורכגעמאַכט, האָב איך זיך באַלד אָנגעשטויסן, צו וואָס דאָס קאָן דערפירן. איך בין צוגעגאַנגען, האָב אַ ווונק געטאָן צו ווײַנערן, ווי איינער זאָגט: „רייד מיט איר בעסער וועגן פריי־לעכערע זאַכן". נאָר צי יענער האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס איך מיין, אָדער ניט געוווּסט, וויאַזוי מע דרייט זיך אַרויס, נאָר אָנשטאָט דעם, ער זאָל פּאַרזיכטיק אויסמײַדן דעם געשפּרעך, האָט ער זיך ראַפּטום אַרויסגעכאַפּט פון הינטערן טיש, מײַסע־אַקטיאָר אַרײַנגעצויגן דעם קאָפּ אינעם קאָל־נער פונעם רעקל און זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג, אַ מאַך טוענדיק צו מיר:

— ברודער־לעבן, לאָמיר זיך אָפּטראָגן פונדאַנען. וואָרעם אָן קיין קלעפּ וועלן מיר, זעט אויס, פון אירע הענט ניט אַרויס, — און דערבײַ האָט ער אויסגעזען אַזוי דערשראָקן, אַז עס איז אומעגלעך געווען זיך ניט פאַנאַנדערלאַכן. מיך האָט אָבער קיין געלעכטער ניט גענומען, ווען איך האָב דערזען, מיט וואָס פאַר אַ שטאַרן בליק ליזע האָט אים בייסמײַסע באַטראַכט. אַלץ צוזאַמען איז געווען אין דעם בליק: אי צאַר דערפון, וואָס עס איז איר אויסגעקומען איבערלעבן, אי אַ פאַר־וווּרף, וואָס אַן אייגענער מענטש וויל זי ניט פאַרשטיין, אי יעסורים, וואָס ניט אַלץ קאָן זי גאָר אַרויסברענגען פאַרן מויל. איך האָב זי באַלד פאַרשטאַנען און זיך אָפּגערופן:

— אַנטלויפן וועלן מיר אַלעמאָל באַווײַזן. זאָג מיר בעסער, אין וואָס דאָ גייט בא אײַך.

— עס געפעלט איר ניט אונדזער שרײַבן. אַ נײַער בעלינסקי אָף אונדזערע קעפּ.

ליזע האָט איר בליק פון ווײַנערן ניט אַראָפּגענומען. זי האָט מידלעך געזאָגט:

— ברודערקע, פון זיך וועסטו אָבער ניט אַנטלויפן. ווילסט ניט לײַדן, ווען מע זאָגט דיר דעם עמעס, וועסטו פון מיר מער קיין וואָרט ניט הערן, — און זי האָט זיך אָפּגעקערט פון אים.

— פאַרוואָס ניט. דאַווײַ! דאַווײַ![1]

— „דאַווײַ, דאַווײַ" זאָגסטו, נאָר עפּעס קאָנסטו מיר שוין גלײַך אין די אויגן ניט קוקן. איך האָב אָנגערירט דײַן קאָוועד? איאָ?

— איר וועט מיך פּאַלגן, — האָב איך זיך אַרײַנגעמישט, — לאָזט עס איבער אויף אַ צווייט מאָל. ס'איז שפּעט. מע דאַרף פאָרן אַהיים. מיר וועלן דעם רעגן, ווײַזט אויס, ניט איבערוואַרטן.

— איר וועט אין ערגעץ ניט פאָרן. זיץ און מיש זיך ניט. איך וויל אים דערווײַזן, אַז ער איז ניט גערעכט, אַז אַזעלכע שרײַבער, ווי איר, זײַנען ווייניק ווערט. איר פאָרט אום, איר האָ־וועט, — און ליזע האָט מיט אַ באַוועגונג פונעם גוף, מיט די הענט, מיט די אויגן פאַרגעשטעלט, וויאַזוי מע האָוועט. — אין קאָמאַנדיראָווקעס פאָרט איר, קיין סיביר, קיין בראַטסק. איר זוכט אַלץ טעמעס. פּאָזיטיווע געשטאַלטן זוכט איר. און איר זעט ניט, וואָס עס טוט זיך אַרום אײַך. איך בין ניט קיין שרײַבערן, עמעס? ווילט איר, וועל איך אָט דאָ־אָ, פאַר אײַך אין די אויגן, שאַפן אַ דער־ציילונג. איך וועל מיט עטלעכע שטריכן אָנמאָלן מײַן אייגן לעבן און, כ'שווער אײַך, עס וועט זײַן גענוג...

— אַדעראַבע. ס'איז טאַקע טשיקאַווע, — האָב איך אַ זאָג געטאָן, — ניט וועלנדיק זיך שפּאַרן מיט איר. עס איז מיר אײַנגעפאַלן, אַז זי, ליזע, וואָלט, מעגלעך, גאָר ניט געהאַט קעגן, ווען עמעצער באַשרײַבט זי אין אַ ווערק. ווען איך האָב אָבער דערזען, ווי זי איז געבליבן שטיל און מיט ביידע הענט, אויף קיינעם ניט קוקנדיק, גענומען אויסגלעטן דעם טישטעך, האָט מיך פאַר־דראָסן, לעמײַ איך האָב אַזוי אַ טראַכט געטאָן וועגן איר. איך האָב באַמערקט, ווי אויף איר פולער, מיט זון־שפּרענקעלעך באַשאָטענער האַנט, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פונעם קורצן אַרבל, זײַנען אַרויסגעטראָטן גרײַפּעלעך.

ווײַזט אויס, אַז אויך פעליקס האָט דערפילט, וואָס עס קומט פאָר מיט דער מוטער. ער האָט זיך פּאַמעלעך אָפּגערוקט פון זײַן ווײַבל, וואָס האָט געדרעמלט, זיך אויפגעהויבן און צוגעקומען צו דער מוטער, זי אַרומגענומען.

— מאַמע, עפּשער וואָלט מען עס איצט ניט באַדאַרפט? האָ? צו וואָס פאַרשטערן דעם אָוונט. איבעריידן זי איז שוין אָבער געווען אומעגלעך.

— פאַרוואָס? — האָט זי געפרעגט. — וועסט פון מיר קיין זיפץ ניט הערן. פאַקטן וועל איך ברענגען. איינע פאַקטן. און זאָל מען אַליין שוין מאַכן דעם אויספיר.

ווײַנער האָט איר עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר זי האָט אים איבערגעשלאָגן:

---

[1] דערלאַנג, דערלאַנג.

— איך ווייס, איך ווייס... איך וועל עס מאכן ווי עס דארף צו זײַן. פארגעס ניט, אז מײַן מאן האָט עפּעס אויך געהאַט א שטיקל שײַכות צו ליטעראַטור. איך ווייס אַן ערעך, וויאַזוי איר מאַכט די אַרבעט.

3

— איך מיין, — האָט זי אָנגעהויבן, — אַז אײַך איז ניט שווער זיך פאָרצושטעלן, וויאַזוי מע קומט באַנאַכט, מע קלאַפּט אָן אין טיר און מע הייסט עפענען... דערקלערן אײַך, ווער עס האָט געקלאַפּט, דאַרף מען מיסטאָמע ניט, איר קאָנט עס אַליין פאַרשטיין... מע איז אַרײַנגעקומען, געמאַכט אַן אונטערזוכונג, צוגענומען אַלע בריוו און פאָטאָגראַפיעס און געהייסן שמועלן זיך קלײַבן אין וועג... פעליקס איז געשלאָפן. שמועל איז צו אים צוגעגאַנגען, זיך אַראָפּגעלאָזן אָף די קני, פאַמעלעך אונטערגעהויבן די קאָלדרע און איינציקווײַז אויסגעקושט אַלע פינגערלעך פון זײַנע פיסלעך. ער איז אוועקגעגאַנגען און זיך ניט אומגעקוקט. מיט מיר און מיט דאָווידלען האָט ער זיך אַפילו ניט געזעגנט...

זי האָט אופגעהערט שאַרן מיט די הענט איבערן טיש און אונטערגעשפאַרט דאָס פּאַנעם. קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן מיט קיין וואָרט. עס האָט זיך געדוכט, אַז אויך דער רעגן האָט אופגעהערט גיסן, אַזוי איז שטיל געוואָרן.

— איך וועל אײַך ניט דערציילן, וויאַזוי מיר האָבן איבערגעלעבט די נאַכט, — האָט ליזע שטיל און קימאַט רויִק געזאָגט, — אינדערפרי האָב איך צונויפגעקליבן דאָס ביסל געלט, וואָס איז געווען בא אונדז, און געהייסן מאַרוסיען עס באַהאַלטן. טאָמער מאַכט זיך, מע קומט אויך נאָך מיר, זאָל זי כאָטש האָבן אָף בילעטן פאַר זיך און פאַר די קינדער. מיך האָט מען אָבער ניט געטשעפּעט. אין א וואָכן דרײַ אַרום זײַנען מיר געקומען צוריק אַהער, אין אָט דעם זעלבן צימער, וווּהין מיר האָבן פאַרן אוועקפאָרן געהאַט אַרײַנגעלאָזט לײַטישע מענטשן. זיי האָבן באַלד באַפרײַט דעם צימער. אָפן האַרצן איז מיר געווען אַזוי, אַז ווען א הונט גיט א לעק, וואָלט ער זיך אָפּגעזאַמט... איך קאָן עס אײַך גאָרניט אויסדערציילן... ווו איך האָב זיך ניט א קער געטאָן, האָט מיר יעדע זאַך דערמאָנט אָן שמועלן. אָט דאָ, דוכט זיך, נאָך גאָר ניט לאַנג, איז ער געזעסן באַם טיש און געשריבן. פעליקס האָט אים ניט געלאָזט שרײַבן. ער פלעגט אַרופקלעטערן פון הינטן, אָפן שטול, און שלעפן אים פאַר די האָר... איצט בין איך געבליבן אַליין מיט צוויי ברעקלעך קינדער. וויאַזוי לעבט מען? וואָס הייבט מען אָן צו טאָן?

איך בין אַרײַנגעגאַנגען אין איינער אַן אַטעליע אָף סרעטענקע. איך קום צו צום פאַרוואַלטער, א רוסישן מענטשן פון א יאָר עטלעכע און פערציק, און זאָג אים: „מײַן מאַן איז א קאָנטררעוואָליוציאָנער... מע האָט אים צוגענומען אַלס סוינע פונעם פאָלק... איך האָב אָבער צוויי קינדער און וויל ניט, אַז זיי זאָלן שטאַרבן פאַר הונגער..." איז ער א שווײַגנדיקער אַרויסגעגאַנגען פון הינטערן טיש און האָט מיך באַטראַכט:

— ווער פרעגט אײַך, ווער עס איז אײַער מאַן?.. זאָגט, וואָס ווילט איר?

איך האָב אים דערציילט, אַז איך בין אַמאָל געווען א שנײַדערקע, נאָר איך האָב שוין לאַנגע יאָרן ניט געהאַלטן קיין נאָדל אין דער האַנט און האָב געוויס אַלץ פאַרגעסן. איך בעט אים: „העלפט מיר זיך אָנשליסן צוריק צום לעבן"... און דער מענטש האָט מיר געהאָלפן. ער האָט מיך אוועקגעזעצט לעבן א גוטן אַרבעטער, איך זאָל זיך דערמאָנען מײַן פאַך. ער האָט מיר צוגעוואָרפן בעסערע אַרבעט, אַז איך זאָל מער פאַרדינען. איך אַרבעט, אָבער מײַן האַרץ איז אין דער היים. איצט איז מאַרוסיע מיט די קינדער. וואָס וועט אָבער זײַן ווײַטער?.. האַלט מען א שטוב־אַרבעטערן, דאַרף מען צאָלן, און צאָלן האָב איך ניט מיט וואָס. אָפּזאָגן זי? טאָ וויאַזוי וועל איך זיך באַגיין אַליין מיט די קינדער? פעליקס דאַרף גיין אין שול. דער צווייטער איז נאָך גאָר א פּיצל. לאָז אים איבער אַליין, וועט ער דיר אָנטאָן ווער ווייסט וואָס... ווער וועט זיי אָנהאָדעווען און ווער — אַכטונג געבן?

איך האָב געפּרוּווט פאַרפירן א רייד מיט מאַרוסיען, אַז זי זאָל אוועקגיין פון אונדז. האָט זי אופגעהויבן א געוויין, זיך גענומען וואָרפן: „וווּהין וועל איך גיין? איך וועל אין ערגעץ ניט גיין... איך וועל דיך ניט איבערלאָזן אַליין מיט די קינדער"...

איך האָב איר אָנגעהויבן דערקלערן די לאַגע אונדזערע, אַז איך וועל פּאַשעט ניט קאָנען אויסהאַלטן אַזאַ הויצאָע. איך אײַצע איר: „האָסט עלטערן אין דאָרף, טאָ פאָר צו זיי. ווילסטו ניט פאָרן, טרײַב איך דיך ניט, זײַ דאָ. אָרט וועט קלעקן פאַר אַלעמען. נאָר דעמלט, לעב זיך באַזונדער"... דאָס וויל זי אָבער אויך ניט. „וואָס, — זאָגט זי, — אַז עס איז געווען גוט, האָב איך בא דיר געלעבט און נאָך אָפּגעלייגט א קערבל אָפן ביכעלע און איצט זאָל איך דיך אוועקוואַרפן?"

איך פּרוּוו מיט גוטן, איך פּרוּוו מיט בייזן. עס דערגייט בא אונדז שוין אָפט צו טרערן.

„וואָס האָסטו זיך אַנגעזעצט אַף מײַן קאָפּ? — שרײַ איך, — וואָס ווילסטו פון מיר? ס'איז מיר ווינציק מײַנע אייגענע צאָרעס! נו, זאָג! וואָס דאַרפסטו האַרעווען אַף פרעמדע מענטשן? וואָס זײַנען מיר דיר? איך בין דיר אַ שוועסטער? אָדער אַ מאַמע? ביסט דאָך אַ געזונטער מענטש, ווּעסט אומעטום דײַן שטעטל באַשטיין. ס'איז איצט אַ צײַט, ווען יעדערער טראַכט נאָר וועגן זיך". — הייבט זי זיך אָן וואָרפן. זי האָט אַזאַ טעווע: קוים עפּעס, נעמט זי קלאַפּן מיט די טעלער.

„ניעפּראַווּדאַ...[1] — זאָגט זי. — דו ווייסט אַליין, אַז ס'איז ניט אַזוי. עס זאָל זײַן אַזוי, ווי דו זאָגסט, וואָלט מען גאָר ניט באַדאַרפט לעבן אַף דער וועלט. איך האָב אָפּגעלעבט בײַ אײַך יאָרן, האָב איך דען געפילט, אַז איך בין אין דער פרעמד? ביסטו ווען געגאַנגען זיך עפּעס קויפן אין קראָם, אַז דו זאָלסט אויך מיר ניט קויפן? פאַרוואָס ווילסטו, אַז איך זאָל דאָס אַלץ פאַרגעסן?"

„יאָ, — זאָג איך, — ביסט עפּשער גערעכט. מיר האָבן זיך קיינמאָל ניט באַצויגן צו דיר ווי צו אַ דינסט. נאָר יענע יאָרן וועלן זיך שוין קיינמאָל מער ניט אומקערן. מיר דאַרפן טראַכטן, וואָס טוט מען איצט. מע דאַרף דאָך געפינען עפּעס אַן אויסוועג פון דער לאַגע. זעסט דאָך, איך וואַרף זיך ווי אַ פיש אָפּן זאַמד... אָבער אפילע אָפּעסן ווי עס דאַרף צו זײַן קאָנסטו בײַ מיר אויך ניט".

זי האָט שוין, זאָגט זי, געפונען אַן אויסוועג. זי האָט זיך אָפּגעזוכט אַן אָרט, ווּ מע וויל זי נעמען פאַר אַן אופראַמערן. וועט זי גיין אַרבעטן, און עס וועט איר סטײַען אויך גענוג צײַט פאַר דער שטוב, אַכטונג געבן אַף די קינדער. „דו גייסט, — זאָגט זי, — אוועק אַף אַ גאַנצן טאָג, דאַרף מען דאָך עפּעס אָפּקאָכן. וואָס וועלן זיי עסן?"

און אַזוי איז געווען. זי איז אוועקגעגאַנגען אַרבעטן. זי אַרבעט, און דער גאַנצער אָל פון דער שטוב איז סײַוויסײַ אַף איר. איך קאָן איר מיט גאָרנישט ניט העלפן. איך קום אַף אַלעם פאַרטיקן. ווײַל כוץ דעם, וואָס איך אַרבעט אין אַטעליע, האָבן שכיינים זיך דערוווּסט, אַז איך קען נייען, און אַנגעהויבן מיר ברענגען באַשטעלונגען. אָפּזאָגן זיך קאָן איך ניט — עס סטײַעט ניט צום לעבן. און דאָס נייען ברענגט אַרײַן נאָך אַ ביסל פּאַרנאָסע. איך האָב שטילערהייט, באַנאַכט, גענומען מאַכן אַ שטיקל אַרבעט: דעם אַ מאַנטל, יענער — אַ קלייד.

מיד בין איך זייער. איך האָב אַזויפיל יאָרן פיזיש ניט געאַרבעט. אַכט שאָ אָפּזיצן געבויגן בײַ דער נאָדל איז מיר זייער שווער. און דאָ, ווי נאָר עס ווערט נאַכט, דאַרף איך זיך זעצן אַף דער „צווייטער סמענע"... קום איך אַהיים, זעץ איך זיך אוועק באַם טיש, שפּאַר אונטער דאָס פּאָנעם מיט דער האַנט און זיץ. עס קריכט מיר גאָרניט אין האַלדז אַרײַן. מע דאַרף זיך דאָך ווידער זעצן אַרבעטן... מיט גוואַלד כאַפּ איך עפּעס איבער און פאַל אום, שלאָף אָפּ עטלעכע שאָ. ווען אַלע לייגן זיך שלאָפן, שטיי איך אויף שטילינקערהייט, צינד אָן פײַער און זעץ זיך נייען. ביז טאָג אַרבעט איך, און אַז עס ווערט ליכטיק, בײַס איך עפּעס איבער און גיי אוועק אין אַטעליע.

ליזע האָט גענומען פון דער וואַזע אַן עפּל און פּאַמעלעך אים צעשניטן אַף גלײַכע כאַלאַקים, אַלעמען צעטיילט. די יונגע שנור האָט דורכן דרעמל דערהערט, וועגן וואָס עס גייט אַ רייד, האָט זי זיך שטילערהייט, קעדיי ניט אַ סקריפּע טאָן מיטן שטול, אויך אוועקגעזעצט באַם טיש, זי האָט געגומען באַטראַכטן די שוויגער און מאַרוסיען, ווי זי וואָלט זיי דאָס ערשטע מאָל דערזען. מאַרוסיע איז, ווי פריִער, געזעסן באַם טעלעוויזאָר, שטיל געשמייכלט און ניט געהערט, וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך.

רויִק, ווי פריִער, האָט ליזע ווײַטער דערציילט:

— שוין גענוג דאָס, וואָס מיר לעבן איבער, ברעכט אויס די מילכאָמע און ברענגט נײַע צאָרעס. מע עוואַקויִרט אונדז קיין אופאַ. מאַרוסיען, ווי ניט קיין מיטגליד פון אונדזער מישפּאָכע, דערלויבט מען ניט מיט אונדז מיטפאָרן. איך טײַנע, אַז איינע אָן דער אַנדערער קאָנען מיר ניט אויסקומען, אַז זי איז אַ שוועסטער מײַנע, פּאַקט מען מיך בײַ אַ ליגן. און מיר זײַנען געצוווּנגען אוועקפאָרן אַליין. דאָס, וואָס מאַרוסיע איז געבליבן אין מאָסקווע, איז אָבער פאַר אונדז געווען אַ טויווע. וואָרעם פאַר דער צײַט, וואָס מיר זײַנען אין אופאַ, געפינען זיך באַלאַנים אַף אונדזער צימער. מע וויל, אַז מאַרוסיע זאָל זיך אַריבערקלײַבן אין אַ קלענערן. זי שפּאַרט אָבער אָן, ווּהין מע באַדאַרף. זי מאַכט גוואַלדן: „די מוטער האָט איר אוועקגעשיקט מיט די קינדער, און איצט ווילט איר צונעמען די דירע"... זי שרײַט אַזוי, אַז מע טרײַבט זי דורך, נאָר מע הערט דאָך אויף צו ריידן וועגן בײַטן דאָס צימער.

זי באַקומט אַ פּאַיאָק, שפּאָרט זי אָפּ עטלעכע שטיקלעך צוקער, אַ ברעקל פּוטער און שיקט עס איבער פאַר די קינדער. איר זעט דאָך, זי איז אַ קליינוווּקסיקע, באַקומט זי אַ קאָפּטל, איז עס אַקוראַט אַף פּעליקסן, שיקט זי עס אויך אונדז אוועק. פאַר זיך דאַרף זי גאָרניט. אַזוי איז געווען די גאַנצע צײַט, ביז מיר האָבן זיך ניט אומגעקערט קיין מאָסקווע.

---

[1] ניט עמעס.

דאָס לעבן איז דאַן געווען זייער שווער. וויפל מיר האָבן ניט פאַרדינט, האָט אַלץ ניט גע־קלעקט. קיין אײַנהאַרע ניט, פיר מײַנטשן. איבער אַ טאָג מוז איך צוקויפן אַפּן מאַרק אַ לאַבן ברויט, וואָס קאָסט זייער טײַער.

איינמאָל זײַנען פונעם דאָרף געקומען צו פאָרן מאַרוסיעס עלטערן. האָבן זיך אָפּגעזוכט גוטע שכיינים, מע האָט זיי אַרײַנגענומען אין שטוב און געגומען דערציילן, ווי שווער מאַרוסיע האָרע־וועט אַף אונדז. אין אָוונט, איך קום צו גיין פון דער אַרבעט, — זיי זײַנען דאָ. מיר האָבן געמאַכט טיי, געשטעלט אַפּן טיש, וואָס עס איז געווען. און דער פאָטער מאַרוסיעס האָט אָנגעהויבן דער־ציילן, וואָס מע רעדט וועגן אונדז. ער האָט מיסטאָמע דערוואַרט, אַז איך וועל אים זאָגן: ס'איז אַלץ אַ ליגן.

„ניין, — זאָג איך, — ס'איז אַלץ אָן עמעס... ווען דו פרעגסט מיך, וואָלט איך דיר נאָך מער דערציילט. פון פאַרטאָג אָן ביז שפּעט באַנאַכט איז זי אַף די פיס. זי האַקט האָלץ, הייצט דעם אויוון, קאָרמעט און וואַשט. קיין אייגענע מוטער טוט אַזויפיל ניט פאַר אירע קינדער. און ניט נאָר איך צאָל איר גאָרניט דערפאַר, נאָר יעדן גראָשן, וואָס זי פאַרדינט, טראָגט זי אויך אַרײַן אין שטוב און לייגט אַוועק אין שאַפע צוזאַמען מיט אונדזער געלט. אַלץ איז עמעס. וואָס מע זאָל ניט זאָגן, איז עמעס. איך האָב איר אַליין אויך וויפל מאָל געזאָגט, אַז זי זאָל אַוועקגיין פון אונדז, אַז ווען זי איז אַליין, וואָלט איר בעסער געווען. נאָר מיך פאָלגט זי ניט. פּרוווט מיט איר ריידן. עפּשער וועט זי אײַך פאָלגן, אַדרעבאַ"...

האָט איר באַדאַרפט זען דעם קאָנצערט, וואָס מאַרוסיע האָט אָפּגעשפּילט טאַטע־מאַמע. זי האָט אַזוי געוויינט, אַזוי געכליפּעט: קינדער זײַנען געבליבן אָן אַ טאַטן און זי זאָל זיי אַוועקוואַרפן?!

„זי, — זאָגט זי, און ווײַזט אַף מיר, — זי אַרבעט באַטאָג און באַנאַכט. ווער וועט די קינדער אָנ־קאָרמענען און אַרומוואַשן, אויב ניט איך?" דערצו נאָך האָט בייסמײַסע געדאַרפט אַרײַנלויפן דאַ־ווידל פון דרויסן און דערזען, וואָס דאָ קומט פאָר. האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן צו איר. זי האָט אים אַרומגענומען...ביידע וויינען, קושן זיך און וויינען...

דער פאָטער איז ניט גערן געווען, וואָס ער האָט גאָר אָנגעהויבן דעם שמועס.

פון דעמלט אָן זײַנען אירע עלטערן מער ניט געווען בײַ אונדז. איצט זײַנען זיי שוין גע־שטאָרבן. איך פּרווו איר אַמאָל זאָגן: „וואָלסט צוגעפאָרן אַף עטלעכע טעג צו זיך אַהיים". גיט זי זיך אַ קנייטש: „וועמען האָב איך דאָרטן?" און ס'איז טאַקע אַזוי. אויסער אונדז האָט זי קיינעם ניט. דאָס גאַנצע לעבן האָט זי אַוועקגעגעבן די קינדער. איצט זײַנען זיי אויסגעוואַקסן. פעליקס האָט כאַסענע געהאַט און איז אַוועקגעפאָרן. דאַווידל וועט אינגיכן אויך געפינען זײַן באַשערטע. „און מיר, — זאָגט זי, — וועלן בלײַבן אינצווייען... מיר וועלן צו קיין שנור ניט גיין. איך וועל קומען צו דיר, — זאָגט זי דאַווידן, — וועל האָדעווען דײַנע קינדער, וואַשן און באָדן זיי. נאָר לעבן וועל איך מיט דער מאַמען. מיר וועלן זיך שוין ביידע ווי־ניט־איז צוזאַמען עלטערן".

ליזע האָט זיך, ווײַזט אויס, אָנגעשטויסן, וואָס אונדז ווילט זיך באַזונדערס וויסן.

— איר קאָנט פרעגן: מיר האָבן אָפּגעלעבט, קאָן מען זאָגן, צוזאַמען אַ גאַנץ לעבן, שוין זשע האָבן מיר זיך קיינמאָל ניט געקריגט? יאָ. געווען אויך דאָס. פאַרוואָס עפּעס ניט? נאָר אַלץ איבער די קינדער. און ווי קאָן דען זײַן אַנדערש, אַז עס זײַנען דאָ צוויי מאַמעס אין איין שטוב. ווען פעליקס איז געווען אַ סטודענט, געדענק איך, האָט ער געהאַט אַ שינעל, וואָס איך האָב אים איבערגענייט פון אַן אַלטן בעגעד. האָט מאַרוסיע זיך באַטראַכט: ער האָט אַ מיִעסן שינעל, דאַרף מען אים כאַטש קויפן אַ שיין אויבערהעמד, אים זאָל ניט זײַן קיין כאַרפּע פאַר די כאַווירים, מיט וועלכע ער לערנט זיך. איך האָב געטײַנעט, אַז ער וועט צוואַרטן. אין זײַנע יאָרן האָט זײַן טאַטע קיין שענערע קליידער ניט געהאַט. מיר האָבן איצט ניט, פאַר וואָס צו קויפן. עס האָט אָבער ניט געהאָלפן. כ'האָב געמוזט קויפן. וואָרעם, ווי איר זעט, איז זי, דוכט זיך, אַ שטילינקע, נאָר אַז זי שפּאַרט זיך אײַן...

עס האָט אַמאָל געטראָפן, איך האָב געוואָלט דאַווידלען אָנפּאַטשן. אַ קינד איז געוואַקסן אין גאַס. ער איז געווען אַ גרויסער שטיפער. ער האָט עפּעס אָנגעטאָן אַ שאָדן אין שול. האָט זי אים אַרויסגעריסן בײַ מיר פון די הענט און געמאַכט אַ געשריי: „פאַרוואָס וועסטו אים שלאָגן? ער איז אַזוי אויך אַ געשטראָפטער פון גאָט, וואָס ער איז געבליבן אָן אַ טאַטן".

און ווייסט איר וואָס, איר זאָלט מיך ניט אָנקוקן, ווי אַ מעשוגענע. איך וועל אײַך זאָגן אַ סאָד: דער קליינער האָט זי מער ליב, איידער מיך. איך האָב אים געבוירן. זי האָט אים אָבער דערצויגן. און איך ווייס ניט, ווער האָט אין אים אַ גרעסערן כיילעק. אַ מאַמע בין איך אַ שטרענגע. זי באַ־לעוועט אים. איך שרײַ אַף אים, זי נעמט אים אַרום, קושט אים. ער זעצט זיך אַוועק עסן, גיב איך אים וואָס מע דאַרף, און שוין. זי וועט אים איידער וואָס־ווען געבן פריִער פון אַלץ פאַרזוכן צו־ביסלעך. ער עסט, און זי שטייט זיך דערבײַ און פרעגלט זיך: „נו, וואָס, געשמאַק?" עס איז רעכט, זי זאָל אים געבן אויסטרינקען אַ צענדליק אייער פאַר אַ מאָל. עס האָט בײַ אים עפּעס אַ באַטרעף

אן איי? ער גיסט אריַין אין האלדז און שוין. „ווער, — פרעג איך בא איר, — גיט עס זופן אייער?״

„זאָל ער! — ענטפערט זי, — זאָל אים זיַין צו געזונט...״

מיר זעצן זיך עסן. ער זיצט באַם טיש. ער איז ניט פעליקס. דער, כ׳וועל עס זאָגן אים אין די אויגן, איז קולטורעלער. ער פאַרשטייט מיך אפן ווּנק. זיצט ער, דאָווידל, און זעט, אז איך שטיי. איך זאָג ניט, אן ארבעט איז בא אים א שווערע, ער קומט פון אעראָדראָם זייער א מידער. נאָר מיר וועט ער ניט אָפּטרעטן דאָס אָרט. קוים אָבער וועט ער דערזען, אז מארוסיע שטייט, כאַפּט אים די כאָליערע, ער שפּרינגט אוף און באַזעצט זי.

אנומלטן איז געווען אזא מיַיסע. איך האָב איַיך דאָך שוין געזאָגט, דער קלענערער איז געווען אין דער ארמיי, מע האָט אים דאָרטן געלערנט, וואָס מע האָט באדארפט. אפן אעראָדראָם טוט ער אויך א וויכטיקע ארבעט. ער איז א מעכאַניקער, ער גרייט צו די אעראָפּלאַנען צום פליִען. אָבער ער איז דאָך געבליבן א ביסל א צו פּראָסטער. ער האָט א ביסל א דאָרפישן געשמאַק. אזוי, לעמאָשל, אז איך באַק אָפּ א פלאָדן מיט מאָן, איז ער ניט צופרידן. פלאָדן מיט מאָן האָט ער ניט ליב. גיב אים „א פּיראָג מיט קאַפּוסטע״, מער דארף ער גאָרניט... מאַכט זיך אזוי, עפּעס האָבן מיר זיך צעווערטלט מיט אים. ער האָט מיר געענטפערט ניט אזוי, ווי מע דארף ענטפערן א מאַמען, און ס׳איז פּונקט געהאט אריַינגעקומען מיַינע א באַקאַנטע. זיץ איך באַם טעלעוויזאָר מיט איר און באַקלאָג זיך אף אים. מיַין גאַסט איז אוועקגעגאַנגען. מיר לייגן זיך שלאָפן. דאָווידל איז אין שטוב ניטאָ. איך ליג אין בעט, מארוסיע ליגט הינטערן פאָרהאַנג, אינעם צווייטן צימערל. איך הער, זי כליפּעט עפּעס... ווען דאָווידל איז דאָ, וויינט זי ניט. וואָרעם זי ווייסט, אז ווי נאָר ער וואָלט עס דערזען, וואָלט ער באַלד צוגעלאָפן צו מיר מיט א טיַינע: „וואָס האָסטו איר געזאָגט? פאַרוואָס וויינט זי?״ עס גייט דורך א האַלבע שאָ, א שאָ, איך כאַפּ שוין א גוטן דרעמל. זי וויינט אלץ...

„וואָס איז? — פרעג איך זי, — ווער האָט דיר די נאָז אָפּגעביסן? וואָס וויינסטו שוין ווידער דאָרטן?״ און זי צעיאָמערט זיך נאָך שטאַרקער:

„שריַיסט אף אים, גייסט דערציילן פרעמדע מענטשן, אז ער איז ניט קיין איידלמאַן. פונוואַנען קאָן ער זיַין אן איידלמאַן? די שיינע דערציִונג, וואָס מיר האָבן געקאָנט אים געבן. פעליקס האָט זיך געהאָדעוועט באַם טאַטן. דער טאַטע האָט אים צוגעוווינט צו א ביכל. וואָס האָב איך אָבער געקאָנט אים געבן, אויסער מיַין האַרץ! דו ווייסט דאָך, די שטאַרק גראַמעטנע, וואָס איך בין אליין. דערצו נאָך, איז די ציַיט געווען אזא, אז מע האָט מער געדארפט טראַכטן, וויִאזוי אים אָנצוקאָר־מענען, זען, ער זאָל ניט ארומגיין נאַקעטערהייט...״

די גאַנצע ציַיט, וואָס ליזע האָט דערציילט, האָבן מיר אלע ניט אויסגערעדט קיין וואָרט, נאָר איצט, בייס זי איז געקומען דערצו, וויִאזוי מארוסיע איז געלעגן אונטערן פאָרהאַנג און האָט געוויינט, איז צו איר מיטאַמאָל צוגעפאַלן די יונגע שנור און זיך אויך צעוויינט. ליזע האָט זי גענומען באַרוּקן.

עס האָט אונדז אלעמען שוין געהאַט גוט אָנגעקוואָלן אפן האַרצן. מיר האָבן זיך אופגעהויבן פונעם טיש און זיך צעגאַנגען אין די ווינקלען ווער ווּהין.

ערשט איצט האָט מארוסיע דערפילט, אז אין צימער איז עפּעס געשען. זי האָט אויסגעשלאָסן דעם טעלעוויזאָר און, אזוי ווי זי איז געזעסן אפן דיוואַן מיט א פוס אונטער זיך, זיך אומגעקוקט. זי האָט גאָרניט געפרעגט. איר בליק האָט דאָך באַטיַיט: „וואָס איז? וואָס איז פאַרלאָפן?״ זי האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס איז פּלוצעם אזוי שטיל געוואָרן און פאַרוואָס וויינט פעליקס וויַיבל.

ווען מיר זיַינען ארויס אין דרויסן, קעדיי פאָרן אהיים, איז שוין געווען ליכטיק. עס האָבן נאָך געשפּריצט זעלטענע טראָפּנס. נאָר א ווינט האָט געבלאָזן און צעטריבן די וואָלקנס און פון צווישן זייערע צעריסענע שטיקער האָט זיך ארויסגעוויזן א לויטערער הימל.



כאיִם מאלטינסקי

# סאָליגאָרסק

(דיכטערישער רעפּאָרטאַזש)

1

האָסט געהערט? —
סאָליגאָרסק,
אין פּאָליעסיע, דאָס שטעטל סטאָראָבין.
אויצרעס זאלץ — סילווינִיט,
ווי די שקיִע צעגליט.
וויפל שיינקייט און רײַכקייט
דאָרט האָב איך!
אונטער ערד, אין דער טיף,
א קאָמבײַן, ווי א שיף,
שנײַדט די פלאסטן,
וואָס ליגן צעגאָרנט.

אין דער הייך, אף דער שײַן,
זע, טאָג־אויס און טאָג־אײַן
פירט מען זאלץ,
ווי אין שניטצײַט דאָס קאָרן.
ווּ דו גייסט,
ווּ דו פאָרסט,
יעדער ווייסט —
סאָליגאָרסק,
די ווײַסרוסישע שטאָט
פון שאכטיאָרן.

2

מײַן לאמטערן דעם וועג מיר באהעלט.
עס אנטפּלעקט זיך א צויבער־געצעלט.

זע, אָט איז זי, די אייביקײַט, אָט —
אין דער שטיל איך פארלאנגזאם מײַן טראָט.

ס'איז דער פלאסט — א פארגליווערטער יאם.
זײַן קאָליר איז פון שקיִע און פלאם.

העליש־רויט, בלוילעך־גרין,
טונקל־ווײַס.
איבער יאם דעם פארשטיינערטן כ'שפּרײַז.

אונטער ערד, ווײַט פון ליכטיקן טאָג,
שטײַף דאָס לעמפל שאכטיאָרישע כ'טראָג.

מינאסטאם, א מיליאָן יאָרן צ'ריק
האָט געשטורעמט דער יאם, זיך געוויגט,

מיט דער גלײַיקער זון זיך געשפּילט.
איצטער ליגט ער פארשטומט און פארשטילט.

זיך פארוואנדלט אין זאלץ, אין סילווין.
העליש־רויט, טונקל־ווײַס,
בלוילעך־גרין.

דער קרישטאָל־סילווינִיט שעמערירט.
מיט דער האנט כ'האָב דעם יאם אָנגערירט.

און פארזוכט אף דער צונג כ'האָב דעם טאם
פון פארגליווערט־פארשטיינערטן יאם.

און דעם טאמצים פון לעבן כ'דערשפּיר.
סאָליגאָרסק! מיט דעם מענטש איך שטאָלציר!

זע, ווי ווּנדערלעך־שיין ס'איז דער פלאסט.
בא דער אייביקײַט בין איך צוגאסט.

3

געקומען זײַנען קרעפטיקע שאכטיאָרן,
זיך דורכגעשלאָגן צו דעם יאם, צום דעק:
— דערלאנג אונדז, יאם, צוריק די זונען־יאָרן,
דעם רויטן סילווינִיט אונדז גיב אוועק!

די כּיִעסדיקע זאלץ — דעם זונען־טײַנעג
אף די פּאָליעסער פעלדער ברענג אונדז שנעל.
מיט אונדזער קויך, מיט אונדזערע קאָמבײַנען
צעטרייסלען וועלן מיר די גליווערדיקע וועל.

צעמאָלטער ערץ שוין שיט זיך אָן אן אופהער,
און עס צעדרויבלט דער קאָמבײַן דעם פלאסט,
אף הרודעס זאלץ עס קריכט דער „זשוק“ —
דער שופל
און שארט זיי אוף, און פויזעט אָפּ מיט האסט.

וואָס מערער קאַלי־זאַלץ אַף פּרילינגדיקע
פעלדער!
ס'זאָל שעפּע זײַן — מער סילוויניט דערלאַנגג!
אונטער דער ערד שאַכטיאָרן, יונגע העלדן, —
די אייביקײַט זיי וועקן מיט געזאַנג.

4

צונויפגענומען האָט די יונגע קויכעס
דער קאָמבײַניאָר דובאָוויק וואַלענטין.
דעם צוועלפטן מעטער דורך שוין ניט
געשטרויכלט,
ס'איז דער זאַבאָי געטאָקט, געשליפן דין,

ווי אין מעטראָ אין מאָסקווער די טונעלן.
א בלענד מיט לאָמפּ שאַכטיאָרישן ער גיט,
די רונדע ווענט — פּאָלירט. דעם יאָט געפעלן
די בונטע אָדערלעך פון סילוויניט.

צופרידן זאָגט צו זײַן געהילף דובאָוויק:
— צוועלף מעטער — קאַלי הונדערט אכציק טאָן.
דו ווייסט דאָך גוט, בראַטאָק, — איך דאַרף
קיין קאָוועד.
און דאָך, וואַסיל, כ'וויל ניט ארויס פון קאָן.

ער טוט א טרייסל די פאַרשטויבטע קאַסקע,
א שאַר ארויף די בלאָנדע קוטשמע האָר, —
— נו, נאָך איין מעטער... זאָג, וואַסיל, ביסט
מאַסקים?
— א פּרוּוו טאָן דאַרף מען, כאַווער קאָמבײַניאָר.

א שמייכל כיטרע טוט וואַסיל דעמיניק:
— פונדעסטוועגן איז קאָוועד אויך א זאַך...
אַף פּרעמיעס מיר זײַנען אויך מעווינים...
— נו, נו, געהילף מײַנער, פון מיר ניט לאַך. —

און ס'שיט דאָס ארץ זיך פון קאָמבײַן אָן אופהער.
און מישע פייגעלמאַן, דער „סקרעפּעריסט“[1],
שיקט שנעל דורכן זאַבאָי דעם „זשוק“, דעם
שופל.
און איך — די דרײַ שאַכטיאָרן איך באַגריס:
וואָס מערער קאַלי־זאַלץ אַף פּרילינגדיקע
פעלדער!
ס'זאָל שעפּע זײַן — מער סילוויניט דערלאַנגט!
פאַר אײַער מי, שאַכטיאָרן, יונגע העלדן,
דאָס פאָלק פון גאַנצן האַרצן אײַך באַדאַנקט.

5

קיין פליגעלע, קיין ווערעמל, קיין פּראָש.
בלויז זונען־גלי פאַרגליווערט אין די פּלאַסטן.
— דאָס לעמפּל אַפן שטערן, מישע, פּאַסט דיר,
אַזוי געטראָגן האָט דײַן זיידע דעם שעלראָש...
עס קוקט מיך אָן פאַרוווּנדערט פייגעלמאַן:
„גאָר אומפאַרשטענדלעך רעדט עפּעס דער
שרײַבער“. —
און צום קאָמבײַן דעם שופל נעמט ער טרײַבן,
און וויקלט דעם קאַנאַט פון באַראַבאַן.
ער רופט זיך פּלוצעם אָן צו מיר: — „כאָראָש!“[2]
שוין פול מיט ארץ דאָס שופל אָנגעשעפּט איז.
כ'קוק אַפן ווילן באָכער און איך שעפּטשע:
„א ספּאָדיק דול איך אים מיט א „שעלראָש“.
איך קאָן פון יאָט ניט אָפּווענדן מײַן בליק:
ער איז אין פינף־און־דרײַסיקסטן געבאָרן.

— — — — — — — — — — — — — —

ווען ניט דערמאָרדעט וואָלט מײַן קינד געוואָרן
מיט איין און צוואַנציק יאָר צוריק...

6

מײַן טיש באַצירט ער, ווי א רעגנבויגן,
דער סאָליגאָרסקער סילוויניט.
דעם לויכטנדיקן שטיין איך היט
און ווענד צו אים מיט ליבשאַפט מײַנע אויגן.

דער ערדישער קרישטאָל האָט אָפּגעשפּיגלט
דעם רוישיק־ברויזנדיקן יאַם.
עס איז אין סילוויניט דער פלאַם
פון גליִענדיקער זון פאַרזיגלט.

[1] אַן ארבעטער, וואָס פאַרפעסטיקט די שאַכטע נאָכן ארויסבאַקומען ארץ; [2] „גוט!“



הירש פלאסקאוו

גווארדיע־גענעראל־לייטענאנט פון ארטילעריע

# צוויי פרייוויליקע


זינט די מילכאמע האט זיך פארענדיקט, בין איך עלטער געווארן אף קימאט צוויי צענדליק יאר. א סאך פון מיינע נאענטע שלאכטפריינט זיינען פארשווונדן פון מיין זיקארן. נאר וועגן צוויי סאלדאטן, צוויי פרייוויליקע — א טאטן מיט א זון — וועל איך קיינמאל ניט פארגעסן, כאטש אין מיין מיליטער־טייל האבן זיי געדינט בלויז קארגע זיבן כאדאשים.

דער פאטער איז געווען הויך און דאר, שוין א ביסל גראוו, א מענטש פון א יאר פערציק, א רויקער, א שווייגער, דער זון — א מיטלוווקסיקער, א ברייטפלייציקער, אן ענערגישער און זייער א דרייסטער. אלט געווען איז דער זון א יאר אכצן. ער פלעגט זיך פרייען, ווי א קליין קינד, ווען ער פלעגט הערן וועגן זיך א גוט ווארט. ערעוו דער מילכאמע האט ער געענדיקט א טעכניקום.

דעם עלטערן — מיכאיל מאקסימאוויטשן — האבן די סאלדאטן גערופן „באטיא"[1], דעם יינגערן — פיאטער מיכיילאוויטשן — פאשעט פעטיע.

* * *

דאס איז געווען אין יון 1941. אונדזער שיסער־דיוויזיע האט געפירט פארביטערטע שלאכטן אין ראיאן פון שקלאוו.

א היץ איז געווען אן אומדערטרעגלעכע. די לופט — פול מיט געדיכטן שטויב. ס'איז שווער געווען צו עטעמען. ארום ברענען דערפער, איינצלנע הייזער באם וועג, מאשינעס. עס ברענט די טוווע אף די פעלדער. אין הימל הודען אן אופהער אעראפלאנען. דער געהויל פון די סירענעס, דאס פייפן פון די באמבעס צווינגט אלעמען זיך צודריקן צו דער ערד.

פון מינסק און פון אנדערע גרענעץ־שטעט האבן זיך אף מיזרעך א לאז געטאן פרויען, זקיינים און קליינע קינדער. אייניקע האבן געפירט אף וועגעלעך זייער ביסל סקארב, נאר די מערהייט האט איבערגעלאזט אין די ברענענדיקע הייזער דאס גאנצע האב־און־גוטס. די „מעסער־שמיטן" האבן זיך אראפגעלאזט קימאט ביז דער ערד און געקאסעט די פליטים. יענע, וואס האבן ניט באוויזן זיך אויסבאהאלטן אין די וועלדער, זיינען אומגעקומען. די אטאקעס פון די פאשיסטן זיינען פול געווען מיט אומענטשלעכער רישעס, פרעכקייט און זעלבסטזיכערקייט. אונדזערע סאלדאטן האבן אבער זיך געשלאגן, ניט שאנעווענדיק דאס לעבן, און מיט אלע קויכעס איינגעהאלטן דעם סוינע, וואס האט זיך געריסן פארויס.

אלץ האט זיך באוועגט אף מיזרעך. אפיצערן האבן אפגעשטעלט מאשינעס און אריינגעזעצט אין זיי קינדער, פרויען און אלטע לייט.

אין איינעם א טאג, ווען מיר איינדרייען — איך, דער סעקרעטאר פון פארטיי־ביורא פונעם פאלק באיקא און דער פאדפאלקאווניק קאגאן (וועלכער איז אף מארגן אומגעקומען) — האבן זיך געפונען אפן באאבאכטונגס־פונקט פונעם 64־טן ארטילעריע־פאלק, זיינען צו אונדז צוגעגאנגען צוויי ציוויל געקליידטע מאנצבלען. דער עלטערער האט אוועקגעשטעלט אף דער ערד זיין טשעמאדאן, ארויסגענומען פון קעשענע א דאקומענט, באוויזן אונדז און אנגערופן זיך שטיל:

— ביז דער מילכאמע בין איך געווען א טאקער אין באראנאוויטשער לאקאמאטיוו־דעפא. איך בין א קאמוניסט. דאס איז מיין זון פעטיע, — האט ער אנגעוויזן אפן יונגן באכער, וואס איז געשטאנען לעבן אים, — א קאמיוגיסט. דעם 23 יון איז פון א באמבע אומגעקומען מיין פרוי, אפילע מעקאבער זיין זי האבן מיר ניט באוויזן. מיר זיינען קוים מיטן לעבן אוועק. ניט געוואלט בלייבן באם דייטש. שוין דעם צענטן טאג, ווי מיר וואגלען. נעמט אונדז צו זיך, אט איז מיין מיליטער־בילעט, איך האב געדינט אין ארטילעריע.

— מיר האבן דערוף קיין רעכט ניט, — האבן מיר אים געענטפערט.

דער עלטערער מאנצבל האט פארוווּנדערט און מיט אן איראנישן שמייכל אין די אויגן א קוק געטאן אף מיר און א זאג געטאן מיט פארדראס:

— וועגן וואס פאר א רעכט רעדט איר, כאווער פאלקאווניק, מיט וואס בין איך ערגער פון אייערע סאלדאטן?

---

[1] — טאטע.

פעטיע, וואָס האָט די גאַנצע צײַט געשוויגן, האָט מיט קאַס איבערגעשלאָגן דעם טאַטן:

— מיר האָבן שוין געזען אײַערע סאָלדאַטן. אַנשטאָט צו שלאָגן אַן ראַכמאָנעס די מיִעסע ברוים, הערן זיי ניט אויף אָפּצוטרעטן. — און אין א מינוט ארום האָט ער צוגעגעבן שוין מיט א רויִקערן טאָן: — כאַוויירים נאַטשאַלניקעס, נעמט אונדז צו זיך, איר וועט קיין כאַראַטע ניט האָבן. מיר וועלן טאָן אַלץ, וואָס איר וועט הייסן...

איך האָב א קוק געטאָן אויף אָט די צוויי פאַריאָסעמטע מענטשן און האָב א טראַכט געטאָן, אַז געהערט זײַנען זיי, ניט מיר. באַיקאַ האָט אויפמערקזאַם דורכגעקוקט זייערע דאָקומענטן און האָט אויך באַשלאָסן, אַז מע דאַרף באַפרידיקן זייער ביטע. איך האָב באַפוילן צו פאַררעכענען דעם פאָטער מיטן זון, ביידע פליישערס, אין פאָלק.

מיר האָבן זיי באַשטימט אין דער קאָמאַנדע פון אַן האַרמאַט פון דער זעקסטער באַטאַריי.

פעטיע האָט מיט גרויס כיישעק דערלערנט דעם האַרמאַט. סענטיאַבער־צו איז ער שוין געווען א געניטער אַרטילעריסט און געהאַט אויף זײַן קאָנטע א היפּש ביסל אונטערגעקלאַפּטע טאַנקען.

כאַטש פליישער דער טאַטע איז געווען א מענטש אויסערלעך א טרוקענער און א צוריק־געהאַלטענער, האָט מען זיך אויף דער באַטאַריי באַצויגן צו אים מיט גרויס אַכטונג. קאָן זײַן דער־פאַר, ווײַל ער איז דאָ געווען עלטער פון אַלע סאָלדאַטן און אָפיצערן. דער קעכער פלעגט אים דעם ערשטן אָנגיסן דאָס קעסעלע, ער זאָל ניט שטיין אין דער ריי. די סאָלדאַטן פלעגן אים ניט לאָזן רייניקן דעם האַרמאַט, אויסלאָדן די סנאַריאַדן — מע האָט אים געשאַנעוועט.

ווען אין ראַיאָן פון אַלטוכאָוועקע איז בײַם אַן אויסשפּיר־אָפּעראַציע געפאַלן דער סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע פונעם דיוויזיאָן אַרטאַמאַנאָוו, האָבן די קאָמוניסטן פאַרגעלייגט אויף זײַן אָרט דעם עלטערן פליישער. דער „באַטיא" האָט זיך אָפּגעזאָגט, ער האָט געטײַנעט, אַז ער קען נאָך ווייניק די מענטשן.

איינמאָל האָב איך א פרעג געטאָן בײַ פעטיען, וואָס טוט זיך מיט זײַן טאַטן, פאַרוואָס שווײַגט ער די גאַנצע צײַט.

— ער איז שטענדיק געווען גאָר אַן אַנדערער, — האָט געענטפערט פעטיע, — באַנאַכט נעמט ער מיך פלוצעם אַרום און צעוויינט זיך: „פאַרוואָס האָבן מיר די מאַמע צו קוורע ניט געבראַכט?.."

אין איינער א שלאַכט האָט זיך דער צוועלפטער שיסער־פאָלק אופגעהויבן אין א קאָנטער־אַטאַקע און מיט א באַזונדערער אַנטשלאָסנקײַט זיך א וואָרף געטאָן אויף די אָנגרײַפנדיקע היטלע־ריסטן, וועלכע זײַנען שוין דערגאַנגען האַרט צו אונדזערע טראַנשייען. עס האָט זיך אָנגעהויבן א שרעקלעך געפעכט. מע האָט געשאָסן, אָרדעוועט מיט די ביקסן־קאָלבעס, מיט די לאָפּעטעס, די ערד איז מאַמעש אָנגעזאָפּט געוואָרן מיט בלוט. די פאַשיסטן האָבן געשריגן, אייניקע פון זיי האָבן אופגעהויבן די הענט, נאָר אונדזערע סאָלדאַטן און אָפיצערן האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט.

א מעטער דרײַ הונדערט פונעם אָרט, וווּ עס האָט געפלאַקערט די שלאַכט, איז געשטאַנען אויף דער פײַער־פּאָזיציע די זעקסטע באַטאַריי. און פלוצעם... אומגעריכט פאַר אַלעמען האָט דער שטענדיק רויִקער און באַדאַכטער „באַטיא" א כאַפּ געטאָן א לאָפּעטע און מיט אימפּעט זיך א לאָז געטאָן צום אָרט פונעם געשלעג. אויף פעטיעס געשריי: „טאַטע, קער זיך אום!" האָט ער קיין אַכט ניט געלייגט. לויפנדיק האָט ער אַראָפּגעכאַפּט פון זיך דעם אויטאָמאַט און פאַרשוונדן צווישן די סאָלדאַטן. וואָס ער האָט דאָרט געטאָן, האָבן מיר שוין ניט געזען.

ווײַס, ווי שניי, אָן א טראָפּן בלוט אין פּאָנעם, איז געשטאַנען אָפּן לאָפּעט פונעם האַרמאַט דער זון. עס האָט זיך געדוכט, אַז אָט גיט ער זיך א ריס פון אָרט און פליט פײַל פון בויגן נאָכן טאַטן. נאָר פאַרלאָזן זײַן פּאָסטן האָט ער ניט געטאָרט.

ווען די שלאַכט האָט זיך געענדיקט, האָט דער „באַטיא" — א מידער, אָן דער פּילאָטקע, א הינקענדיקער, נאָר א שײַנענדיקער — זיך אומגעקערט צו דער באַטאַריי. אָפּן האַלדז האָט זיך באַ אים געבאָמבלט דער אויטאָמאַט. אין די הענט האָט ער געהאַלטן בלויז דאָס הילצערנע פלעקל פון דער לאָפּעטע. פעטיע מיט נאָך עטלעכע סאָלדאַטן זײַנען געלאָפן אים אַנטקעגן. „און וווּ איז די לאָפּעטע?" — האָט עמעצער א פרעג געטאָן. דער „באַטיא" האָט נאָר א מאַך געטאָן מיט דער האַנט און, ניט זאָגנדיק קיין וואָרט, זיך גענומען אייסעקן באַ דעם האַרמאַט.

אין דער דאָזיקער שלאַכט איז אומגעקומען דער באַטאַליאָן־קאָמאַנדיר פון צוועלפטן פּאָלק דער מאַיאָר טערעשטשענקאָ. אים האָט פאַרביטן דער ראָטע־קאָמאַנדיר דער עלטערער לייטענאַנט לעדײַעוו. דער יונגער אָפיצער האָט העכער א כוידעש צײַט גלענצנדיק אָנגעפירט מיטן באַטאַליאָן, נאָר בײַם א שלאַכט באַ דער דעסנע איז ער אויך אומגעקומען. די סאָלדאַטן האָבן אים געבראַכט צו קוורע אין מעדין, לעבן וואַלד.

דער „באַטיא" האָט אויסגעשניטן א שטערן פון א קופּערנער הילזע און אויסגעקריצט אויף אים: „דעם פרײַנט, דעם העלד לעדײַעוון — פון זײַנע שלאַכט־כאַוויירים". ביז הײַנט שטייט נאָך דער שטערן באַם קייווער.

איינמאָל, ווען איך בין געקומען אָף דער פײַער־פּאָזיציע, איז צו מיר צוגעגאַנגען דער „באַטיאַ“ (פריִער פלעגט ער קיינמאָל צו מיר ניט צוגיין), געשטעלט זיך אין פראָנט און אומגעריכט גענומען ראַפּאָרטירן אָף אַן אומגעוויינלעכן אויפן:

— כאַווער פּאָלקאָווניק, איך בין אָף אײַך געווען בייז פאַר אונדזער ערשטער באַגעגעניש. איצט אָבער האָב איך פאַרשטאַנען, אַז מײַן פּערזענלעכן אומגליק איז ניט צו פאַרגלײַכן מיט דעם, וואָס עס האָט געטראָפן אונדזער היימלאַנד...

אינגיכן האָט מען מיכאַיל פליישערן אַריבערגעפירט אין אַרטילעריע־וואַרשטאַט. כאָטש דער וואַרשטאַט האָט זיך געפונען דרײַ קילאָמעטער פון די פּאָזיציעס, פלעגט דער „באַטיאַ“ אַלע טאָג קומען נעכטיקן צום זון, וועלכער איז, אַ פאַרהאַרטעוועטער אין די קעסיידערדיקע שלאַכטן, געוואָרן פעסטער, קרעפטיקער, ערנסטער.

איך דערמאָן זיך אַזאַ פאַל. וואַרפנדיק ביגנייווע אַ בליק אין דער זײַט פונעם פאָטער, וואָס איז דאָ דערנעבן געשלאָפן, האָט פעטיע אַרויסגענומען דער מאַמעס פאָטאָגראַפיע און אָנגעהויבן עפּעס דערציילן. די סאָלדאַטן האָבן געהערט פאַרטרויערטע. ווײַזט אויס, אַז דאָס, וואָס פעטיע האָט דערציילט, האָט געהאַט אַ נאָענטן שײַכעס אויך צו זייערע מאַמעס.

אינמיטן סענטיאַבער האָבן די פאַשיסטן הינטער יוכנאָוו ווידער אונדז אַטאַקירט. פאַנאַנדער־געוויקלט זיך אין אַ קייט, זײַנען זיי געלאָפן נאָך די טאַנקען און געשאָסן אָן אויפהער. די קוילן האָבן, טרעפנדיק אין דער טרוקענער ערד, אויפגעהויבן וואָלקנדלעך שטויב און, סווישטשענדיק, אָפּגעשפּרונגען אָף צוריק.

פון וואַלד איז אַרויסגעקראָכן און זיך געלאָזט איבערן שאָסיי אַ קאָלאָנע פּאַנצער־טראַנס־פּאָרטיאָרן. אָף אונדז האָט זיך גערוקט עפּעס אומגעלומפּערטס, פרעמדס און עקלהאַפטס. דער מעטאַלענער בראַזג האָט געריסן דעם מויעך.

אָט האָט זיך די קאָלאָנע פּאַנצער־טראַנספּאָרטיאָרן אָפּגעשטעלט. די פאַשיסטן זײַנען אַרויס־געשפּרונגען פון די מאַשינעס און זיך געלאָזט לויפן אין אונדזער זײַט, פאַרשטאַרקנדיק אַזויאַרום דעם דראַנג פון דער אַטאַקע. אין דער זעלבער צײַט האָט דער סוינע דורכגעריסן די שוץ אָף די פלאַנגען און אָנגעהויבן אַרומרינגלען אונדז.

מע דאַרף דאָ באַמערקן, אַז צו סענטיאַבער האָבן אונדזערע קריגסלײַט שוין איבערצײַגט זיך, אַז די היטלעריסטישע טאַנקען זײַנען ווײַט ניט גאַראַנטירט פון אונדזערע קוילן. דער דיוויזיאָן־קאָמאַנדיר פּאָדבערעזין האָט רויִק געזאָגט צו די סאָלדאַטן: „צילט פּינקטלעך, אַ פּינקטלעכער שאָס — און אויס טאַנק“. און די אַרטילעריסטן האָבן געשאָסן פּינקטלעך. איינער פון די בעסטע צווישן זיי איז געווען פעטיע פליישער. צוגעלאָזט דעם טאַנק אָף 250—300 מעטער, האָט ער מיט איין שאָס אים אונטערגעצונדן. אין דער שלאַכט הינטער יוכנאָוו האָט ער מיט זײַן האַרמאַט שטאַרק געהאָלפן אָפּשלאָגן די אַטאַקע פון די פאַשיסטן.

בייס דעם גרויסן געפעכט אונטער מאָסקווע האָט פעטיע באַקומען דעם טיטל יִינגערער סערזשאַנט. מע האָט אים באַשטימט אַלס קאָמאַנדיר פונעם האַרמאַט. אין פּאָלק איז ער געווען דער יִינגסטער קאָמאַנדיר פון אַ האַרמאַט.

...דעקאַבער 1941. אונטער מאָסקווע האָט מען דעם דײַטש צעקלאַפּט. די 43־טע אַרמיי אונטער דער קאָמאַנדשאַפט פונעם גענעראַל־לייטענאַנט גאָלוביאָוו איז אַריבער אין אַ קאָנטער־אָנגריף. נאָך צווייטאָגיקע בלוטיקע שלאַכטן האָבן מיר פאַרנומען טאַרוטינאָ. דער סוינע האָט באַוויזן אויפצורײַסן די בריק איבערן טײַך נאַרע, און אונדזערע טיילן איז אויסגעקומען אים צו פאָרסירן איבערן אײַז. די פײַנטלעכע אַוויִאַציע האָט אָנגעהויבן באָמבאַרדירן. איינע אַ באָמבע האָט אויפגעריסן דאָס אײַז און... די מאַשין מיט פעטיעס האַרמאַט איז אַוועק צו גרונט. נאָך אַ מעכטיקער אויפרײַס. ווען דער רויך איז זיך צעגאַנגען, האָבן מיר דערזען ליגן אָפּן אײַז מיכאַיל פליישערן און זײַן זון פעטיען. דער טויט אַליין האָט זיי ניט געקאָנט צעשיידן.

...אין טאַרוטינאָ, ניט ווײַט פון קוטוזאָווס דענקמאָל, שטייט אַן אַלט הויז. זײַנע פיר קוימענס זעט מען פונווײַטן. הינטער אָט דעם הויז געפינט זיך אַן אומבאַקאַנטער סאָלדאַטישער קייווער.

פאַרוואָס עפּעס אַן אומבאַקאַנטער? דאָ ליגן די אַרטילעריסטן — דער טאַטע און דער זון פליישער. זיי האָבן איבערגעלעבט די שווערע טעג פון 1941 און זײַנען געפאַלן גראָד אין דער צײַט, ווען מיר זײַנען ענדלעך אַריבער אין אָנגריף.

ווען דער קאָמאַנדיר פון דער דיוויזיע, דער אַלטער, דערפאַרענער שלאַכט־גענעראַל נאַומאָוו, וועלכער האָט שוין אַ סאַך געזען אָף זײַן לעבן, האָט אַראָפּגעלאָזט אין קייווער אָט די צוויי סערזשאַנטן, די צוויי פרײַוויליקע שלאַכטלײַט, דעם טאַטן און דעם זון, — זײַנען די אויגן בײַ אים פול געווען מיט טרערן...

טעוויע גען

# אין ביראָבידזשאַן

(רײַזע־נאָטיצן)

## נײַע באַקאַנטשאַפט


יטאָ, דאַכט זיך, דער שרײַבער, וואָס איז געווען אין ביראָבידזשאַן און וואָס זאָל זײַנע רײַזע־פאַרצייכענונגען ניט אָנהייבן פונעם צוג, אין וועלכן ער האָט דורכגעמאַכט די לאַנגע נסיעה. איך האָב ניט קיין אײַזנבאַן־אײַנדרוקן. דעם פענצטער פון וואַגאָן האָט פאַרביטן דער אילומינאַטאָר פון עראָפּלאַן. דורכן קײַלעכיקן שײַבל זעט מען פון אויבן — דעם בלויען הימל; פון אונטן, אונטער די פליגל פונעם לופט־לײַנער — אַן אומענדלעכן אָקעאַן וואָלקנס. אָנגעהויפנטע, אויפגעבלאָזענע, זעען זיי אויס אַזוי צאַרט און ווייך, אַז עס דאַכט זיך, טאָמער אפילו מאַכט זיך אַן אומגליק, איז אַן סאַקאָנעס, מע וועט זיך אַרײַנוואַלגערן אין אַ פּוכיקן געלעגער.

אומעטיק איז ניט. די פּאַסאַזשירן נעמען מיט מיט זיך אויפן הימל אַלע זייערע ערדישע טנועס און געוווינהײַטן. זיצנדיק בײַ די טישלעך אין די ווייכע פֿאָטערשטולן, שפּילט מען אין שאָך און דאָמינאָ מיט דער זעלבער היץ, ווי ערגעץ אין אַ הויף פון אַ קאָמונאַלן הויז. אַן אַלטגעבאַקענער דאָן־זשואַן קניפּט אָן באַקאַנטשאַפט מיט די שיינע סטיואַרדעסעס. עמעצער כראָפּעט געשמאַק, פּונקט אַזוי ווי אויף דער אַרכאַישער פּאָלקע פון אַן אײַזנבאַן־וואַגאָן.

דער ווײַטער מיזרעך איז געוואָרן נאָענט. מע פליט אַרויס פון מאָסקווע אין אָוונט און אינדערפרי איז מען אויפן אָרט. די נאַכט זעט מען ניט.

דער עראָפּלאַן הייבט אָן אַראָפּנידערן. מיט יעדער מינוט זעט זיך אַלץ בעסער די ערד, וואָס, ווי גוט עס איז ניט אין הימל, האָט מען שוין באַוויזן נאָך איר זיך צו פאַרבענקען. די פּאַרשנייטע דעכער פון כאַבאַראָווסק טראָגן זיך אַנטקעגן, באַלויכטן מיט אַ בלענדנדיקער זון. און אָט, נאָך אַכט מיט אַ האַלבער שאָ פליִען און אַ האַלבער שאָ טרייסלעניש אין אויטאָבוס, זײַנען מיר אויפן כאַבאַראָווסקער וואָקזאַל. אויפן וואָקזאַל־פּלאַץ נעם איך גלײַך אָפּ אַ גרוס פון אַן אַלטן באַקאַנטן פון ביראָבידזשאַן — יאַנקעק מילטשין. ניין, דעם קליינטשינקן, מאָגערן מילטשינען מיט די ברענענדיקע שוואַרצע אויגן אויפן שטענדיק פאַרזאָרגטן בלאַסלעכן פּנים האָב איך דאָ ניט געטראָפן, איך האָב נאָר געזען דעם דענקמאָל, וועלכן ער, דער קינסטלער, האָט געשאַפן. דער פראָסט איז גרויס, און ס'לאָזט זיך פילן דער שאַרפער ווינט, וואָס בלאָזט פונעם פאַרקאָוועטן אַמור. שטיי איך מיטן קאָמאַנדיראָווקאָטשנעם טשעמאָדאַן אין דער האַנט און קוק אַ היפּשע ווײַלע פאַרגאַפט אויף דער אויסגעהאַקטער פון שטיין פיגור, וועלכע וואַקסט אַרויס פון איין פעלדזיקן מאָנאָליט. אַ מענטש — אַ ריז, גוווּרע אין יעדן אייווער. שיין און שטאָלץ איז פאַרהויבן דער קאָפּ. די כאַבאַראָווסקער טעלעוויזיע־סטודיע הייבט געוויינלעך אָן איר פּראָגראַם דערפון, וואָס זי ווײַזט דעם דאָזיקן פּרעכטיקן דענקמאָל כאַבאַראָוון, דעם גרינדער פון דער ווײַטמיזרעכדיקער הויפּטשטאָט.

קוקנדיק אויפן מאָנומענט, האָב איך זיך דערמאָנט די צײַטן, ווען מילטשין האָט געאַרבעט אין „ביראָבידזשאַנער שטערן". געווען איז עס מיט דרײַ צענדליק יאָר צוריק. זײַנע הענט מיט די לאַנגע, שטעקלדיקע פינגער האָבן קיינמאָל ניט גערוט. ער האָט געמאָלט, געשניצט, געקלעפּט, געשניטן. פּאַפּיר האָט ער געהאַט, ליים און שטיינער — אויך, ער האָט אָבער נאָך געדאַרפט אַנדערע מאַטעריאַלן, אַזאַ, לעמאָשל, ווי לינאָלעום. ווו נעמט מען אים? מילטשין האָט אָנגעשמעקט, אַז אַ פּאָר בויגנס פון דער דעפּיציטער סכוירע זײַנען אויסגעשפּרייט אויפן דיל אינעם קאַבינעט פונעם פּאַרזיצער פון ראַיִיספּירקאָם, און ער איז געוואָרן אַהין אַן אַרײַנגייער. מיט יעדן טאָג האָט אַלץ מער געפעלט לינאָלעום, ביז דער געדולדיקער פּאַרזיצער האָט אַ זאָג געטאָן צום באָכער, וואָס האָט זיך געפּאַרקעט מיט אַ מעסערל אויף דער פּאָדלאָגע: „אַן עק, גענוג געשניטן שטיקלעכווײַז, נעם אַלץ".

פון כאַבאַראָווסק קיין ביראָבידזשאַן פּאָר איך מיטן צוג. אונטער די רעדער דונערט דורך די לאַנגע בריק איבערן אַמור, דערנאָך נעמען זיך שפּרייטן פון ביידע זײַטן וועג פאַרשנייטע פעלדער, נידעריקע קוסטעס, קאָטשקעס מיט פּאַראַיאָריקע אויסגעווינטיקטע געלבלעכע נאַקעטע

געוויקסלעך, אזעלכע דינע, אז זיי האָבן ניט קיין קויעך צו האַלטן אַף זיך א היפּל שניי. א שיטערלעך בעריאָזע-וועלדל, א קופּקע יעלן, ווי ערגעץ הינטער מאָסקווע. עס איז שווער זיך פאָרצושטעלן, אז שוין גאַרניט אזוי ווײַט פונדאַנען איז די ניט-געמאָסטענע, אין א סאַך ערטער אפילו ניט-באַטראַטענע געדיכטע טײַגע און אז די שיטערע וועלדלעך זײַנען א פּרעליודיע צו איר.

עס טראָגן זיך פאַרבײַ די סטאַנציעס דעזשניעווקע, וואָלאָטשײַעווקע. א פּעטער, שוואַרצער אלעף פאַרנעמט א דריטל שילד פון דער סטאַנציע אין. די וואָקזאַל-געבײַדע האָט זיך אויסגעצויגן אין דער לענג, הינטער איר ליגט א צוואָקסענער יישעוו מיט קליינע אַלטע שטיבעלעך פון פּאַרנט און מיט צווייי- און דרײַשטאָקיקע מויערן אין הינטערגרונט. די מויערן שנורעווען זיך אין א לאַנגער ריי און זעען זיך א צײַט נאָכדעם, ווען דער צוג גייט שוין אָפּ פון דער סטאַנציע.

מיט אַלץ מער אומגעדולד פרעג איך זיך נאָך בא דער כאַשעוו-באַלעבאַטישער קאָנדוק-טאָרשע, ווי ווײַט איז נאָך ביז ביראָבידזשאַן. איך האָב מוירע, אז כ׳וועל פאַרבײַפאָרן.

— פאַרבײַפאָרן קאָנט איר ניט, — זאָגט זי, — ס׳איז א גרויסע סטאַנציע. מיר שטייען דאָרטן היפּשלעך.

די היימשטאָט בא א מענטשן איז צומאָל ניט נאָר דאָרט, ווו ער איז געבוירן געוואָרן. פאַראַן ניט ווינציק שטעט, וואָס זײַנען מיר אײַנגעבאַקן אין האַרצן ניט ווייניקער, ווי מײַן היימשטאָט. קאָן איך דען פאַרגעסן, לעמאָשל, אזא שטאָט, ווי סעליזשאַראָווא בא דער אָזערע סעליגער, ווו איך בין צום ערשטן מאָל געגאַנגען אין אַטאַקע, צום ערשטן מאָל מיט די אייגענע אויגן געזען, וויאַזוי די פאַשיסטן מאַכן פּלייטע, צום ערשטן מאָל דערפילט דעם טערפּקן, ביטערלעכן טאַם פון בלוט, וואָס פלייצט פון אַן אָפענער וווּנד? וויאַזוי קאָן מען פאַרגעסן א שטאָט, וואָס איז פאַר-בונדן מיט דײַנער א שטיק יוגנט, זומער ביסטו דאָרט געזונקען אין בלאָטע, ווינטער — אין הורבעס שניי, און שטענדיק האָסטו זיך אין אָט דער שטאָט געפילט אזוי גוט... אין די וואַרעמע, אויסגעשטערנטע אָוונטן האָט מען שפּאַצירט אינעם „פּאַרק פאַר קולטור און אָפּרו״. דאַן איז עס געווען בלויז א נאָמען, אַן אָנדײַט, אפילו ביימער איז געווען ווינציקלעך, אין אײַלעניש האָט מען די טײַגע אויסגעהאַקט מער, ווייפל מע דאַרף. ווי פאַרגעסט מען א שטאָט, ווו ביז איצט האָסטו נאָך ניט ווינציק יוגנט-כאַווײרים, עמעס, שוין מיט גרויע קעפּ? די דאָזיקע שטאָט הייסט ביראָ-בידזשאַן. איך בין דאָ ניט געווען אכט און צוואַנציק יאָר.

איך רײַב מיט דער האַנט דעם פאַרהוכקעטן וואַגאָן-פענצטער, נאָר עס פאַרציט אים ווידער א הײַטל. א שוואַכע ראַזלעכע שײַן זיפּט זיך פונדעסטוועגן דורך, קליינע ליכטיקע פלעקן זעצן זיך אָפּ אַף דער שויב, ווי טראָפּנס טוי, זיי מערן זיך מיט יעדער מינוט, ביז עפּעס גאָר א העלער אופלויכט רײַסט זיך אַרײַן דורכן גלאָז און טוט א בליץ אין די אויגן.

דער נײַער ביראָבידזשאַנער וואָקזאַל איז שוין גאָר ניט נײַ, מע האָט אים אויפגעבויט אין 1936. איך זע אים אָבער צום ערשטן מאָל. די הויכע קאָלאָנעס, די מאַסיווע טירן, די שויבן פון אויבן ביז אונטן וואָלטן ניט געדאַרפט מאַכן אַף מיר א צו שטאַרקן אײַנדרוק. וועלכער וואָקזאַל פון א געגנטלעכער שטאָט האָט דען ניט קיין קאָלאָנעס און קיין גרויסע פענצטער? אָבער איך געדענק גוט די אמאָליקע הילצערנע טיכאָנקע, וואָס פיל יידישע שרײַבער האָבן זי פאַרייביקט און באַרימט געמאַכט. דאָס שטיבעלע איז נאָך איצט אויך דאָ, פאַרוקט און פאַרשטופּט צווישן די אַנדערע באַהעלפיקע סטאַנציע-געבײַדעס. איך האָב זיך ניט געפוילט און בין צוגעגאַנגען נעענטער — א קוק טאָן אָפּן יוירעד. ער האַלט נאָך גאַנץ נישקאָשע, מע האָט אים רעמאָנטירט, אפילו אויסגעפאַרבט. דאָס ענגע צימערל איז פאַרוואַלגערט מיט באַגאַזש.

פון וואָקזאַל צו דער שטאָט איז מען אמאָל געגאַנגען איבער די אײַזנבאַן-ליניעס, געקראָכן אונטער די וואַגאָנעס. איצט האָבן זיך די ליניעס ווי אָפּגערוקט אין א זײַט, און הינטער זיי לויכטן די פענצטער פון רייען הויכע מויערן. דאָרטן, ווו, וועדליק איך געדענק, דאַרף שטיין א לאַנגער הילצערנער באַראַק, זע איך א סקווער, דאָרט, ווו מע פלעגט שפּרינגען איבער די קאָטש-קעס, גייענדיק צום יישעוול „פּיבראַליט״, הענגט א בריק. איך האָב פאַרלאָרן די אָריענטירן און בלאָנדזשע פון ערשטן טראָט.

— ווי גייט מען אַרויס אין שטאָט? — טו איך א מעוולוועלער א פרעג בא דער פרוי, וועלכע נעמט צו די זאַכן אין דער באַגאַזש-קאַמער. פאַריינוועגס שטעל איך נאָך א פראַגע:
— איר ווייסט עפּשער: אין האָטעל זײַנען פאַראַן ערטער?

— אײַלט זיך ניט צו, — ענטפערט זי מיר מיט אַן אומאַנער, ליובאַרער אָדער בערשאַדער נוסעך, — גייט גלײַך אַהין מיטן טשעמאָדאַן. ערשט-אָ זײַנען פון דער שטאָט אוועקגעפאָרן אַרטיסטן, אָבער עס הענגען שוין אַפישעס, אז עס קומען נײַע. איר האָט מאַזל...

איך דאַנק און לויב אין האַרצן די אַרטיסטן, וואָס זײַנען צו דער צײַט אוועקגעפאָרן, און אײַל זיך טאַקע צו. א ברייטער פּלאַץ, ווו ערטערווײַז זעט זיך אַרויס פון אונטערן אײַנגעטראָמ-

בעוועטן שניי דער אספּאַלט, איז גרויסשטאָטיש באהאנגען מיט וועגווייזערס און רעקלאַמע־שילדן, אַרומגעשטעלט בא די זייטן מיט טאַקסאָמאַטאָרן און אויטאָבוסן. דער פּלאַץ פּירט אַרויס צו דער אַנטקעגנדיקער קאַלינין־גאַס, וואָס אין מײַנע צײַטן איז אַפילו קיין אָנדײַט אַף איר ניט געווען. פּיל פּאַראַלעלע און קווערע גאַסן ציִען אין דער טיף פון דער שטאָט.

דאָ און דאָרט זע איך סימאָנים פון אַמאָל — צווייטשטאָקיקע הילצערנע הײַזער, מיט וועלכע ביראָבידזשאַן האָט זיך דעמלט געגרויסט. איצט פאַרלירן זיי זיך צווישן די הויכע מויערן. אָט זײַנען גאַסן מיט די זעלבע נעמען, וואָס אַמאָל, ליבע, טײַערע נעמען: לענין־גאַס, אָקטיאַבער־גאַס, גאָרקי־גאַס. אָבער איך פיל זיך אַזוי, פונקט ווי מײַן פוס וואָלט דאָ קיינמאָל ניט געטראָטן. ס'איז שוין געוואָרן אַ באַנאַלער אויסדרוק: „די שטאָט איז אויסגעוואַקסן“, „די שטאָט בליט“, „די שטאָט איז ניט צו דערקענען“. ווו נעמט מען נײַע ווערטער, נײַע אויסדרוקן?

ניטאָ די האַלב־אײַנגעפאַלענע הײַזקעס, די באַראַקעס מיט דער פּאַקליע, וואָס קריכט פון די ווענט. ניטאָ די הילצערנע שמאָלע קלאַדקעס, די בריקלעך, וואָס אויב צוויי מענטשן טרעפן זיך אַף זיי, מוז איינער בלײַבן הענגען מיט אַ פוס איבערן זומפּ... „איך בין דאָ ווי אַ בלינדער, — האָב איך אַ טראַכט געטאָן. — כ'וויס ניט פונדאַנען אַהין“.

אַ ייִנגעלע ווײַזט מיר, ווו עס געפינט זיך דער האָטעל. אינעם האָטעל איז ליכטיק, וואַרעם, ריין — אַלץ, וואָס אַ קאָמאַנדיראָוואָטשנער דאַרף האָבן. „אויב ס'וועט זײַן דערצו נאָך אַ גוטער שאָכן אינעם צימער, — גיב איך אַ קלער, — איז דאָך שוין אוודאי גוט“.

אין אַ ווײַלע אַרום בין איך שוין מיט מײַן שאָכן באַקאַנט. אַ יונגער מענטש, נאָר די נאַקעטע שלייפן און שיטערע האָר אַפן קאָפּ מאַכן זײַן פּאָנעם עלטער. ווען איך בין אַרײַנגעקומען אין צימער, האָט ער געהאַלטן אין פאַנאַנדערלייגן אַפן בעט פאַרשיידענע אַנטיקלעך, וואָס ער האָט דאָ פאַר זײַן ווײַב אײַנגעקויפט אין אוניווערמאַג: אַ פּאָר פאַנטאָפל אַף הויכע אָפּצאַסן, אַ בונט כאַלאַטל, נאָך אייניקע יעקאַר־האַמציִעסן, וואָס דאַרפן דערפרייען אַ פרוי. ער האָט געגומען פרעגן בא מיר מעוווינעס. מיר האָבן זיך פאַנאַנדערגערעדט. ער שטאַמט פון אַלטײַער קאַנט, נאָר אין דער אַרמיי האָט ער געדינט אַפן ווײַטן מיזרעך. דאָ האָט ער זיך באַקאַנט מיט אַן אַמורזעטער מיידל, און נאָכן ענדיקן דינען, ווען ער האָט זיך אומגעקערט צו זיך אַהיים, האָבן זיי זיך גענומען איבערשרײַבן: ער האָט זי גערופן אין באַרנאַול, זי אים — אין אַמורזעט. אויסגעפירט האָט זי. ער האָט זיך אײַנגעאָרדנט אין איינער פון די אַמורזעטער שולן און פירט דאָרטן אָן מיט דער פּראָדוציר־לערע. אין ביראָבידזשאַן איז ער איצט געקומען אַף דער געגנטלעכער לערער־קאָנ־פערענץ, געבראַכט אַ קאַסטן שילערישע אַרבעטן פאַר דער אויסשטעלונג.

— ווי זעט אויס אַמורזעט? ווי גרויס איז דאָרטן די באַפעלקערונג? — האָב איך גלײַך גענומען אויספרעגן וועגן ייִשעוו, ווו מיר איז אַמאָל אויסגעקומען צו זײַן.

— ניט מער פון צען טויזנט, — האָט מײַן שאָכן קורץ געענטפערט און ווידער זיך אָנגעהויבן שפּיגלען אין די אײַנגעקויפטע זאַכן.

מיד פונעם וועג, בין איך אײַנגעשלאָפן. ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען גרויסער טאָג און דער שאָכן איז אין צימער ניט געווען. אין די לאַנגע קאָרידאָרן פון האָטעל האָבן געוועלטיקט די זעקס אויפראַמערנס — מירל, ליזע, פרידע, צוויי בעטיעס און ציליע סאָלאָמאָנאָוונע, וועלכע איז עלטער פון די איבעריקע, טראָגט אַ גרויסן בייגל האָר אַפן קאָפּ און האָט אַלע טנועס פון אַ ווײַבל אַ קאָזאַק.

— וואָס רעדט איר, כ'בעט אײַך, — האָט זי אויסגעשריִען מיט איר הילכיקן קאָל, ווען כ'האָב געזאָגט, אַז אין האָטעל איז געמיטלעך און ריין, — זעקס אַלמאָנעס זאָלן ניט קאָנען אויפ־ראַמען ווי ס'דאַרף צו זײַן?

זי האָט מיר צוגעזאָגט אין אָוונט ברענגען ווײַזן איר אייניקל.

— וואָס רעדט איר, איך בעט אײַך, איר האָט נאָך אַזאַ פאַרשוין ניט געזען. איך וועל אײַך אויך ברענגען זײַנע פאָטאָגראַפיעס...

אָפּגעגעסן אין רעסטאָראַן אַ געשמאַקן פרישטיק, בין איך אַרויס אין דרויסן. איצט האָב איך שוין ניט געבלאָנדזשעט. עס האָבן גענומען איבער מיר שעפּטום אַ פּאָר ביראָבידזשאַנער וועטעראַנען און אַוועקגעפירט ווײַזן די שטאָט. ניין, דאָס זײַנען ניט געווען קיין געוויינלעכע עקסקורסיע־אָנפירער. זיי האָבן געמאַכט מיט די הענט, גערעדט הויך, איבערשרײַענדיק די טראַסקערײַ פון די מאַשינעס אַף דער גאַס, און אַלע ווײַלע זיך אָפּגעשטעלט איבערכאַפּן דעם אָטעם.

— אָט־דאָ, אויב איר געדענקט, איז גאָרנישט ניט געווען.
— דאָ איז געווען אַ בלאָטע.
— דאָרט איז געווען אַ זומפּ מיט קאָטשקעס.

— קומט, וועלן מיר אײַך ווײַזן די אלטע געבײַדע פון דער שאָלעם־אַליכעם־ביבליאָטעק. די נײַע האָט איר שוין געזען?
— און דעם נײַעם בריק איבער דער בירע?
— א שאָד, וואָס איר זײַט ניט געקומען זומער. זומער איז בא אונדז א גאַניידן.
און מיר איז גאָר קיין שאָד ניט, ווײַל, ווי איך זע, איז וויגטער דאָ אויך גוט.
אויסער דער קאַלינין־גאַס איז נאָך איין גאַס אין דער שטאָט אינגאַנצן א נײַע פאַר מיר — די שאָלעם־אַליכעם־גאַס. כ׳וויל זי דורכגיין פון אָנהייב ביזן סאָף. די וועגווײַזערס ריידן מיך אָפּ: „צופוס? איר וועט כאַפּן א ציטער. ס׳איז זייער א לאַנגע גאַס“. איך האָב זיך אָבער אײַנגעאַקשנט, און מײַנע וועטעראַנען גייען דורך א פּאָר קוואַרטאַלן פון דער גאַס און פאַרלאָזן מיך. באַם געזעגענען זיך פאַרבעטן זיי מיך פרײַנטלעך אָף וואַרמעס.
די זון שײַנט אזוי העל, אז דאָס אײַז אָף אַלע פענצטער פון דער דאָרעמדיקער זײַט גאַס איז אָפּגעגאַנגען. די פאַרשיידנקאָלירקע באַלקאָנדלעך שעמערירן, ווי א רעגנבויגן. אָפן שאָלעם־אַליכעם־פּלאַץ האָב איך דערזען צוויי באַקאַנטע געבײַדעס: דאָס סאָוועטן־הויז און די צווייטע מיטלשול. קעדיי צוקומען צו זיי, האָט מען אמאָל געדאַרפט דורכמאַכן א היפּשן מעהאַלעך דורך הוילער וויסטעניש. איצט זײַנען זיי נאָר א קליינער טייל פונעם שיינעם אַנסאַמבל, וואָס זוימט אַרום, ווי א דוהע, דעם סקוועָר.
אויסגעברייטערט זיך אָפן פּלאַץ, גייט די שאָלעם־אַליכעם־גאַס ווידער אַרײַן אין אירע ברעגן. פיר־ און פינפשטאָקיקע מויערן, געבויט פון בעטאָן־פּליטעס, ציִען זיך פון ביידע זײַטן טראָטואַר. איך קוק שוין מיט א ביסל כאַראָטע אָף די אוטאָבוסן, וואָס טראָגן זיך דורך פאַרבײַ מיר. גוט וואָלט געווען אַרײַנגיין צו עמעצן צוגאַסט. צו וועמען? איך קען דאָ קיינעם ניט. מיילע, זאָל זײַן צו וועמען־ניט־איז. איך פאַרקערעווע צו א נײַ הויז. אז דאָס הויז איז א נײַס, זעט מען לויט דעם, וואָס פון הויף האָט מען נאָך ניט באַוויזן פאַרנעמען די קופּע מיסט. די נומערן פון די דירעס זײַנען אזוי בלאַנקענדיק, ווי מע וואָלט זיי ערשט נעכטן־אייערנעכטן צוגעקלאַפּט.
איך פּרוּוו זוכן מאַזל אָפן צווייטן שטאָק. איך קלינג אין איין טיר, אין א צווייטער, — אומעטום איז שטיל, קיין קלאַנג ניט פון אינווייניק. איך הייב זיך אויף אָפן דריטן שטאָק. די אייגענע געשיכטע. קריכן העכער האָב איך ניט קיין כיישעק, לאָז איך זיך אַראָפּ, און מיט פאַריבל, פּונקט ווי מע וואָלט מיר געווען עפּעס שולדיק, קוועטש איך אָן מיטן גאַנצן קויעך אָף דער ערשטער קנאָפּקע, וואָס מאַכט זיך אונטער דער האַנט. עס קלינגט, ווי אָף א סריי̆פע. אַלע דרײַ טירן פון ערשטן שטאָק צעפּראַלן זיך. עפּעס מורמל איך אַרויס אין פאַרלעגנהײַט.
— ביטע, גייט אַרײַן, וואַרעמט זיך אָן, — פאַרבעטן מיך דרײַ באַלעבאָסטעס מיטאַמאָל.
אין דער דירע, וווּ איך קום אַרײַן, לעבט אַלעקסאַנדער פאַלער מיט זײַן פרוי און דרײַ קינדער. די דירע איז א גרויסע, מיט אַלע באַקוועמלעכקײַטן. די צימערן זײַנען פײַן אויסגעשטאַט: א שיינע שאַפע, א סערוואַנט, א דיוואַן, וואָס קאָן דינען אַלס א בעט, און א בעט, וואָס קאָן ווערן א פאָטערשטול; אָף א הויך שאַפּקעלע שטייט א ראַדיאָ־אָופּנעמער.
— מיט א טעלעוויזאָר וועלן מיר נאָך מוזן צוװאַרטן, — זאָגט די פרוי.
זי הייסט ראַיע, זי איז אין יענעם גליקלעכן עלטער, ווען די רײַפע ליבע צום מאַן גיסט זיך צונויף מיט דער יונגער ליבע צו די קינדער, און אָפן פּאָנעם איז שטענדיק צו זען אָדער פרייד, אָדער זאָרג. די קינדער, איינס קלענער פונעם צווייטן, הייסן וואַדיק, ריטע און וואָווע. פאַר מײַן אַרײַנקומען האָבן זיי, אָפּאָנעם, זיך געשפּילט אין באַהעלטעניש. איצט, נאָך דעם, ווי זיי האָבן זיך שוין באַקאַנט מיט מיר, האָבן זיי באַנײַס א קאָן זיך גענומען צו דער שפּיל. ריטע איז אַרײַנגעקראָכן אין דער קליידער־שאַפע, וואַדיק זיצט אונטער דער בעט, דער עלטסטער, וואָווע, האַלט פאַרמאַכט די אויגן, און אײַלט צו:
— גיכער, איך נעם זוכן!
— זיי קערן איבער די שטוב, דערהויפּט, ווען דער טאַטע איז אין דער היים. אַלעקסאַנדער, ענדיק שוין גיכער זיך גאָלן! — האָט ראַיע אויסגערופן.
פונעם שכיינעסדיקן צימער האָט זיך דערהערט א באַמקען, דערנאָך האָט זיך באַוויזן אַלעקסאַנדער — א הויכער מאַנצבל מיט א גוטמוטיקן אויסזען פון א מענטשן, וועלכער מאַכט פון קיין זאַך קיין וועזן ניט. דער האַנטעך איז נאָך געווען בא אים פאַרשטעקט הינטערן קאָלנער. די באַקן — רויטלעך, ריין אויסגעשאָבן.
— גענוג צו שטיפן, — האָט ער א זאָג געטאָן מיט אזא געבייזער אין קאָל, אז די קונדייסים האָט עס נאָך צוגעגעבן פײַער.
מיטן צופעליקן אויסוואַל פון דער דירע, וווּהין אַרײַנצוגיין, האָט מיר בעפּירעש אָפּגעגליקט. אַלעקסאַנדער פאַלער איז פון די מענטשן, צוליב וועלכע א שרײַבער פאָרט אין שפּעטישע קאָמאַנדירונגען.

ווייפל טרויער און פרייד אנטהאלט א געוויינלעכער פאמיליען־אלבאם! פארגעלטע פאטאָ־גראפיעס פון אַן אומגעקומענעם טאטן, פון א פרי־פארשטאָרבענער מאמען; איבערגעמישט א בלעטל — א גליקלעך יונג פּאָרפּאָלק, וואָס האָט זיך אָקאָרשט פארשריבן אין זאגס; נאָך א בלעטל — אַן איפּעלע מיטן נאקעטן געזעסל ארויף...

די גאנצע מישפּאָכע זיצט באַם טיש, די קינדער זײַנען שטילער געוואָרן, זיי הערן, וואָס עס דערציילן די עלטערן.

אלעקסאנדער איז פון דזשאנקאָי, דאָס ווײַב זײַנס — פון יעווּפּאַטאָריע. צונויפגעפירט האָט זיי ביראָבידזשאַן. ביידנס טאטעס זײַנען מילכאָמע־צײַט געווען מאטראָסן און האָבן באשיצט סעוואסטאָפּאָל. אלעקסאנדערס פאָטער איז אין 1942 יאָר אומגעקומען אפן פראָנט, אינעם זעלבן יאָר איז געשטאָרבן ראַיעס מאמע.

— ווען מיר האָבן זיך באקאנט, — ווײַזט אָן אלעקסאנדער אף דער פרוי, — האָט זיך ארויסגעוויזן, אז בא אונדז זײַנען קימאַט איינע און די זעלבע בִיאָגראַפיעס און אז מיר זײַנען אומעטום געווען שכניים. שכניים אין קרים, שכניים אין עוואקואציע, שכניים אינעם עשעלאָן, וואָס האָט אונדז אין 1947 יאָר געבראכט אהער...

— נאָר אין בירָאבידזשאַן זײַנען מיר געוואָרן אויס שכניים, — האָט ראַיע א שמייכל געטאָן.

אָנגעוואָרעמט זיך ניט נאָר פון דער מעכײַעדיקער וואָרעמקײַט אין שטוב, נאָר אויך פונעם גלעזל טיי און עפּשער נאָך מער פונעם געמיטלעכן שמועס, גיי איך ווײַטער ארויס אף דער שאָלעם־אַלייכעם־גאַס. דאָ און דאָרט רודערט א הייב־קראַן. א פּאָר ברעטער זײַנען אריבערגע־וואָרפן איבער א טראַנשייע, אין וועלכער מע לייגט אײַן טרויבן. די שײַטערס, וואָס פלאקערן לעבן זיי, זעען זיך קוים אָן אנטקעגן דער זון. דער ווינט ווערט שטארקער, איך בין, דאכט זיך מיר, שוין ארויס הינטער דער שטאָט. נייַן, דאָס האָבן זיך בלויז פארענדיקט די הויכע מויערן, די גאס ציט זיך נאָך. אף די קליינע הילצערנע שטיבלעך מיט די נידעריקע פּלויטן און פארשנייטע פּאַליסאַדניקעס הענגט דאָס זעלבע בלויע שילדל — שאָלעם־אַלייכעם־גאַס. עס וואקסן אויס פאר די אויגן די קאָרפּוסן פון א גרויסן זאוואָד, ארום אים — א צעוואקסענער יישעוו.

— וואָס איז דאָס פאר אַן אונטערנעמונג? — פרעג איך בא איינעם א מאנצבאל, וועלכער איז אראָפּ פון אויטאָבוס און גייט צום זאוואָדישן טויער.

— דער קאָמבײַנען־זאוואָד, — ענטפערט ער.

— און וואָס איז עס פאר א יישעוו? — פרעג איך זיך ווײַטער נאָך.

— דאָס איז דער יישעוו אף יויסעף בומאגינס נאָמען, — ענטפערט ער און קוקט אָן א ביסל פארוווּנדערט דעם נעפעש, וואָס ווייסט ניט וועגן אזעלכע זאכן.

מיסטאמע דערפאר, ווײַל די שאָלעם־אַלייכעם־גאַס גיסט זיך צונויף מיטן בומאגין־יישעוו, פלעכטן זיך דאָ די גאנצע צײַט די ביידע נעמען איבער. דער פאָלקס־שרײַבער גייט באנאנד מיטן פּאָלקס־העלד, דעם סאָלדאט.

ווען איך האָב אָנגעקלונגען אין דער דירע, ווו עס וווינט יויסעף בומאגינס מישפּאָכע, האָט בא מיר געקלאפּט דאָס הארץ ניט נאָר דערפאר, ווײַל כ׳האָב זיך אופגעהויבן אף טרעפּ.

די טיר האָט געעפנט א מיידעלע פון א יאָר אכט, בא איר קליידל האָט זיך געהאלטן נאָך גאָר א פיצל קינד, און הינטער זיי ביידע איז געשטאנען אַן עלטערע פרוי מיט א קאָפּ בלאנדע האָר, איבערגעשאָטענע מיט זילבער. אין א ווײַלע ארום זײַנען מיר געווען באקאנט: העניע מאַי־סייעוונע — בומאגינס ווײַב, נינע און אליק — יויסעפס אייניקלעך.

— אויב איר האָט צײַט און איר וועט קאָנען אויסוואַרטן, — זאָגט העניע מאַיסיעוונע, — וועט איר זיך אויך באקענען מיט אונדזערע טעכטער, איינע איז א לערערן, די אנדערע — א פעלדשעריצע. דער איידעם ארבעט אף דער שוך־פאבריק.

איך בעט זי דערציילן וועגן יויסעפן. די אויגן אירע, אמאָל, ווײַזט אויס, זייער בלויע, זײַנען פול געוואָרן מיט טרערן, און עס האָט מיך שוין פארדראָסן, האַלעמײַ איך האָב זי אופגערודערט.

— ער וואָלט איצט אלט געווען זעקס און פופציק יאָר, — האָט זי אָנגעהויבן נאָך א היפּש־לעכן שווײַגן. — וואָס זאָל איך אײַך זאָגן וועגן אים?.. ער איז געווען א גוטער מאן, א גוטער טאטע און א גוטער מענטש. וועגן איין שטריך זײַנעם האָב איך ניט געוווּסט בא זײַן לעבן און נאָר דערהערט וועגן אים נאָך זײַן טויט: ער האָט געקאָנט זײַן הארב. ווי מיינט איר, — האָט העניע מאַיסיעוונע פּלוצעם א פרעג געטאָן. און לויט דעם, ווי עס האָט א ציטער געטאָן איר קאָל, האָב איך פארשטאנען, אז די פראגע שטעלט זי אָפּט זיך אליין, — ווי מיינט איר, ווען בא אים זײַנען אויסגעגאנגען די גראנאטעס און ער האָט גענומען פויזן צום דײַטשישן קוילנוואָרפער, קעדיי מיטן אייגענעם לײַב פארשטעקן די אמבראזור, — אין יענע געפערלעכע מינוטן האָט יויסעף א

טראַכט געטאָן וועגן זײַנע צוויי פּיצלעך קינדער? איך מיין, אַז ער האָט יאָ געטראַכט, — האָט זי גאָר שטיל זיך אַליין געענטפערט.

— אין בריוו האָט ער באַוויזן אָנצושרײַבן פון פראָנט, — האָט זי פאַרגעזעצט, — ער האָט געשריבן, אַז די אַטאַקע איז דורך גוט. דעם בריוו האָב איך בײַגעלייגט צום פּעקל בריוועלעך, וואָס ער האָט מיר געשריבן, ווען ער איז געווען אָף דער אָזערע כאַנקאַ. פאַר דער מילכאָמע האָט ער געדינט דאָרטן... ער איז אַ וויטעבסקער, און איך בין פון ראָהאַטשאָוו. געקומען זײַנען מיר ביידע אין בירעבידזשאַן אין 1937, ער איז אָנגעקומען אַרבעטן אָפן וועגנער־זאַוואָד... איך אַר־בעט שוין אויך אָף דעם זעלבן זאַוואָד אַ היפּש ביסל יאָרן. כ׳וואָלט שוין געמעגט אַוועקגיין אָף פּענסיע, נאָר עפּעס לאָזט מיך ניט. מיטיק־איבעררײַס גיי איך אַרײַן פון מײַן צעך אין זײַן צעך, דאָרטן הענגט זײַנער אַ פּאָרטרעט...

העניע מאָיסייעוונע ווײַזט מיר אַן עטוואָס פאַרגעלטן פּאַפּיר, ווו עס איז אָף אַ מיליטעריש־לאַקאָנישן אויפן באַשריבן בומאַגינס העלדנטאַט:

„אין ברעסלאַו, בייס די שווערע גאַסן־שלאַכטן, באַזונדערס פאַרן קוואַרטאַל נומער 142, האָט דער לייטענאַנט בומאַגין, אונטער אַ האָגל פײַער, אַרויסגערוקט פאָרויס די קוילנוואַרפערס. ער פּערזענלעך האָט דערבײַ פאַרטיליקט באַ 20 היטלערישע סאָלדאַטן. אונדזער אָנגרײַפנדיקע פּעכאָטע האָט זיך אָפּגעשטעלט און ניט געקאָנט גיין ווײַטער איבער דעם פײַער פון צוויי קוילנוואַרפערס, וואָס האָבן זיך קונציק פאַרמאַסקירט אין אַ רויִנירטן הויז. דער לייטענאַנט בומאַגין האָט אַוועקגעפּויזעט פאָרויס, געפונען איין קוילנוואַרפער און פאַרוואָרפן אים מיט גראַנאַטעס. דער צווייטער קוילנוואַרפער האָט ניט אופגעהערט שיסן. בומאַגין האָט אינעם קעלער פון הויז אָפּגעזוכט די אַמבראַזור, זיך אַ וואָרף געטאָן אָף איר און זי פאַרשטעקט מיט זײַן אייגענעם לײַב. דער פײַנטלעכער קוילנוואַרפער איז אַנשוויגן געוואָרן. אונדזער פּעכאָטע איז אַוועק אין אַטאַקע. באַצאָלנדיק מיטן לעבן, האָט בומאַגין באַוואָרנט דאָס אויספילן אַן אויסשליסלעך וויכטיקע אופגאַבע...“

אין צימער קומט אַרײַן אַ מיטלוווקסיקע שוואַרצכיינעוודיקע פרוי. אין האַנט באַ איר — אַן אָפענער פּאָרטפעל, פון וועלכן עס שטאַרצן אַרויס שילערישע העפטן. זי לייגט אַוועק דעם פּאָרט־פעל און כאַפּט אָף די הענט אַליקן.

קלאַווע יאָסיפאָוונא, בומאַגינס עלטערע טאָכטער, האָט פאַרענדיקט די בירעבידזשאַנער פּע־דאַגאָגישע שול און איז שוין עטלעכע יאָר אַ לערערן.

— זיי זײַנען אַלע ענלעך אָף אים, די קינדער און די אייניקלעך, — זאָגט העניע מאָיסייעוונע.

נאָכדעם, ווי איך בין געווען באַ די בומאַגינס, ווילט זיך מיר גלײַך אַרײַנגיין אָפן קאָמבײַנען־זאַוואָד, איך בין ניט ווײַט פון אים, אָבער ס׳איז שוין שפּעטלעך, אָף הײַנט — גענוג. איך זעץ זיך אַרײַן אין אַ ליידיקן אויטאָבוס, וואָס ווערט אײַנגיכן פול מיט פּאַסאַזשירן. אָף יעדן אָפּשטעל קומט צו אויילעם, און ס׳ווערט פריילעכער. ווען איך דאַרף אַראָפּגיין, איז דער אויטאָבוס שוין אַזוי גע־פּאַקט, אַז עס קומט אויס אַן אַרבעט טאָן מיט די עלנבויגנס. דאָס שאַדט אויך ניט, באַזונדערס אין אַ פראָסט...

## דער גילגל פון אַ זאַוואָד

איך בלעטער דעם בירעבידזשאַנער טעלעפאָן־בוך און געפין אין אים פאַמיליעס, וואָס קלינ־גען מיר זייער באַקאַנט. הינטער יעדן נאָמען — אַ רײַכע געשיכטע, אַ קאָלאָריטע ביאָגראַפיע, אַ סאַך דערמאָנונגען, אַ סאַך איבערלעבונגען.

אייגנטלעך, וואָלט מען געדאַרפט נעמען כאָטשבי איין גאַס, גיין פון שטוב צו שטוב און באַקענען זיך מיט די אײַנוווינער — מיט די בירעבידזשאַנער זיידעס, בירעבידזשאַנער טאַטעס, בירעבידזשאַנער קינדער און בירעבידזשאַנער אייניקלעך.

אין דעם זעלבן טעלעפאָן־בוך — אַ גרויסע צאָל אונטערנעמונגען, אַנשטאַלטן, אָרגאַניזאַ־ציעס. פאַראַן אַפילע אַ געזעלשאַפט פון בלינדע. אָף וויפל מיר איז באַוווסט, זײַנען אַזעלכע געזעלשאַפטן פאַראַן בלויז אין גרויסע שטעט.

דער שטעלפאַרטרעטער פונעם פאַרזיצער פון געגנט־אויספירקאָם אַבראַם מאַטווייעוויטש קרעמער האָט מיר געייצעט פאַרשרײַבן די פאַבריקן און זאַוואָדן פון דער שטאָט בירעבידזשאַן, אין וועלכע איך דאַרף אומבאַדינגט זײַן.

אַבראַם מאַטווייעוויטש איז אין בירעבידזשאַן פון 1936 יאָר. אַ צעניאָריק יינגל, איז ער מיט די עלטערן געקומען אַהער צו פאָרן פונעם שטעטל פּיקאָוו, ווינניצער געגנט. אין בירעבידזשאַן האָט ער פאַרענדיקט די מיטלשול, געאַרבעט אַלס שלאָסער אָפן וועגנער־זאַוואָד, 8 יאָר געדינט אין

דער ארמיי, דערנאָך זיך אומגעקערט קיין ביראָבידזשאַן און הינטער־אויגיק פאַרענדיקט דעם כאַבאַראָווסקער אינסטיטוט. לערנענדיק זיך, האָט ער געאַרבעט אלס א פּלאַנאָוויק אפן טראַנס־פאָרמאַטאָרן־זאַוואָד, דערנאָך איז ער געוואָרן פאַרזיצער פון שטאָטפּלאַן, שפּעטער — פאַרזיצער פון געגנטפּלאַן.

קרעמער האָט ארויסגענומען פון א טישקעסטל אן אײַנגעבונדענעם מאַנוסקריפּט, פול מיט ציפערן, א בלעטער געטאָן די צונויפגעלייגטע אינדרײַען לאַנגע בויגנס, עפּעס זוכנדיק אין זיי.

— וויסט איר, ווען בא א פּלאַנאָוויק איז דער גרעסטער פאַרגעניגן? — האָט ער א פרעג געטאָן בא מיר, און זײַנע אויגן האָבן אופגעלויכטן, ווי געוויינלעך בא א מענטשן, ווען ער הייבט אָן ריידן וועגן דעם, וואָס אים איז זייער טײַער און נאָענט. — דער פאַרגעניגן איז ניט דעמלט, ווען מיר טרעטן ארויס אף דער טריבונע און פאַרמאָטערן דעם אוילעם מיט ציפערן, נאָר ווען מיר שטעלן אײנעם פּלאַן אוועק די ערשטע ציפער. פאַר אלעמען איז עס נאָך א סאָד, און איך וויס שוין, וואָס עס וועט פון דעם ארויסוואַקסן... כ'זאָל האָבן צײַט, וואָלט איך זיך דורכגעפאָרן מיט אײַך. דער טראַנספּאָרט איז א גוטער. אין די ווײַטערע יישוּווים פליִען עראָפּלאַנען. אין שטאָט איז פאַראַן א פיליאַל פון עראָפלאָט, און מע קאָן באַשטעלן א בילעט אף ווען מע וויל.

איך האָב אָפּגעדאַנקט פאַרן שמועס.

— פאַרלירט ניט דאָס צעטל אונטערנעמונגען, — האָט קרעמער מיר דערמאָנט, בייס איך האָב זיך געלאָזן צו דער טיר.

אין א האַלבער שאָ ארום בין איך געווען אפן קאָמבײַנען־זאַוואָד.

ס'איז שוין א קלאַל: אונדזערע פאַבריקן און זאַוואָדן האָבן די טענדענץ צו וואַקסן. עס איז מיר קיינמאָל ניט אויסגעקומען צו זײַן אף אן אונטערנעמונג, וואָס זאָל זיך ניט פאַרברייטערן, ניט ארומבויען זיך, ניט ארויסלאָזן וואָס א יאָר אַלץ מער פּראָדוקציע. דער ביראָבידזשאַנער זאַוואָד פון לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינעס האָט דאָ, דוכט מיר, געשלאָגן אײנעם פון די רעקאָרדן אפן ווײַטן מיזרעך: ער פלעגט ארויסלאָזן וועגענער, איצט לאָזט ער ארויס קאָמבײַנען. איך האָב זיי געזען, די מעכטיקע מאַשינעס, אף וועלכע עס האָט זיך נאָרוואָס אויסגעטריקנט די רויטע פאַרב. זיי זײַנען געשטאַנען איינע הינטער דער אַנדערער, גרייט ארויספאָרן פון די צעך־טויערן. קיין בעסערע פאַרגלײַך פונעם איצטיקן ביראָבידזשאַן מיט דער אַמאָליקער טיכאָנקע איז ניטאָ, ווי אוועקשטעלן באַנאַנד א הילצערנעם וואָגן און א שטאָלענעם קאָמבײַן. לאָמיר אָבער דעם אלטן וועגענער־זאַוואָד דערמאָנען צום גוטן. די וועגענער האָבן געפירט גאַנץ פײַנע מאַסעס צום פראָנט, און די גרעסטע מערהײַט פון די מענטשן, וואָס פלעגן ארויסלאָזן די וועגענער, אַרבעט אויך איצט אין די נײַע, געראַמע צעכן.

— קאַרפּ פּאַפּאָוויטש...

— מיכל רוטמאַן...

— טראָפים טשעוסאָוו...

— כאַים גאָרעליק...

— וויקטאָר אסטאַפּיעוו...

עס אַרבעטן דאָ גאַנצע דינאַסטיעס, אָנגעהויבן גאָר פון די ערשטע איבערוואַנדערער ביז זייערע אייניקלעך; מע האָט זיך פאַרצווײַגט און קרוווויש איבערגעפלאָכטן.

די בלויע און געל־רויטע פײַערן פונעם שמידער־צעך באַלויכטן פּנעמער — יונגע און עלטערע. די אויגן זיצן טיף אין די נעסטן, לעבעדיקע אויגן פון געניטע באַלמעלאָכעס. יעדערער פון די עלטערע אַרבעט אין זאַוואָד שוין פיל יאָרן. מיר דריקן זיך די הענט. מיט דער דורשטיקײַט פון אן אלטן קאָרעספּאָנדענט פאַרשרײַב איך אײַליק זייערע ביאָגראַפיעס, וואָס זײַנען פאַר מיר אלט און נײַ.

— באַקענט זיך אויך מיטן מיטעלן און יונגן דאָר, — אייצעט מיר דער סעקרעטאַר פון דער פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע פון שמידער־צעך נאָום פּאַוולאָווסקי, באַמערקנדיק, אז איך האָב זיך צוגע־כאַפּט נאָר צו די אלטע.

— אונדזער סעקרעטאַר היט אויס אלעמען פון אלע געפאַרן, אפילע א שרײַבער, — טוט זיך א וויצל דער עלטערער מײַסטער אלעקסאַנדער קרעלשטיין, א קרעפּטיקער פּערציקיאָריקער מאַנצבל מיט א פריש־אָפּגעבערענטן פּאָנעם, פּונקט ווי ער וואָלט ערשט נעכטן זיך געפּרעגלט אף א זומערדיקער זון.

קרעלשטיין פירט מיך אַרײַן צו זיך אין צימערל, וואָס געפינט זיך אינעם נײַעם פרעס־ און שטאַמפּן־צעך. קעדיי קיינער זאָל אונדז ניט שטערן, פּרוּווט ער פאַרשליסן די טיר, נאָר, ווײַזט אויס, קרעלשטיינס קאַבינעט האָט מען נאָך קיינמאָל ניט פאַרשלאָסן. דער שלאָס אַרבעט ניט. קרעלשטיין זעצט זיך אוועק באַם טישל, אף וועלכן עס ליגן „ראַפּאָרטיטשקעס“, נאַריאַדן, אויך א פּאָר צייכענונגען אף מילימעטער־פּאַפּיר, וועלכע מע האָט, אפּאָנעם, ניט איין מאָל שוין געהאַלטן

אין די הענט. איך זעץ זיך אוועק אנטקעגן אַף דער שמאָלער באַנק, וואָס שפּאַרט זיך אָן מיט איין עק אין דער טיר. אָבער מיר באַווײַזן ניט אָנהייבן ריידן, ווי די טיר עפנט זיך, די באַנק טוט אַ פּאָר אַפּ אין אַ זײַט.

— אַלעקסאַנדער פיליפאָוויטש!

קרעלשטיין אַנטשולדיקט זיך און אַנטלויפט. איך לאָז זיך גיין איבער די צעכן. דער קאָמבײַן־זאַוואָד איז אַ מאָדערנע גרויסע אונטערנעמונג מיט הונדערטער נײַסטע ווערקשטעלן, באַ וועלכע עס אַרבעט מער פון אַלץ יוגנט. אינעם מעכאַנישן צעך באַגריס איך זיך מיט אַלעקסאַנדער פאַ־לערן, אין וועמעס דירע איך האָב זיך נעכטן, גייענדיק איבער דער שאָלעם־אַליכעם־גאַס, צופע־ליק אַרײַנגעכאַפּט. אַף דער וואַנט, איבער די נײַע ווערקשטעלן, באַ וועלכע עס אַרבעט פאַלער און זײַנע כאַווירים, איז אָנגעצויגן אַ רויט לײַוונט: „בריגאַדע פון קאָמוניסטישער מי״. ניט ווײַט הענגט איבער אַ ווערקשטעל אַ צווייט רויט לײַוונט מיט אַן אויפשריפט, אַז דאָ האָט געאַר־בעט דער העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד יוסעף בומאַגין.

— מיר מאַכן קאָמפּליצירטע אינסטרומענטן, וואָס פאָדערן פּינקטלעכקײַט פון ערשטן קלאַס, — דערציילט אַלעקסאַנדער און באַקאַנט מיך מיט די מיטגלידער פון דער בריגאַדע. די כעוורע זײַנען פאַרנומען, זיי אַרבעטן אָנגעשטרענגט, און די באַקאַנטשאַפט מײַנע באַשטייט דער־ווײַל בלויז אין דעם, וואָס דער בריגאַדיר ווײַזט מיט דער האַנט אַף איינעם, אַ צווייטן, אַ דריטן און רופט אָן זייערע פאַמיליעס: יאָסל סקליאַר, אַנאַטאָלי קיטײַצעוו, ניקאָלײַ בעלאָנאָגאַ, פּירע יאַנקעלעוויטש, מאַרעק גליקנפרייד.

— אַ גוטע פאַמיליע, — באַמערק איך, — גליק און פרייד.

— דאָס איז אונדזער דעוויז, — צעשמייכלט זיך אַלעקסאַנדער און נעמט זיך אויך צו דער אַרבעט. אַ בריגאַדיר איז ער, ווי ער האָט מיר דערציילט, אַף געזעלשאַפטלעכע יעסוידעס, קיין צוגאָב־לוין דערפאַר קריגט ער ניט.

ווען איך בין אוועקגעגאַנגען פון פאַלערס באַצירק, האָב איך ווידער באַגעגנט קרעלשטיינען. ער האָט מיך גלײַך געפרעגט:

— פאַלער האָט אײַך דערציילט וועגן זײַנע ראַציאָנאַליזאַטאָרישע פאָרשלאָגן?

— ניין.

— און וועגן דעם, אַז אַלע אין זײַן בריגאַדע לערנען זיך?

— אויך ניט.

— און אַז אין זײַן בריגאַדע אַרבעטן דער בירָאָבידזשאַנער שאַכמאַטן־עקסטשעמפּיאָן, דער בעסטער פאָרווארד פון דער פוטבאָל־קאָמאַנדע און די בעסטע וואָלייבאָליסטקע, האָט איר זיך אויך באַ אים ניט דערוווּסט?

אַנטוישט אין מײַנע קאָרעספּאָנדענטישע פייִקײַטן, האָט קרעלשטיין שוין איצט מיך ניט אָפּגעלאָזן פון זיך. דער זאַוואָדישער הודאָק האָט אונדז געטראָפן אינעם פּרעס־ און שטאַמפּן־צעך.

— איך וויל, איר זאָלט אַ רעד טאָן מיט איינער זייער אַ פײַנער יאַטעכע. איך האָב ספּעציעל זי געבעטן, זי זאָל נאָך דער אַרבעט ניט אוועקגיין. — מיט די ווערטער האָט ער מיך צוגעפירט צו אַ שטאַמפּ־ווערקשטעל, ווו אַן אַרבעטערן האָט פלײַסיק געציילט מעטאַלענע רינגען.

— ראָזע שילאָ, איר מיידלשע פאַמיליע איז פּאָקראַפּיוונאַיאַ, און נאָך פריִער איז איר מיידל־שע פאַמיליע געווען רײַך...

איך האָב אַ קוק געטאָן אַף קרעלשטיינען, ניט פאַרשטייענדיק, וויאַזוי איין פרוי קאָן האָבן צוויי מיידלשע פאַמיליעס.

— זי וועט אײַך דערציילן. ס'איז אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע.

אַן אײַנגעוואַקסענע און איבערגעטאָגנטע, זעט ראָזע אויס אַ סאַך ייִנגער, ווי באַם ווערקשטעל. נאָר די בלוילעכע ראַנדן אַרום די אויגן וואַשן זיך ניט אָפּ, און די אויגן גופא — קײַלעכיקע, גרוי־סע, זייער שוואַרצע — האָבן אין דער טיף אַ פײַכטלעכן גלאַנץ, פּונקט ווי דאָרט וואָלט אַף אייביק געבליבן שטעקן אַ פאַרגליווערטער טראָפּן פון אַ ניט אויסגעוויינטער טרער. איך זיץ מיט ראָזען אַף דער באַנק אין דעם זעלבן צימערל קרעלשטיינס, וואָס איז מיר שוין באַקאַנט. דער באַלעבאָס גופא זיצט באַ זײַן טישל און לייענט די „דעפיציטקעס״, דה. די אָנגאַבן וועגן די דעטאַלן, וועלכע פעלן אויס און וועלכע מע דאַרף וואָס גיכער מאַכן.

— וועגן זיך האָב איך ניט באַזונדערס וואָס צו דערציילן, — האָט ראָזע אָנגעהויבן. — איך וועל נאָר דערציילן וועגן מײַן מאַמען, וועגן מײַן צווייטער מאַמען. די עמעסע מאַמע מײַנע, וואָס האָט געהייסן פרידע, איז אומגעקומען צוזאַמען מיטן טאַטן אין אַ פּאָר טעג אַרום נאָך דעם, ווי די פאַשיסטן זײַנען אַרײַן צו אונדז אין דאָרף. אילאָווטשע הייסט דאָס דאָרף. ס'איז ניט ווײַט פון טרעמבאָווליע, טערנאָפּאָלער געגנט. מיט אַ מעסלעס פאַר דעם, ווי אַלע ייִדן האָבן זיך געדאַרפט פאַרזאַמלען אַפן פּלאַץ, איז די מאַמע אַרײַן צו אונדזער שכיינע מאַריאַ איליניטשנאַ פּאָקראַפּיוו־

נאיא און געבעטן מיך אויסבאהאלטן. איך בין דאן אלט געווען זיבן יאָר און געווען בין איך לויטן אויסזען אן אויסגעשפּראָכן יידיש מיידעלע. די האָר זײַנען בא מיר איצט אויך שווארצע, נאָר דעמלט זײַנען זיי געווען נאָך שווארצער, א יידיש פּאָנעם... אויסבאהאלטן מיך איז געווען זייער שווער, נאָר מאריא אילינישנא איז מאסקים געווען. זי איז געווען א שטילע פרוי, א שוויַיגערקע, און ווײַל זי איז געווען אזא שטילע און האָט קעסיידער געשוויגן, האָב איך עפּעס מוירע געהאַט פאר איר. מיט א ציטער בין איך אריבערגעטראָטן די שוועל פון איר הויז, און עס האָט זיך אָנגע־הויבן בא מיר א לעבן פון אויסבאהאלטן זיך. אָפטמאָל, אין א שיינעם וועטער, האָט זיך שטארק געוואָלט כאָטש אף א מינוט ארויסלויפן אין גאס, נאָר איך האָב געוווּסט, אז מע טאָר ניט.

אין דאָרף זײַנען געווען פארשיידענע מענטשן. עמעצער האָט אָנגעוויזן אף פּאָקראַפּיוּנעס שטוב. עס זײַנען געקומען די דײַטשן, געקומען קלאַפּן אין טיר. די טיר איז בא אונדז שטענדיק געווען פארמאכט. מאריא אילינישנעס מאַן האָט זיך איבערגעציילעמט און שטיל געזאָגט:

— מאריא, מע דארף באהאלטן דאָס קינד.

אָבער ווו? א קליין שטיבעלע — א צימערל מיט א פירהײַזל, אפילע קיין פידפּאָל איז ניטאָ, כאָטש ווען ער זאָל יאָ זײַן, וואָלט דאָס אויך געהאַט פאר מיר א קנאַפּע פּולע. אין שטוב איז געווען א גרויסער אויוון. מע האָט מיר געהייסן אפּגיך ארײַנקריכן אין אים.

ראָזע נעמט בא קרעלשטיינען פון טיש א פארשריבן פּאַפּיר, אף דער לינקער, ריינער זײַט מאָלט זי אָן אן אויוון מיט א טרויב און ווײַזט מיר, וויאזוי זי איז אהין ארײַנגעקראָכן.

— די דײַטשן האָבן געזוכט, געניסטערט, געריסן און געשטאָכן די פערענעס — דאָס איינ־ציקע פארמעגן פונעם פּאָרפּאָלק, ווינטער און זומער האָט מען מיט די פערענעס זיך צוגעדעקט. די פאשיסטן האָבן מיך ניט געפונען. איך בין ארויס פונעם אויוון, אויסגעשמירט ווי דער טײַוול, און געגעבן אזא הויכן ניס, אז מײַנע נײַע עלטערן זײַנען געבליבן דערציטערטע. „צו געזונט, נאָר א ביסל שטילער", — האָבן זיי דערשראָקן א קוק געטאָן אין פענצטער און אף דער טיר.

אין דאָרף האָב איך מער ניט געטאָרט בלײַבן. עס האָבן זיך געפונען איינער אָדער צוויי מענטשן, וואָס גיבן אויס. מײַן שוועסטערל, וואָס האָט זיך אויסבאהאלטן בא אן אנדער פּויערטע, האָט מען צוגענומען און אומגעבראַכט.

אין א ווינטערדיקן טאָג האָט די מאמע, — איך מיין, די צווייטע מאמע מײַנע, — גענומען מיך פאר דער האנט, און מיר האָבן זיך געלאָזט אין א ווײַטן וועג, אזש קיין לוואָוו. וואָס מיר זײַנען אויסגעשטאַנען, ביז מיר האָבן זיך אהין דערקליבן, וויאזוי די מאמע האָט מיך יעדן מאָל אויס־געהיט פון א פרעמד אויג, וועל איך ניט דערציילן. אין לוואָוו האָט זי מיך איבערגעלאָזט בא איר פלעמעניצע יוסטינע — א יונגע פרוי, זייער אן אָרעמע. מיר וואָלטן אויסגעגאַנגען פון הונגער, נאָר די מאמע האָט אונדז אויך דאָ געראַטעוועט. זי האָט אָנגעקליבן א קוישל אייער, געקוילעט דרײַ הינער און עס געבראַכט דעם דאָקטער, וואָס האָט געוווינט אף דער אנדערער גאס פון אונדז. דער הער דאָקטער איז געוואָרן ווייכהארציק און האָט ארויסגעגעבן א צעטל, אז יוסטינע איז קראַנק און אז זי נייטיקט זיך אין גוטער דערנערונג, דערהויפּט אין מילך־פּראָדוקטן. געקראָגן אזא צעטל, האָט די מאמע אָנגעהויבן קומען צו אונדז יעדע צוויי־דרײַ כאָדאָשים מיט קוישלעך עסנוואַרג, וואָס זי האָט באוויזן אָפּצושפּאָרן אין איר אָרעמער ווירטשאַפט. אָט אזוי בין איך גע־בליבן לעבן. ווען מע האָט באפרײַט לוואָוו, האָב איך זיך גלײַך אומגעקערט אין דאָרף צו די פּאָקראַפּיוּנעס, ווי א טאָכטער צו די עלטערן. מיר איז דאַן געווען דאָס עלפטע יאָר, איך האָב אָנ־געהויבן גיין אין שול, אין ערשטן קלאַס, געלערנט האָב איך זיך פלײַסיק. אָבער אָנטיילנעמען אין די קינדערשע שפּילן האָב איך ניט געקאָנט, כ'האָב ניט געפילט אין דעם קיין פארגעניגן, און נאָך דער ערשטער מינוט פלעג איך פון דער שפּיל ארויסגיין... ווען איך בין אונטערגעוואַקסן, געוואָרן א גרויס מיידל, בין איך אוועקגעפאָרן קיין ביראָבידזשאַן, אײַנגעאָרדנט זיך און גלײַך ארויסגעפאָ־דערט די מוטער. דאָס איז אַלץ, — האָט זי א קוק געטאָן אף מיר און אפן מײַסטער קרעלשטיינען, ווי שולדיקלעך, וואָס זי האָט אזוי ווייניק געהאַט צו דערציילן. די טונקעלע פולע הענט זײַנען אומ־באוועגלעך געלעגן אף די קני, אָפּרוענדיק נאָכן טאָג ארבעט.

— אין ביראָבידזשאַן האָב איך כאַסענע געהאַט, — האָט זי צום שלוס צוגעגעבן, — טאַקע דאָ, אין דעם זעלבן צעך, געפונען מײַן זיווג. דער מאַן, איוואַן שילאָ, ארבעט אלס עלעקטראָ־שווייסער. מיר האָבן צוויי קינדער, צווי מיידעלעך, מאשע און אָליע. די גאנצע צײַט, ווען זיי זײַ־נען ניט אין קינדערגאָרטן, זײַנען זיי מיט דער באָבען. זי דערציילט זיי מײַסעס. איינמאָל האָט זי זיי דערציילט, וויאזוי איך בין געקראָכן אין אויוון און דערנאָך געגעבן א הויכן ניס. די קינדער האָבן געלאכט און זיך געוווּנדערט, פארוואָס בא דער באָבען האָט זיך בייסמײַסע געשטעלט א טרער אין די אויגן.

איך האָב ניט באמערקט, ווי ס'איז געוואָרן אָוונט. אפן זאוואָד בין איך שוין א גוטע פּאָר שאָ,

נאָר איך אײַל זיך ניט אוועקגיין. בייס דער צווייטער וואכטע איז רויִקער, שטילער, מע געפינט מער צײַט א רעד צו טאָן מיט מענטשן.

— איצט בין איך שוין א ביסל פרײַער, — גיט מיר אָנצוהערן קרעלשטיין און דערלאנגט מיר א פארשניצטן בלײַער. אין מײַן בלאָקנאָט באווײַזט זיך נאָך א געשיכטע, שוין פון אן אנדערן מין.

— איר קוקט אף מײַן „זאגאר", — האָט קרעלשטיין זיך א קנייטש געטאָן, פּונקט ווי דאָס, וואָס זײַן פּאָנעם איז גוט אָפּגעברענט, וואָלט אים פארשאפן צאָרעס. — מיט א כוידעש צוריק האָב איך זיך אומגעקערט פון יעסענטוקי, איך פאָר אהין זייער אָפט. איך ווייס ניט, ווו און ווען איך האָב זי געכאפּט, די יאזווע, די פארשלעפּטע קרענק. די ערשטע קראמפּן האָב איך דערפילט אין 1932 יאָר, ווען בא אונדז אין בערדיטשעוו איז ניט געווען וואָס צו עסן, דערנאָך אין 1943 יאָר האָבן זיך בא מיר אײַנגעשרומפּן אלע אינגעווײדן, ווען צוזאמען מיט א לופט-דעסאנט האָב איך זיך אראָפּגעזעצט צו די דײַטשן, און יענע האָבן אונדז באמערקט. פאראן א סאך צו דערציילן, קומט ארײַן אין א פרײַען אָוונט, ווען איך לערן זיך ניט אין טעכניקום. איך וווין אף דער שאָלעם-אלייכעם-גאס, נומער 27. איר וועט זיך באקענען מיט מײַן פרוי, מיט אונדזערע דרײַ קינדער. בא אלעמען דאָ איז א מאָדע — האָבן צו דרײַ קינדער. אליין שטאם איך פון בערדיטשעוו, געקומען אין ביראָבידזשאן א זיבניאָריק ייִנגל. דער טאטע איז געווען א שוסטער. אינעם ענגן, אָנגעשפּיקעוועטן וואגאָן, געדענק איך, האָט מען געמאכט אן אָרט פאר טאטנס בענקעלע. דער גאנצער עשעלאָן האָט שוין געוווּסט ליפּען דעם שוסטער ניט ווינציקער, ווי מע האָט אים געוווּסט אין בערדיטשעוו...

נאָר לאָמיר זיך אומקערן צו יעסענטוקי, צום קוראָרט. די ערשטע צוויי וואָכן פליִען דורך, אז מע זעט ניט, ווו זיי זײַנען אהינגעקומען, דערנאָך הייבט מען אָן ווארטן אף א בריוו פון דער היים. קיין טרויעריקע בריוו באקומט מען ניט, בלויז מונטערע, מיט גוטע נײַעס, מע זוכט זיי אויס פאר די כאלאָיִם פון אונטער דער ערד, פאר די לעצטע זיבן-אכט יאָר בין איך אף קוראָרט געווען פיר מאָל, און אין יעדן בריוו האָט מען מיך דערפרייט מיט א נײַער גוטער בסורע. דאָס ערשטע מאָל האָט מען אָנגעשריבן, אז אונדזער וועגנער-זאוואָד גייט אריבער אין א העכערן קלאס, ער וועט ארויסלאָזן אווטאָפּריצעפּן. עס איז שוין פאראן די געהעריקע באשטימונג. דאָס צווייטע מאָל, ווען איך בין אוועקגעפאָרן זיך היילן, האָב איך באקומען זייער א גוטע בריוו. איך בין אזש אונטערגעשפּרונגען פון פרייד. איך בין געווען אן אלטער קאנדידאט אף באקומען א דירע און דערווײַל געמוטשעט זיך אין א קליין צימערל. שרײַבט מיר דאָס ווײַב, אז דאָס הויז, ווו מע גיט אונדז א דירע, איז שוין פארטיק... דאָס פאָרלעצטע מאָל — ווידער א גוטע נײַעס, אלע נײַס טרעפן, ווען איך פאָר אוועק. אונדזער אווטאָפּריצעפּן-זאוואָד וועט ארויסלאָזן קאָמבײַנען. ווי געפעלט אײַך א גילגל פון א זאוואָד?..

ער איז אף א ווײַלע אנשוויגן געוואָרן, א קוק געטאָן דורכן פענצטערל אין בלוילעכן דרויסן.

— ניט אזוי גיך טוט זיך, ווי עס רעדט זיך. א היפּש ביסל צײַט איז אוועק, ביז מיר האָבן ארויסגעלאָזט דעם ערשטן קאָמבײַן. פון זאוואָד איז ער ארויס שטיל, אָן פּאָמפּע, און איז אוועקגעפאָרן אין א סאָווירט אף אן אויספּרוּוו. ווען מיר האָבן זיך דערוווּסט, אז אלץ איז גוט, אז ער טויג פאר די פײַכטע באָדנס פונעם ווײַטן מיזרעך, דאן איז ערשט געוואָרן די עמעסע סימכע. אונדזערע קאָמבײַנען זײַנען ספּעציעל צוגעפּאסט צו פײַכטע באָדנס, זיי גייען ניט אף רעדער, נאָר אף רויפן, ווי א טראקטאָר.

— הײַנטיקס יאָר האָט דאָס ווײַב אויך געשריבן פריילעכע נײַס? — האָב איך געפרעגט.

— ווי דען? — האָט ער זיך צעלאכט. — פּרעמיעס, כאסענעס, געבורטן... א שאָד, וואָס איך אײַל זיך, איך דארף לויפן אין טעכניקום. נאָר כ'בעט אײַך נאָכאמאָל, קומט ארײַן, כ'האָב וואָס צו דערציילן.

(סאָף קומט)



ארן ווערגעליס

# צוואַנציק טעג אין אמעריקע

17 נאָיאַבער.



יו־יאָרק באַגעגנט אונדז מיט א וואַרעמען ווע־טער. ס׳איז, דוכט זיך, אויך דער פּאָליטישער קלימאַט עטוואָס לינדער געוואָרן. נעכטן האָבן די צײַטונגען מיטגעטיילט, אז פּראָפעסאָר פּרעדעריק באַרגהאָרן, דער „ספּעץ" אף רוסישע איניאַנים, וועגן וועמען מע האָט דאָ אין אמעריקע, דורך אַלע ראַדיאָס און אף אַלע אָפיציעלע פּרעסע־קאָנפערענצן, געהאַלטן אין איין שרײַען, אז ער איז ניט קיין שפּיאָן, — ער איז איצט שוין אין מאָסקווע באַפרײַט געוואָרן, באַרגהאָרן, נו, א דאַנק דעם אייבערשטן, זאָגט מען וועגן דעם בא אונדז אין גרופּע. די אנטיסאָוועטישע רעאַקציע, וואָס שלאָפט שוין נעבעך ניט די פּערטע נאַכט איבערן וויזיט פון אָנדרעהאַלבן צענדליק טוער פון דער סאָוועטישער קולטור, האָט פּאַרלאָרן איינע פון די צוויי „דעליקאַטע פּראַגעס" אירע. ווײַטער וועלן מיר זען, וויאַזוי זי וועט זיך נאָך אָן אייצע געבן מיט דער צווייטער, דער ייִדישער...

איך באַוויַז ניט ארויסשטײַגן פונעם עראָפּלאַן, ווי די ניו־יאָרקער כּאַוויירים שטעלן מיר אָן „אולטימאַטום": אף וויפל די פינף טעג, וואָס איך וועל זײַן באַם הודזאָן, זײַנען שוין מיצאַד די פּראָגרעסיווע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס אויסגעכעזשבנט מאַמעש אף מינוטן, דאַרף איך זיך ווי ווײַט מעגלעך באַפרײַען פון דער פּראָגראַם, וואָס איז פּאַרגרייט פאַר דער גרופּע, און שטעלן זיך אין רעשוס טאַקע פון אָט די אָרגאַניזאַציעס.

איך גיב די האַסקאָמע — און די אַרבעט הייבט זיך אָן דירעקט פונדאַנען, פונעם לופט־פעלד. צוזאַמען מיט דער גרופּע פאָרט אוועק אין האָטעל מײַן טשעמאָדאַן, און איך, אין דער באַגלייטונג פון פּ. נאָוויק, מאַך דורך א קורצע נעסיִע אף צו באַערן דעם אָנדענק פון דעם גרינדער פון דער „מאָרגן־פרײַהײַט" מוישע אָלגין און פון איינעם פון די באַדײַטנדיקסטע (און איינציַיִּטיק אמערסטן ווידער־שפּרעכלעכע) טוער פון דער ייִדישער קולטור אין אמע־ריקע ד״ר כּאַים זשיטלאָווסקי. אף דעם ניו־מאָנטעפיאָרע־בעסוילעם, וווהין מע וואָלט פון דער שטאָט אלציינס באַ־דאַרפט פאָרן פאַרבײַ דעם אַראַפּאָרט, לייג איך קרענץ אף אָלגינס און זשיטלאָווסקיס קוואָרים. אין א פּאָר טעג אַרום וועל איך פאָרן אף די קוואָרים פון די אָוועס פון דער ייִדישער ליטעראַטור — אף שאָלעם־אַלייכעמס, מאָ־ריס ווינטשעווסקיס, אווראָם רייזענס, י. אָפּאַטאָשוס, ה. לייוויקס קוואָרים.

צוריקוועגס פון ניו־מאָנטעפיאָרע קוק איך דורך די הײַנטיקע צײַטונגען. אין דעם „פאָרווערטס" טו איך זיך א גליטש איבער עטלעכע פול־אָנגעשפּיקעוועטע זײַטן און דערפיל, ווי די פריש־צאַפּלדיקע וועלט־פּראָבלעמען און די אַקטועלסטע פּראָבלעמען פון דעם ייִדישן קלאַל האָבן זיך מיט דער ברייטער האַנט א שאָט געטאָן גלײַך פון די נאַטיץ־קעפּלעך אין דער „סאָציאַליסטישער" בלאַט[1]:

„פאַרשפּעטיקט די באַן און געפינט זײַן געליבטע" (אין אונטערקעפּל: „ער איז געפאָרען מיטן פּעטער זעהן א כלה אין וואַרשע. — ער פאַרשפּעטיגט די באַן אָבער דער פאָטער שפּרינגט נאָך אַרײַן. — אויך א מיידעלע פון שטעטעל האָט פאַרשפּעטיגט דעם צוג און ביידע צערעדען זיך און ווערען נאָהענט. — דאָס האָט געפּירט צו א לי־בע"); „צוויי אלמנות וואָס פרעגען די זעלבע פראַגע"; „ער האָט געהייראַט א צווייטען מאָל און די קינדער זײַ־נען אויף אים ברוגז. — זײַן ג׳ג־ט׳ע טאָכטער וויל צונע־מען זײַן וואוינונג פאַר זיך"; „זי קריגט די טשעקס אויף דעם פריהערדיגען מאַנ׳ס נאָמען"; „זיי געהען אין שוויץ־באָד פאַרלירען וואָג"; „דער תהילים און די באָבסקע רפואות". ווײַטער — אנאָנסן. אָט איז איינער פון א סאָך: „די חתונה וועלכע זיי וועלן אַלעמאָל געדענקען... איר פּראַוועט זי אין האָטעל אַסטאָר. אָט דאָ, אין די עלעגאַנטע, פּולקאָם עיר־קאָנדישאָנד רומס, קריגען די אומפּאַרגעס־באַרע מאָמענטען א שטענדיג אָרט אין אײַערע הערצער און אין זייערע".

און אף אָט דער שונד־פּלאַפּלערײַ וועגן „טשעקס" און שוויצבאָד־איניאַנים, ווי א גרויסער שמייכל איבער דער אנטיסאָוועטישער, אנטיפּראָלעטאַרישער און אנטי־ייִדישער בלאַט „פאָרווערטס" — שפּרייטן זיך אויס לעבן סאַמע קאָפּ אירן צוויי דעוויז־לאָזונגען: „די באַפרײַונג פון די אַרבעטער ווענדט זיך אָן די אַרבעטער אליין!" און — „אַרבעטער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!"

— וואָס מאַכסטו אזוי שטאַרק מיט די ליפּן? — פרעגט מיט א באַהאַלטענעם פאַרגעניגן נאָוויק, — דו לייענסט, צי דו שפּײַסט קערלעך?

— איך לייען און שפּײַ...

— איז, אויב אזוי, קעדײַ וואָקלייגן אין א זײַט דעם „פאָרווערטס" און ארויסקריכן פון דער מאַשין...

— ס׳איז שוין באַלד ניו־יאָרק?

— ניין, ס׳איז שוין לאַנג ניו־יאָרק... מיר שטייען בא „מײַן" הויז, און דאָרטן איז דאָ וואָס איבערצובײַסן, און ס׳איז שוין מיסטאָמע אף אונדז אין קאַס מײַן ווײַב שויר־לי, און ס׳איז פול די שטוב מיט מענטשן...

מיר גייען ארײַן אין איינער פון די פּילשטאָקיקע רויט־ציגלנע „פּראָיעקט־געבײַדעס", ענלעכע אף וווינונגס־בלאָקן אין די מאָסקווער פאַרשטעט. אין עטלעכע מינוט אַרום בין איך שוין ווי בא זיך אין דער היים, צווז־מען מיט אופגעלייגטע, יאָמטעוודיק־טומלדיקע פרײַנט...

ניו־יאָרק באַווײַזט זיך פאַר מיר פון אינווייניק, פּונקט ווי איך וואָלט צוגעקומען צו אים דורך אָן אונטערערדישן דורכגאַנג, ארויסגעקראָכן אינמיטנדערינען און דערזען דעם „הײַנטצײַטיקן באָוול" פון זײַן מיט, פון דער סאַמע קאָ־כעניש — אָן דעם עפעקט פון בעהאַדראָגעדיקער אנטפּלע־קונג, — אונטער דער שײַן פון א סאָף־האַרבסטיקער באַסאָגיקער זון.

פון אָנהייב אָן, באַם ערשטן עפענען די אויגן אף אָט דעם אָריגינעלסטן געפלעכט פון שטיין, שטאָל און בע־

---

[1] ווײַטער איז פאַרהיט דער אויסלייג און די פּונקטוא־ציע פון דעם „פאָרווערטס".

פאָרזעצונג. זע „סאָוועטיש היימלאַנד", 1964, נומ. 2.

טאָן, וואכט אוף אין מיר דער ווידערגעפיל צו יענע פּעןסקעפּטיקער, וואָס פּאָלגן נאָך אן אָפּגעלעבטער מאָדע צו ריידן לאַשנהאָרע אף ניו־יאָרק דער שטאָט. לויט יענער זשורנאַליסטישער מאָדע דאַרף מען באַם באַשרײַבן ניו־יאָרק א זידל טאָן די וואָלקנקראַצערס פאַר זייער קריכן אין די הייכן און פאַר דעם, וואָס זיי פאַרשטעלן דעם בען־אָדאָם די זון, מע מוז פאַרטשעפּען מיט א וואָרט די שמאָלע, גרויע, פּוסטלעכע וואָל־סטריט און אויך, פאַרשטייט זיך, איר מיט ליכט פאַרגאָסענע זאַרגלאָזע שכייניע — די בראָדוויי־גאַס...

און איך טראַכט איצט וועגן דעם פּאַרהאָרעוועטן מענטשן, וואָס האָט דאָר נאָך דאָר און יאָרהונדערט נאָך יאָרהונדערט מיט זײַן בלוט און שווייס געשריבן אף פיר גראַניטענע אינדזלען און אף א שטיקל קאָנטינענט די שטיינערנע פּאָעמע ניו־יאָרק, די פּאָעמע, אין וועלכער די שורעס — די הײַזער־פּראָפילן — שאַפן בליציקע זיגזאַגן, אָנהייבנדיק פון די נידעריקע פאַרזשאַווערטע דעכער פון האַרלעם און ביז דעם הונדערט צווייטן שטאָק פון „עמפּײַר סטעיט בילדינג“. דער ערשטער אײַנדרוק פון די ניו־יאָרקער אַרכיטעקטור־ליניעס — דאָס איז מוסקולאַטור, שטיינערנע מוסקולאַטור.

אַז איך וויל דאָך א שטאָך טאָן ניו־יאָרק, ניט קענענדיק אים נאָך געוני באַם סאַמע אָנהייב פון מײַן זײַן דאָ (כ׳בין איצט באַ זיך אין נומער, אין גאָווערנאָר קלינטאָן־האָטעל, אף דער 7־טער עוועניו און 31־טער גאַס), שטרענג איך אָן דעם זיקאָרן און זוך אין אים אָפּ א „שיינעם“ אופּטו פון די ניו־יאָרקער פּניי בײַס די ערשטע טריט פון דער וועלט־שטאָט. מיט קנאַפּע דרײַ הונדערט פופציק יאָר צוריק האָט א פלינקער האָלענדישער גובערנאַטאָר אָפּגעקויפט, ניין — „אויסגעביטן“, באַ די איראָקעזער פאַר עטלעכע פלעשער דזשין און פאַר א הויפן גלעזערנע צאַצקעס, וועלכע מע שאַצט אָפּ אין 24 דאָלאַר, א גרויסן אינדזל. שפּעטער האָבן אַליין די אינדיאַנער אף זייער שפּראַך אָנגערופן דאָס אינדזל „מאַנאַהאַטאַ“, — „מע האָט אונדז אָפּגענאַרט“. פונדאַנען שטאַמט דער הײַנטצײַטיקער ווילקלינגענדיקער נאָמען „מאַנהעטן“, די צענטראַלע טייל פון ניו־יאָרק. „מע האָט אונדז אָפּגענאַרט“... — נאָך די איראָקעזער האָבן, דאַכט זיך, די ערשטע אָט די ווערטער איבערגעכאַזערט די ייִדן־אימיגראַנטן, וועלכע האָבן, קומענדיק אָקאָרשט אף עליס אײַלאַנד, דעם טרערן־אינדזל, דערווײַל נאָך געטראַכט אין די קאַטעגאָריעס פון יאַנקעווצווי סאָבעלס פּאָעמע „דער פּאָלנישע טאַלמיד־כאָכעם אין אַמעריקע“: „צוואהר בייא זיך האָב איך נור איין סענט, אונד מיין זאָהן קענן זײַן פילײַכט פּרעזידענט!“[1] ס׳האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט, און מע האָט שוין געהאַלטן באַ יאַנקעוו אַדלערס „גלייבט ניט אַמעריקע“, ווי דאָס „בראָנזווילער ייִדל“ טוט מיטאַמאָל א זאָג: „דאָ האַנדלט מען שטענדיק מעציִעס, און ס׳לאָזט זיך דערפון אויס א קרענק“... און ווײַטער, אַזוי לאַנג אַזוי ברייט — ביז מוישע־לייב האַלפּערנס „אין גאָלדענעם לאַנד“ — דער ליד, וואָס ענדיקט זיך מיט א שרעקלעכער שורע: „אין גאָלדענעם לאַנד — א טליִע פאַר מיר“...

נאָר לאָמיר ריידן וועגן פריילעכערע זאַכן. מע קלינגט מיר אין טעלעפאָן, איך זאָל אַראָפּגיין אין האָל, ווײַל ס׳איז צײַט פאָרן א קוק טאָן א ייִדישן ספּעקטאַקל, וועלכן מע שטעלט אין דער שטאָט ניו־יאָרק, ווו יעדער דריטער צי, ווינציקסטנס, פערטער אײַנוווינער איז א ייִד.

יאָ, אין ניו־יאָרק לעבן צוויי מיט א האַלבן מיליאָן ייִדן. זיי האָבן ניט קיין סטאַציאָנאַרן טעאַטער. וועגן דעם באַמרויִקן זיך ניט די „בירגערלעכע קרײַזן“. דער אופגעבלאָזענער אומרו, וואָס זיי ווײַזן יאָ אַרויס, איז וועגן א טעאַטער אין מאָסקווע, וועלכן זיי וואָלטן, ווען ער באַווײַזט זיך, גלײַך אַרײַנגעוואָרפן אין כיירעם אַלס א „ניט־ייִדישן“ — א סאָוועטישן.

אין ניו־יאָרק זײַנען דאָ עטלעכע ייִדישע טרופּעס. דאָס זײַנען פרײַוויליקע ענטוזיאַסטן, וועלכע האָבן ניט גאָרנישט: ניט קיין לאָקאַלן, ניט קיין געלט, ניט קיין מעלוכישע אָדער געזעלשאַפטלעכע סובסידיעס, אפילע קיין מעצענאַטן ניט... אין פאַרגאַנגענעם זומער האָט איינער אַזאַ אידעאַליסט, דער רעזשיסער און שוישפּילער יאַנקעוו רעכטצײַט געשאַפן אף קאָאָפּעראַטיווע יעסוידעס א „רעפּערטואַר־טרופּע“. מיט געוויסן דערפאָלג האָט ער אין א ניט צוגעפּאַסטן זאַל, ווו סלופּעס פאַרשטעלן פונעם צושויער די קליינינקע בינע, באַוויזן קאָברינס „דער דאָרפסיונג“. איצט האַלט דער „רעפּ“־טעאַטער באַם צוגעמאַכט ווערן. עס שפּילט א מער „גליקלעכע“ טרופּע — די „פאָלקסבינע“. אַהין פאָרן מיר איצט.

— איז ווּהין פאָרן מיר?

— אף איסט־בראָדוויי, 175.

— דאָרט איז דאָך אָבער די „פאָרווערטס“־רעדאַקציע...

— יאָ, טאַקע דאָרט. און דאָרט טאַקע, אין דער „פאָרווערטס“־געבײַדע, שפּילט דאָס טעאַטער...

הער א מײַסע. אַזוינס ספּעציעל צוטראַכטן איז אומעגלעך. דעם ערשטן וויזיט, הייסט עס, שטעק איך אָפּ דעם „פאָרווערטס“. ווען זיי ווייסן עס... אַך, ווען זיי ווייסן עס...

דער גאַנצער קאָמפּלעקס קוקן טעאַטער איז, ווײַזט זיך אַרויס, דאָ גאָר אַן אַנדערער, ווי באַ אונדז אין מאָסקווע. עס פעלט די פײַערלעכקײַט פון אופנעמען דעם צושויער. ס׳קאָן אַוואַדע זײַן, אַז אַזוינס איז אין ניו־יאָרק צו מערקן בלויז באַם ייִדישן טעאַטער, נאָר דאָס איז א קליינע טרייסט, און מיר האָט אין דער שטאָט פון רעקלאַמע געפעלט גראָד אף דעם אָרט און אין דעם מאָמענט א ביסעלע מערער שײַן, מערער יאָמטעוודיקײַט. ס׳איז ניט געווען דער העל־באַלויכטענער אַרײַנגאַנג, די גערוימיקע פאָיע מיט שפּאַצירנדיקע פּאָרלעך, די פינקלענדיקע ליוסטרעס, אויסגעפּוצטע דילן, בופעטן און רייכער־צימערן. מיר זײַנען אף אַן אייבערשטן עטאַזש דורכגעגאַנגען אין דער ברייט א קאָרידאָרל און, דערלאַנגענדיק די בילעטן, גלײַך אַרײַן מיט האַק־און־פּאַק, מיט די מאַנטלען און מיט דער שטימונג פון דער גאַס, אין א טונקעלן, ענגן, גאָר קליינעם זאַל — אַזוינעם, וואָס באַ אונדז, אין סאָוועטנפאַרבאַנד, איז אַזאַ פאַראַן אין יעדן אַנשטאַלט. דער אוילעם האָט, אונטערקרעכצנדיק, אַראָפּגענומען, טאַקע דאָ אין זאַל, די מאַנטלען און געלאָזט זיי ליגן אף די קני אָדער אף די ווענטלעך פון די שטולן. איך בין גרייט, ווי געזאָגט, אײַנשטימען, אַז וואָכעדיקע גרויקײַט איז צו מערקן בלויז באַם ייִדישן טעאַטער אין ניו־יאָרק, נאָר פון דעם ווערט דאָך ניט גרינגער, — עפּשער נאָך אפילע א ביסעלע אומעטיקער ווערט פון דעם אף דער נעשאָמע. אין מאָסקווע קומען ייִדן אין שענסטן קאָנצערט־זאַל פון שטאָט — אין טשײַקאָווסקי־זאַל — הערן נעכאָמע ליפּשיצײַטען. בי־

[1] די ציטאַטע איז פונעם ערשטן ייִדישן לידער־בוך, וואָס איז דערשינען אין אַמעריקע אין 1877. י.־צ. סאָבעל שילדערט די איבערלעבענישן פון אַן אימיגראַנט.

ניאָמין שווארצער איז אנומלטן אריַינגעגאנגען אין רעדאקציע „סאָוועטיש היימלאנד“ גליַיך נאָך א טורנע פון זיַין דראמאטישן קאָלעקטיוו איבער די מיטל־אזיִאטישע רעפובליקן. אף מיַין פראגע, אין וועלכע לאָקאלן איז ער ארויסגעטראָטן, האָט שווארצער, טראכטנדיק, וויַיזט אויס, צעשטרייט וועגן עפּעס אנדערס, אָדער, ריכטיקער געזעדט, ניט טראכטנדיק וועגן דעם, וואָס פאר א באדיַיטונגספולע ווערטער ער רעדט איצט ארויס, געענטפערט:

— אין טאשקענט... אין דער געבויַידע פונעם רעפובליקאנישן אקאדעמישן טעאטער... טויזנט זעקס הונדערט ערטער...

דער קאָמיטראגישער פאראדאָקס באשטייט דערין, וואָס, ארויסגייענדיק פון דעם שטיקנדיקן זאלכל פונעם „פאָרווערטס“, כאפּט זיך אריַין דער פארשמיַיעטער און פארשוויצטער אנטיסאָוועטישער זשורנאליסט אין א צווייטן „רום“ פון דעם זעלבן הויז און דראקעט דאָרט אָן א מארק־פאמפלעט אף די סאָוועטישע ייִדישע אנסאמבלען, וואָס טרעטן אין דער זעלבער מינוט אוף אין גרויסע פילהארמאָנישע זאלן, אין מאָדערנע טעאטער־לאָקאלן.

און דאָס איז בלויז די פאָרמעלע זיַיט. איצט, נאָך דעם ספּעקטאקל אין „פאָלקסבינע“, אויג־אף־אויג מיט זיך אליין, טראכט איך וועגן דעם, ווי מיר אין סאָוועטנפארבאנד פארמינערן אָפּטמאָל דעם באדיַיט פון אונדזער אייגן האָב־און־גוטס. פארשטייט זיך, אז עס דארפן געלויבט ווערן די סימפאטישע שוישפילער פון דאָוויד ליכטס טרופּע, וועלכע האָט מיט דערפינדערישקיַיט באוויזן איינע פון לייוויקס שוואכערע דראמעס „מהרים (מאהאראם) פון ראָטענבורג“. אָבער ס׳איז דאָך א פאקט, אז אין מאָסקווע וואָלטן די שטרענגע קאָמיסיעס ניט באוויליקט צו קוואליפיצירן אזא טעאטער ווי א פראָפעסיאָנעלן. מע וואָלט געפאָדערט, אז אין קאָלעקטיוו זאָל איַינגעשטעלט ווערן אן איינהיַיטלעך ליטערארישע לאָשן, אז די שפּיל זאָל זיך באפריַיען פון ליבהאָבערישער מעליצעדיקיַיט און מעלאָדראמע און — דאָס וויכטיקסטע — אז די טרופּע זאָל האָבן איר סטיל, איר אייגענעם פּאָנעם, זי זאָל געהערן צו א געוויסער שול פון סצענישער מיַיסטערשאפט. מע זאָגט, אז אין דאָוויד ליכטס אנסאמבל האָט געשפּילט בלויז איין פראָפעסיאָנעלער אקטיאָר, די איבעריקע זיַינען ליבהאָבער. פרעגט זיך אָבער א קאשע: אויב דאָס איז בא די ניו־יאָרקער ייִדן טעאטער, פארוואָס זשע זיַינען מיר אזוי שעמעוודיק און געהיט אָנצורופן מיטן נאָמען טעאטער דעם מאָסקווער אנסאמבל פון הויכקוואליפיצירטע „גאָסעט“־אקטיאָרן אונטער דער אָנפירונג פונעם פארדינסטפולן ארטיסט פון דער רוסלענדישער פעדעראציע ביניאָמין שווארצער? און וויַיטער: צי איז, לעמאָשל, דער ווילנער ליבהאָבער־קריַיז, וואָס האָט העכער הונדערט אָנטיילנעמער, ווערט אָנגעפירט פון א קוואליפיצירטן פראָפעסיאָנעלן רעזשי־מיַיסטער און באקומט מאטעריעלע שטיצע פון די רעפובליקאנישע פראָפאריינען, — צי איז אָט דער זעלבסטעטיקער קאָלעקטיוו ווייניקער טעאטער, איידער די „פאָלקסבינע“? עמעס, בא אונדז גיט מען ניט צו קיין באדיַיטונג, וויִאזוי זיך אָנרופן, און אין אמעריקע ווייסט מען אָט די קונץ. דאָס וואָלט געווען עפּשער ניט אזוי שטארק וויכטיק, ווען פּאָליטישע ספעקוליאנטן וואָלטן מיט דעם זיך ניט געניצט אין אנטיסאָוועטישע צילן.

18 נאָיאבער.

געשען איז עס היַינט אינדערפרי, אין ניו־יאָרק. א גאנץ פריילעכער איניען איז עס. אן עפּיזאָד מיט אָפּהיטן זיך פון א פרעמד אויג, מיט טאָן גוטע זאכן אזוי, אז קיינער זאָל ניט וויסן. קורץ גערעדט — קאָנספּיראציע.

דריַי קארפּן־קעפּ פון דער היגער ייִדישער געזעלשאפט האָבן געוואָלט מיט מיר זיך זען. עס איז זיי מאמעש אויסגעגאנגען דאָס כּיַיעס. אָבער צוויי פון זיי, מיטארבעטער פון דער ניו־יאָרקער ציִעניסטישער ציַיטונג, האָבן ניט געקאָנט אזוי־אָ, אָן צערעמאָניעס, א שאר טאָן פון זיך דעם ראבאָנישן פארבאָט. דער דריטער איז באוווּסט מיט זיַינע לינקע אָנשויונגען. האָבן די צוויי געבעטן דעם דריטן, ער זאָל זיַין א קאָמפּאניאָן אין געשפּרעך און אז די טרעפונג זאָל פאָרקומען אין א פּריוואטער קווארטיר. אלע איניינעם, הייסט עס, זיַינען מיר געווען זאלבעפערט. איך וועל ניט אויסזאָגן, אין וועלכער פּריוואטער קווארטיר מיר זיַינען געווען, קעדיי די גאסטפריַינטלעכע באלעבאָסטע זאָל, כאָלילע, ניט באמערקט ווערן פון די ייִדישע מאקארטיס. איך וועל אויך ניט אויסזאָגן, וויִאזוי מע רופט די צוויי. אפילע פאר זיך אליין, אין מיַין אייגענעם טאָגבוך, וועל איך זייערע פאמיליעס ניט פארשריַיבן, וויַיל עס קאָן דאָך זיַין, אז איך זאָל דעם טאָגבוך אמאָל פארעפנטלעכן; זאָל זיך אזוי ניט מאכן, ווי עס מאכט זיך — נאָר מע קאָן דאָך דאָס העפטל פארלירן, אָדער אין וועג קאָן זיך ערגעץ פארהאלטן א טשעמאָדאן (אזוי ווי בא באָריס פּאָלעוואָיען!), אָדער (טפו! טפו! אף מיַינע סאָנימס קעפּ!) מע טוט א שטארב, מע ווערט דערהארגעט, און עמעצער א זיַיטיקער, פאנאנדערקליַיבנדיק די פאפירן, נעמט און דערזעט דאָס, וואָס אין טאָגבוך איז אָנגעשריבן, — מיט איין וואָרט, די פאמיליעס פון די צוויי וועל איך קיינעם ניט אויסזאָגן. איך וועל בלויז אָנרופן דעם דריטן, דעם לינקן, וויַיל ער, נאכמען מיַיזיל, רעדאגירנדיק דעם „איקוף“־זשורנאל, האָט דאָך שוין ניט וואָס צו פארלירן אין די אויגן פון דער אמעריקאנער ייִדישער רעאקציע. אָבער די צוויי — זיי זיַינען געשטראָפט מיט דעם גוירל פון „בירגערלעך־ליבעראלע“ קלאל־טוער, וואָס זייער טאָג־פובליציסטיק קלינגט אָפּט אין די אויערן פון די לינקע אנטיסאָוועטיש, נאָר עס טרעפט, אז זי קלינגט אין די אויערן פון די רעכטע פראָסאָוועטיש. אזוי צי אזוי, נאָר, ווי געזאָגט, פירט מען קאָלומס אין א ציִעניסטיש בלאט, און ס׳איז בעסער ניט אויסזאָגן, אז זיי האָבן זיך אין א פּריוואטער קווארטיר געטראָפן קימאט קאָנספּיראטיוו מיטן קאָמוניסטישן רעדאקטאָר, געטרונקען מיט אים מאשקע און זיך געשעפּטשעט וועגן דיזן־דאזן. זיי, די צוויי, זיַינען פערזענלעך הויך געשעצט פון דעם קאָמוניסטישן רעדאקטאָר. איינער איז א באדיַיטנדיקער ייִדישער פּאָעט, דער אנדערער איז אן אלטער מיַיסטער פון פען־זשורנאליסטיק. איצט זיַינען מיר שוין נאָענט באקאנט, און איך האָב ניט באמערקט, ווי איך האָב דעם ערשטן גענומען רופן יאנקעוו, דעם צווייטן — בענציִען. נו, דאָס איז שוין גענוג, וויַיטער וועל איך ניט גיין — די פאמיליעס זייערע וועל איך ניט אָנרופן. וויַיל קאָנספּיראציע איז קאָנספּיראציע. מע האָט מיך, עמעס, ספעציעל וועגן דעם ניט געוואָרנט, נאָר וואָס, איך פארשטיי אליין ניט? אָט האָבן זיי דאָךביידע אין איין קאָל, קוקנדיק עפּעס אין א זיַיט, מיר געמאָלדן, אז אין דער עפנטלעכקיַיט, דה. אין דער פּרעסע, וועלן זיי וועגן אונדזער שמועס ניט דערמאָנען, וויַיל „איר פארשטייט דאָך אליין... איר זעט

דאָך גוט, ווי בײַז עס זײַנען די אַנפֿאַלער"... נו, יאָ, איך פֿאַרשטיי און זאָ גוט...

אַף מײַן נאָמען זײַנען אָנגעקומען אײַנלאַדונגען צו באַזוכן, באַם אומקערן זיך אַהיים, אײניקע אַנדערע לענ־דער. דער פּרעזידענט פֿון קאַנאַדער ייִדישן קאָנגרעס מ. גאַרבער פֿאַרבעט אַף עטלעכע טעג קיין קאַנאַדע. עס טומלט זיך אַרום אַן אײַנלאַדונג, וואָס איז געקומען פֿו־נעם דירעקטאָר פֿון דער ירושלאַיִמער רעליגיעזער היכל־שלומע־ביבליאָטעק ד״ר האַרקאַווי. פֿאַר וועלן מיך „אַראָפּברענגען קיין ייִסראַעל" ווערט האַראַוו האַרקאַווי געטאַדלט מיצאַד דער אַנטיסאָוועטישער פּרעסע אַלס אַ „פֿאַרקויפֿטער צום קאָמוניזם".

ווײַזט אויס, אַז אַנעמען וועל איך די דריטע אײַנלאַ־דונג — די אײַנלאַדונג קיין פּאַריז פֿון דער פֿראַנצויזי־שער פּראָגרעסיווער אָרגאַניזאַציע „אוניאָן".

די דרײַ ליטעראַטן פֿון דער גרופּע — פּאָלעוואָי, ראָזש־דעסטווענסקי און איך — זײַנען סאָף טאָג אופֿגענומען געוואָרן אין פּרינסטאָנער אוניווערסיטעט. אײנער פֿון די פּראָפֿעסאָרן האָט באַם אַרײַנגאַנג אין אוניווערסיטעט־קאַמפּוס, באַגריסנדיק אונדז, געזאָגט אויך עטלעכע ווער־טער אַף ייִדיש.

צוערשט — אַ באַשײדענער (סטודענטישער!) אָוונט־ברויט מיט פּראָפֿעסאָרן, פּעדאַגאָגן (צווישן זיי — אַ גע־וועזענער פּראַקטיקאַנט פֿון מאָסקווער אוניווערסיטעט) און אויך סטודענטן פֿונעם רוסישן פֿאַקולטעט. דערנאָך גייען מיר אַריבער אין אַ גרעסערן זאַל און טרעטן אַרויס פֿאַר עטלעכע הונדערט סטודענטן.

דער שמועס געדויערט אַ שאָ דרײַ. צווישן די בײַ־וועזנדיקע — אַ סאַך ייִדישע מיידלעך און יונגעלײַט. זיי ריידן ענגליש, עטוואָס רוסיש, אָבער ניט קיין ייִדיש. זיי ווילן וויסן טויזנט זאַכן סײַ וועגן ייִדיש, סײַ וועגן ייִדן. נאָך מײַן אַרויסטרעטונג רינגלען זיי מיך אַרום און ווערן גלײַך היימיש מיט מיר.

פֿאָרנדיק קיין פּרינסטאָן און צוריק, האָב איך מיט פֿאַרגעניגן באַקוקט די אומגעגנט פֿון ניו־יאָרק, די בליש־טשענדיקע נײַע אַספֿאַלטירטע טראַסע, באַ די ראַנדן פֿון וועלכער עס שווינדלען און שווינדלען אַלטע הילצערנע סלופּעס (איך האָב פֿריִער געמיינט, אַז דאָס איז עקזאָטיק, נאָר די באַגלייטער אונדזערע זאָגן, אַז פֿאַרבײַטן אָט די סלופּעס אַף אַנדערע וואָלט געקאָסט צו טײַער...), די הענגענדיקע וועגן און ריזיקע טונעלן, וואָס פֿאַרייניקן די אינדזלען פֿונעם ניו־יאָרק־קאָמפּלעקס. באַם אַרײַנפֿאָרן אין אַ טונעל און באַם אַרופֿפֿאָרן אַף אַ בריק שטעלט זיך די מאַשין אָפּ, און באַאַמטע באַקומען באַצאָלטס מעזומען, ווי אַמאָל־אַמאָל, ווען מע פֿלעגט צאָלן יעדן פּעאַדאָל פֿאַר דורכפֿאָרן דורך זײַן ערד.

אַפֿן בראָדוויי גייען מיר אַרויס פֿון דער מאַשין און לאָזן זיך ביזן האָטעל צופֿוס. שפּעטער שוין, אין האָטעל, ווײַט פֿון דעם הו־האַ, פֿון דעם גוואַלדעווען, פֿון דער נעאָנישער קלאָונאַדע, דאָ, אין דער געמיטלעכקײַט פֿונעם צימער, נאָך אַלץ אַ דערשיטערטער פֿונעם געווימל אַפֿן בראָדוויי, — דאָ בעט איך זיך מאַמעש באַ דער פּען: „אײַל זיך ניט, לויף ניט צו פֿאַרשרײַבן דאָס, וואָס אַלע ווייסן שוין"... נו, בראָדוויי, דער „גרויסער ליכטיקער וועג" פֿון ניו־יאָרק, דאָס אַכצנמײַליקע „געסעלע", וווּהין עס זײַנען זיך צונויפֿגעלאָפֿן אַזויפֿיל רעסטאָראַנען, טעאַ־טערן, קאַבאַרע, דאַנסינגען, קינאָ־לאָקאַלן... ווער ווייסט ניט וועגן אָט דעם בראָדוויי? קעדיי אַזוינס וועגן אים דערציילן, דאַרף מען אים ניט זען מיט די אייגענע אויגן. איך אָבער האָב אים אָקאָרשט געזען — וואָס טראַכט איך וועגן אים?

יעדער איינער, וועמען עס איז אויסגעקומען אין טײַגע צו טרינקען פֿון אַ קאַרגן, קאַלט קרישטאָלענעם קוואַל, ווייסט, אַז אין דעם דינעם זײַלעכל, וואָס איז צונויפֿגע־שטעלט פֿון אײנציקע טראָפּנס און וואָס קוים־קוים עס קאַפּעט אַראָפּ אַף די פֿאַרטריקנטע ליפּן, — אין אָט דעם זײַלעכל איז טאַקע פֿאַרבאָרגן די נאַטירלעכע סובסטאַנץ וואַסער. און אויב עמעצער וועט דיך אָפּשטופּן פֿון דעם קאַרגן זײַלעכל און אָנהייבן דיר גיסן אַפֿן קאָפּ גאַנצע עמער וואַסער, — וועסטו ווערן פּיטש־נאַס, אָבער אין מויל וועט גאָרניט אַרײַנפֿאַלן, דעם דאָרשט וועסטו ניט שטילן, דאָס וואַסער וועט פֿאַר דיר פֿאַרלירן זײַן באַדײַט.

דאָס זעלבע איז אויך נעגייע שײַן. אויב באַטראַכטן שײַן ניט ווי אַ מיטל אײַנצורײדן „קויף!" און „פֿאַרקויף!", נאָר ווי יענער פֿונק, וואָס האָט נאָך לאַנגע יאָרהונדערטער קלאַפּן אַ שטיין אין אַ שטיין סאַפּקאַלסאָף אַ בלישטשע געטאָן צווישן די פֿאַרהאַרטעוועטע ערדענע דלאָניעס פֿו־נעם אורמענטש, — אויב וועגן אַזאַ שײַן ריידן, איז, פֿאַר־שטייט זיך, אין דעם אײנזאַמען פֿײַערל, וואָס ציטערט שוואַך צווישן די דווירעסדיקע צעדערס אין דעם יעגערס טײַגע־שטיבל, פֿאַראַן מער שײַן, איידער אין די טויזנט־לאָמפּיקע עמער שײַן, וועלכע בראָדוויי גיסט אויס דעם מענטשן אַפֿן קאָפּ.

19 נאָיאַבער.

האַגאַם צו שלאָפֿן איז מיר פֿאַרבליבן פֿון דער נאַכט בלויז עטוואָס מער פֿון פֿיר שאָ, וועל איך דאָך דעם פֿאַר־גאַנגענעם טאָג פֿאַרצייכענען — און טאַקע געניי, מיט וואָס מער פּראָטים, ווײַל דאָס געזעענע און דורכגעלעבטע פֿאַרדינט עס.

אינדערפֿרי בין איך געווען אַ גאַסט באַם אייגנטימער פֿון „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל" אַרטור דזשייקאָבס. באַ אים אין קאַבינעט האָבן אַף מיר געוואַרט דער רעדאַקטאָר ל. מעקלער און די מיטאַרבעטער ב.־צ. גאָלדבערג, ד״ר כאַיִם שאָשקעס, מ. שטיקער, פֿיליפּ סאַנדלער און מײַן „אַלטער באַקאַנטער" גערשן דזשייקאָבסאָן. אַלטע באַקאַנ־טע האָב איך דאָ געהאַט נאָך צוויי. אויסער בענציען גאָלד־בערגן, איז עס כאַיִם שאָשקעס, וועגן וועלכן עס לוינט באַ אָט דער געלעגנהײַט צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער.

מיט שאָשקעסן האָב איך זיך פֿיל מאָל באַגעגנט אין מאָסקווע. מיר זײַנען שוין, אַזוי צו זאָגן, צוגעוווינט איינער צום אַנדערן. קענענדיק גוט רוסיש, דריקט זיך שאָשקעס אויס עלעגאַנט אין זײַנע אָפֿנהערציקע שמועסן מיט מיר, ווען ער קומט אין „סאָוועטיש היימלאַנד": „איר ווייסט, — זאָגט ער גוטמוטיק, — איר זײַט מײַן דוואָיוראָדני וראַג"[1].

שאָשקעס איז באַוווּסט און באַרימט אין דער זשורנאַ־ליסטישער וועלט, ווי אַ באַגײַסטערטער ניט־עמעס־שרײַ־בער. פּונקט ווי אַ גלוכאַר, בייס ער זינגט, הערט ניט און זעט ניט גאָרנישט ניט אַרום זיך, אַזוי זעט ניט און הערט ניט כאַיִם שאָשקעס די רעאַלע פֿאַקטן, ווען ער שרײַבט וועגן זיי. זאָג איך אַמאָל אין מאָסקווע דעם ד״ר

---

1 אַ ווערטערשפּיל. דער רוסישער אויסדרוק «двоюродный брат» באַטײַט „שוועסטערקינד". דאָ איז דאָס וואָרט «брат» (ברודער) פֿאַרביטן מיטן וואָרט «враг» (סוינע).

שאַשקעס: „רעב כאַיִם, אַט וועט איר זיך אומקערן אהיים, און אין אײַערע באריכטן וועל איך נאָכאמאָל לייענען דאָס ניט געשטויגענע״... ד״ר שאַשקעס גיט ניט א פינטל מיט אן אויג. „אינגיכן, — זאָגט ער, — וועט אָפּפאלן די נויטווענדיקייַט אין דעם״. — „וואָסי, איר וועט אריבערגיין אין דער „מאָרגן־פרייַהייַט״?״ — „ניין, איך וועל אוועקגיין אף פּענסיע״... און ער גיט צו: „כאָטש מייַן ארבעט אלס זשורנאליסט וועל איך פאַרזעצן, נאָר כ׳וועל ניט זייַן אָפּהענגיק פונעם באלעבאָס״...

איצט, זיצנדיק באם באלעבאָס, בא דזשייקאָבסן אין קאבינעט (ארטור דזשייקאָבס זעט אויס צו זייַן א סימפּאַטישער מענטש, אן ערנסטער און אייַנגעהאלטענער) און טרעפנדיק בא אים שאַשקעסן, פארווילט זיך מיר קונדייסיש־פריילעך א זאָג טאָן אים, דעם באלעבאָס:

— זייַט א ביסעלע געהיט... ווייַל אויב אין איין שיינעם טאָג וועט כאַיִם שאַשקעס אוועקגיין אף פּענסיע און גערשן דזשייקאָבסאָן וועט זיך אויך אוועקנעמען ריידן עמעס, „בלויז עמעס״, — איז וואָס וועט איר דעמלט טאָן מיטן „טאָג־מאָרגן״?

איך בין אָבער א גאַסט, און ווי א גאַסט בא קאָרעקטע מענטשן, בין איך קאָרעקט. מייַן „דוואָיוראָדני וראג״ שענקט מיר א פּאָר סוווענירן. ארטור דזשייקאָבס, פון זייַן זייַט, מאכט א מאַטאָנע דער רעדאקציע „סאָוועטיש היימלאַנד״ — א מארמאָרן אש־טעצעלע מיט אן אָפּגעדרוקטער זייַט פון „טאָג־מאָרגן־זשורנאל״ אף דער דעקניין, איך וועל איצט ניט לעשן מייַן פּאַלעמיש פייַער אף דער צייַטונג „טאָג־מאָרגן־זשורנאל״ און אף אירע סאָלידע מיטארבעטער. ניין.

מיר הייבן אָן דעם שמועס, און אלץ גייט גלאטיק. פון דעם, וואָס דאָ איז גערעדט געוואָרן, ווילט זיך פארצייכענען אַט וואָס. דזשייקאָבס האָט מיך געפרעגט, צי געפין איך ניט פאר נייטיק עפּעס זאָגן ספּעציעל די אמעריקאנער ייִדישע זשורנאליסטן. איך האָב געענטפערט, אז הייַנט צו טאָג איז עפּשער דאָס וויכטיקסטע, פון וואָס מע דאַרף אָנהייבן, — דערשלאָגן זיך, אז דער טאָן און דער אויפן, וויִאזוי די ייִדישע „בירגערלעכע״ פרעסע באהאנדלט פראגן, זאָלן זייַן אָנשטענדיקע, אָן בייזוויליקע אָנפאלן.

און איצט — א באזוך אין דער רעדאקציע „מאָרגן־פרייַהייַט״. 12 אזייגער באטאָג. איך קום אהער צוזאמען מיט רוּוון יוקלסאָנען[ג] גלייַך נאָכן שמועס אין „טאָג־מאָרגן־זשורנאל״. א מין שפרונג פון איין וועלט אין אן אנדערער. אף 35 איסט 12־טער גאס, אין א באשיידן הויז, אפן זיבעטן שטאָק, קלאפּט און הערט ניט אוף צו קלאפּן דאָס מוטיקע הארץ פון ווינטשעווסקיס און אָלגינס צייַטונג.

בא פייסעך נאָוויקן אין קאבינעט. מיט א יאָר 13—14 צוריק האָב איך אין מאָסקווע רעדאגירט אן ארבעטערצייַטונג אין א גרויסן זאוואָד. דאָרט פלעגט מיר אָפט אויסקומען זיצן באם שעף פון דעם אָדער יענעם צעך, און, שפּירנדיק, ווי פון דעם מאשינען־גערודער טרייסלען זיך די דורכזיכטיקע ווענט פונעם קאבינעט, — פלעג איך טראכטן, אז ער, דער שעף פונעם צעך, האָט, זעט אויס, בעקיוון אוועקגעשטעלט זייַן שרייַבטישל אזוי נאָענט צו די געשווינדע רעדער און שטארקע מאָטאָרן, קעדיי דער בלוטדרוק בא אים זאָל זיך אונטערוואַרפן דעם זעלבן ריטם, וואָס די ארבעט אין צעך. איך ווייס ניט, וואָס פאר אן אנאלאָגיע עס האָט מיך איצט אומגעקערט צו דער ווייַטער פארגאנגענהייַט, נאָר זיצנדיק אין נאָוויקס ארבעטס־צימער און ארויסקוקנדיק אהין, וווּ עס שטייען קאסעס מיט שריפט און עס ארבעטן זעצערס, האָב איך זיך דערמאָנט אין יענער זאוואָדישער צייַטונג, אין דעם קאבינעט פונעם שעף פון צעך, וואָס ארבעט, אָטעמט און לעבט אין גרויסן ראַש און גערודער פון די מאשינען.

די מיטארבעטער פון דער „מאָרגן־פרייַהייַט״ האָבן זיך צונויפגענומען אין א גערוימען צימער ארום א געדעקטן טיש. שווער איבערגעבן די געפילן בייס אָט דעם הארציקן שמועס. איך האָב מיט אָלגינס ווערטער דערקלערט זיך אין ליבע דער „מאָרגן־פרייַהייַט״: „איך האָב דיך ליב... האָסט קיינמאָל ניט געוואָלט וויסן פון געפאר. ברייטהארציק האָסטו געשטעלט דייַן לעבן אין קאָן... אָט דער ליבע־בריוו איז ניט נאָר אין מייַן נאָמען, נאָר אין נאָמען פון טויזנטער. זאָל ער זייַן פאר דיר א פרילינג־גרוס, טייַערע „מאָרגן־פרייַהייַט״. זייַ געזונט, זייַ מונטער, טייַערע, און ווער ניט אָן קיין איינציקן טראָפּן פון דייַן פראכטפולער און אזוי ליב געוואָרענער קרעפטיקער הארציקייַס״[ג].

פון נאָך מיטיק אָן און ביז שפּעט אין דער נאכט כאַפּ איך ארייַן א היפּשע פּאָרציע פארגעניגן באם ארומשפּאַצירן איבער ניו־יאָרק. געדאליע סאנדלער, איטשע גאָלדבערג, סעם פּעוזנער און איך פאָרן ארום איבער דער שטאָט אין סעם פּעוזנערס מאשין.

סעם פּעוזנער — א ליבלינג פון די פּראָגרעסיווע קרייַזן, א הויכער, א געזונטער, ברייטפּלייציקער, זייער א גוטמוטיקער מענטש, דאכט זיך א געבוירענער אין אמעריקע. מיט אים באגייט מען זיך, געוויינלעך, ווי מיט א גרויס קינד. „סעם, ווען דו נעמסט ריידן אף ייִדיש, זאָלסטו טרייַבן די מאשין מיט אלע קויכעס״. — „וואָס איזנס?״ — פרעגט שמייכלענדיק אף זייַן אויפן פּעוזנער. „ווייַל פון דייַן ייִדיש נעמען זיך די רעדער אליין אָפּשטעלן״.

סעם פּעוזנער קוקט אף דעם וויצלינג מיט גוטער באווילִיקונג. מע זאָגט אָבער, אז אין פּאָליטישע אייסאָקים איז קיין שטרענגערער, אפילע הארבערער מענטש פון סעמען ניטאָ. סעם איז א מיטגליד פונעם אמעריקאנער נאציִאָנאלן קאָמיטעט, וואָס פירט א קאמף קעגן די נאציסטישע פארברעכער, קעגן פאשיזם אין די פאראייניקטע שטאטן. ער איז טעטיק אלס פּאָליטישער טוער סייַ אין די ייִדישע, סייַ אין די אלגעמיין־אמעריקאנישע פּראָגרעסיווע קרייַזן.

קורץ, סעם פּעוזנער ברענגט אונדז אף זייַן „וואָגן״ אין גרינוויטש ווילעדזש, דעם ראיאָן פון דער ניו־יאָרקער קונסט־באָהעמע. מע דארף בייַשטיין דעם ניסאָיען און ניט ווערן סענטימענטאל, ווען אין זיקאָרן לעבן אוף די טראדיציִאָנעלע שילדערונגען פון אָט דעם ווינקל. א ווערטעלע צו זאָגן: פּראָסטע אלטע הייַזער, און אין איינעם איז געווען דער בארימטער פּראָווינסטאון־טעאטער, אין א צווייטן האָט געלעבט מארק טווען, דאָ און דאָרט — ניט קיין הויכע מויערן מיט הויכע פענצטער, פון הינטער אָט די פענצטער האָבן אמאָל ארויסגעקוקט מאָלבערטן און ערשט

[ג] ר. יוקלסאָן — פּראָגרעסיווער ייִדישער זשורנאליסט.

[ג] פון מ. אָלגינס אן ארטיקל (27 מארט 1938), געווידמעט דעם 16־טן געבורטסטאָג פון דער „מאָרגן־פרייַהייַט״.

אָנגעמאָלטע בילדער פון קינסטלער — דעקאַדענטן, עקספּרעסיאָניסטן, קוביסטן, באַדאַיִסטן, סיורעאַליסטן...

אַף דער מעקדוגאַל־גאַס שליאָנדרען אַרום טוריסטן. איך ווייס ניט, וויאַזוי זיי, נאָר איך האָב דאָ געפֿינען מײַן גרויס געווינס. דאָס איז אַ באָהעמישע קאַפע, אויב מע קאָן מיט אָט דעם נאָמען אָנרופן אַן אויסגעבליאַקעוועטן, אָפּגעלאָזענעם צימער מיט אַן ארײַנגאַנג גלײַך פון דער גאַס — עטלעכע טישלעך, אַ פּיצינקע הילצערנע בינע, נידעריקע טאָפּטשאַנדלעך צום זיצן. אַף דער שילד איז אָנגעשריבן: «?Why not» — „פאַרוואָס ניט?“ באַם ארײַנגאַנג — אַ פּלאַקאַט: „ס׳קאָסט ניט קיין ארײַנטריט־געלט. ניטאָ דאָ קיין אינטימע אַטמאָספער, קיין גאַסטפרײַנטלעכקײַט. מע זינגט ניט מיט טאַלאַנט. ביטער — די קאַווע, די שפּײַז און די באַדינונג. דער פאַרוואַלטער איז אַ בראָדיאַגע. און דאָך — פאַרוואָס ניט?“

טאַקע פאַרוואָס ניט ארײַנגיין? אינווייניק אין «?Why not» איז כּוח די באַלעבאַטים — דרײַ ייִדישע באָכערים — קיינער ניטאָ. זיי זײַנען עס טאַקע מײַן גרויס געווינס. איינער פון זיי הייסט פישל, דער צווייטער מענאַכעם־מענדל, דער דריטער העשל.

פישל טאַנצמאַן איז צוואַנציק יאָר אַלט. זײַן פאַך — פאַריכטן טעלעוויזאָרס. אויב אַזוי, איז צוליב וואָס נאָך „האַלטן אַ קאַפע“? פישל שמייכלט: „איר זײַט פון הימל אַראָפּגעפאַלן, צי וואָס? קעדיי איך זאָל קאָנען לעבן פון מײַן פאַך, דאַרף איך, אַז אַ טעלעוויזאָר זאָל, ערשטנס, צו דער צײַט קאַליע ווערן, און, צווייטנס, מע זאָל רופן צו אים מיך און ניט קיין אַנדערן פון די הונדערטער אַרבעטסלאָזע כּעוורעלײַט, וועלכע קאָנען פאַריכטן די צאַצקע“...

און אָט איז פישלס קאָמפּאַניאָן, מענאַכעם־מענדל בען מוישע ליפשיץ, איין און צוואַנציק יאָר אַלט.

— מענאַכעם־מענדל, דו ווייסט כאָטש, פאַרוואָס דײַן נאָמען נעמט באַ אונדז אַזוי אויס?

— ווײַל עס איז מײַן נאָמען...

— און דאָס איז גאָר?

— גאָר. מע האָט אײַך מינאַסטאַמע געזאָגט, אַז איך טרוים צו ווערן אַ ראַדיסט אַרום ספּוטניקעס... און איר זײַט דאָך פון רוסלאַנד...

באַטאָג איז מענאַכעם־מענדל אַ סטודענט אין אַ ראַדיאָאינסטיטוט. פאַרנאַכט דערלאַנגט ער טיי מיט בייגל אין דער „שוטפעסדיקער“ קאַפע. אַף רוסיש זאָגט מען — בעז אַטריוואַ אָט פּראָיִזוואָדסטוואַ, ער שטודירט, הייסט עס, די וויסנשאַפטן, ניט אָפּװענדנדיק זיך פון זײַן „פּראָדוציר־אַרבעט“...

— מענאַכעם־מענדל, — מישט זיך ארײַן דער דריטער קאָמפּאַניאָן, העשל ווײַנבערג, אין איין עלטער מיט די צוויי פריִערדיקע, אַ געוועזענער יעשיווע־באָכער, — מיר דוכט, מענאַכעם־מענדל, אַז דײַן נאָמען נעמט אויס דערפאַר, ווײַל ס׳איז געווען אַזאַ ייִדישער מעכאַבער מענאַכעם־מענדל...

— פונוואַנען ווייסטו, דער סאַטמאַרער האָט עס דיר געזאָגט?

— ניין, מײַן מאַמע... זי האָט געהאַט מענאַכעם־מענדלס אַ ביכל...

— ווייסט איר וואָס, ייִנגלעך, — נעם איך ווײַטער ציִען דעם שמועס, — ווער איר זײַט, ווייס איך שוין. אָבער זאָגט מיר, וואָס טוט איר, אויב קיינער קומט ניט טרינקען קיין קאַווע? איר זײַט דרײַ מײַלער. מע דאַרף דאָך אויפהאַלטן דאָס געשעפט...

ווײַזט זיך אַרויס, אַז אויפהאַלטן די קאַפע — דאָס איז ניט די זאָרג פון די ייִנגלעך. אַף זיי איז דאָ אַ באַלעבאָס, אַן אַרענדאַטאָר, אַזוי צו זאָגן. ער דינגט דעם „קאַפעלאָקאַל“ און האַלט דאָרט אויף די דרײַ „קאָמפּאַניאָנען“. די האַכנאָסע באַקומט ער. זיי באַקומען אַ „פּראָצענט“. דער באַלעבאָס איז אַן אַראַבער. נאַטירלעך, אויך ניט קיין ראָקפעלער. די ייִנגלעך פירן דאָס געשעפט, פאַרופנדיק נײַגעריקע און דורשטיקע מיט דער הילף פון צוויי זינגער. צוליב די זינגער איז טאַקע געמאַכט די קליינע בינע, וואָס איז אַפילע אויסגעשטאַט מיט אַ מיקראָפאָן...

פרעגט זיך: וואָס עפּעס זינגער?

איז דאָס אַ טעמע פאַר זיך. אין אַמעריקע, באַ דער יוגנט, איז איצט אַ מאָדע זינגען אַלטע פאָלקס־לידער. דאָס איז אַ מין מיטל, ערשטנס, צו קעגנשטעלן זיך דער קאָסמאָפּאָליטישער האַשפּאָע פון דער הײַנטצײַטיקער ראַקעטןציוויליזאַציע און, צווייטנס, אַ מיטל צו ראָמאַנטיזירן עטוואָס דאָס לעבן, וואָס שווינדלט דורך באַ קאָנטאָרטישלעך, אַף בירזשעס, באַ שלעפּן פעק און טרײַבן אַוטאָס. טאַקע ניט ווײַט פון דעם אָרט, ווו מיר געפינען זיך איצט, אין דעם אַלטן וואַשינגטאָן סקווער פּאַרק, נעמט זיך די יוגנט אין די אָוונטן צונויף אַרום דעם באַסיין פון דעם גרויסן פאָנטאַן און זינגט ביז שפּעט אין דער נאַכט וווּנדערלעך־ריטמישע, אָפט צעצויגענע, אומעטיקלעכע, אָפט שטיפערישע אַלטע־אַלטע אַמעריקאַנער לידער.

פונדאַנען, פון אָט דער מאָדע, נעמט זיך דאָס, וואָס אין «?Why not» זײַנען דאָ זינגער. פאַר דער קונסט, פאַר דער מי באַצאָלט מען זיי ניט, זיי גייען אַרום, ווי מע זאָגט, מיטן היטל. דאָך הייסט דאָס ניט, אַז עס האָט ווייניקער די ווערט זייער קונסט — עכט און שיין קלינגען די שטימען באַ אָט די צוויי יונגע פאָלקס־זינגער! דזשעק (יאַנקל) און טשאַרלי זײַנען איצט פאַרנומען אין קיכל — זיי וואַשן דאָס געפעס. מע טוט זיי אַ רוף, טשאַרלי ווישט אויס די הענט און רירט זיך צו צו דער גיטאַרע... איך זיץ אַ פאַרקישעפטער פון דער „ליד פון די אַנטרײַבער פון אָקסן“. די אָקסן גייען שווער. דער אַנטרײַבער איז מיד. אַמעריקע דאַרף נאָך דורכגיין אַ ווײַטן וועג, אַ ניט געפלאַסטערטן... ס׳איז נאָך איידער דער מילכאָמע פאַר אומאָפּהענגיקײַט, ס׳איז נאָך פאַר דזשאָרדזש וואַשינגטאָנען...

טשאַרלי איז קיין ניו־יאָרק געקומען פון טעכאַס. מע זאָגט, אַז פון טעכאַס קומען געוויינלעך מיליאָנערן. טשאַרלי שטעקט ארײַן די האַנט אין קעשענע און באַווײַזט אַ ביסל מינץ: „אָט איז ער, מײַן מיליאָן“... ווען די צוויי זינגער פאַרציִען אַ העברעיִשע ליד, שטעלט זיך ארײַן אַ נעגער־ייִנגל און נעמט אונטערהעלפן. „אַף וועלכער שפּראַך זינגסטו?“ — „שפּראַך? אַ ליד גייט פון האַרצן, און שפּראַך איז אַף די ליפּן“... אַך, ס׳אַראַ טאַלאַנט זיי האָבן צום ריידן, די ווילעדזשער...

ווען מיר פאַרלאָזן די קאַפע, באַגלייט אונדז אַף דער גאַס מענאַכעם־מענדל. ער גייט עטלעכע טריט פאַזע דער מאַשין און שרײַט ארײַן אין אויפגעעפנטן פענצטערל:

— מענאַכעם־מענדל — ספּוטניק!.. איר פאַרשטייט?!

ייִדישע ייִנגלעך פון אַמעריקע... וואָס זאָלן מיר מיט אײַך צוזאַמען ענטפערן די „פּאָליטישע“ ראַבאָנים און די „ראַבאָנים“ פון דער פּאָליטיק, וועלכע פריידיקן, אַז די ייִדישע ייִנגלעך אין די וויסנשאַפטלעכע לאַבאָראַטאָריעס פון דובנאָ — דעם סאָוועטישן וועלט־צענטער פון אַטאָםפיזיק, — די ייִדישע ייִנגלעך אַף די אוראַלער מעטאַלורגישע און מאָסקווער אַוטאָמאָביל־זאַוואָדן; זיי, וואָס האָבן

צוזאמען מיט מיליאָנען אנדערע ייִנגלעך און מיידלעך אופגעהויבן די אלטאיער צעלינא, זיי — די אינגאנצן שוין ניט ענלעכע אף זייערע שטעטלדיקע זיידעס סאָוועטישע ייִדישע יונגעלײַט, פון וועלכע עס קומען ארויס מאַססאַוואָיס, יעהודינס, פײַנשטיינס, עליע שעכטמאנס, לאנדאוס, קרייזערס, דימשיצעס[1], — אַט די ייִדישע ייִנגלעך „דארפן געראטעוועט ווערן", קעדיי אף דעם ברעקעלע קעלער־טעריטאָריע פון «?Why not», איבערטרעטנדיק די אַפּגעקלאפטע עטלעכע טרעפלעך, ווערן מיט דיר, ליבער מענאכעם־מענדל בען מוישע, שוטפים צו דער מאָדערנער קאפיטאליסטישער לופט־פּארנאָסע...

ס'איז עפשער פון פריִער בעקיוון געווען אזוי פאר־טראכט: גלײַך פון גרינוויטש פירט מען מיך אָפּ צו דעם סימבאָל פון אמעריקעס נײַער ציוויליזאציע, צום העכסטן ביניען אין דער וועלט „עמפּײַר סטעיט בילדינג".

אפן וועג שמועס איך מיט איטשע גאָלדבערגן.

געדאליע סאנדלער (א קוים מערקבארער געמיט־שטריך מאכט אים שטארק נאָענט צו סעם פעווזנערן) כאַפּט דערווײַל א דרעמל. מע זעט עס גוט פון דער זײַט, כאָטש פון מאָל צו מאָל טוט ער זיך א בייג איבער מיטן גאנצן קערפּער צו פעווזנערן, וועלכער זיצט וואך און מונטער באַם רודער, און טאָרקעט אים אין דער פּלייצע: „סעם, זע פארשלאָף ניט דעם גרינעם סיגנאל"... איטשע גאָלדבערג גיט אף אים א מאך מיט דער האנט: „טשעפּע ניט סעמען"...

איטשע גאָלדבערג טוט צוויי מאָל אן אָטעם אף די גלעזלעך פון די ברילן און ווישט זיי אויס:

— מע דארף האָבן ייִדישע שולן... איך זאָג עס אײַך דאָס צענטע מאָל.

— בא מיר האָט איר געפּויעלט, — ענטפער איך, — מע דארף עס נאָך פּויעלן בא דער מאמען.

— בא וועלכער מאמען?

— בא דעם קינדס מאמען. קעדיי זי זאָל אָפּגעבן איר קינד אין א ייִדישער שול, דארף זי האָבן ייִדישע אוניווערסיטעטן, טעכנישע הויכשולן...

— אין אמעריקע איז די פּראָבלעם געלייזט אף אן אייגנארטיקן אופן... ייִדישע צוגאָב־קלאסן אין די אלגעמיינע שולן...

— אָבער ווי האלט עס מיט ייִדיש אין אַט די ייִדישע צוגאָב־קלאסן?

איטשע גאָלדבערג (ער איז פּאָרזיצער פון דער אָרגאַניזאציע „פרײַנט פון ייִדיש־וועלטלעכער דערציִונג") ענטפערט מיט פּאַרדראָס:

— העכער נײַנציק פּראָצענט צוגאָב־קלאסן ווערן פּינאנסירט און אופגעהאלטן פון די רעכטע. דאָרט לערנט מען ניט קיין ייִדיש, — העברעיִש און אויך גאנץ אייגנאַרטיקע היסטאָריע לויטן טאנאך...

— א יעשיוועס אין מיניאטור, הייסט עס...

— בא אײַך וואָלט עס געווען אנדערש.

ער איז מיר שטארק צום הארצן, אָט דער הײַנטצײַטיקער פּראָגרעסיווער אופקלערער, דער „מאסקיל" אין אמעריקע פון די זעכציקער יאָרן פונעם XX יאָרהונדערט.

ס'וואָלט געווען ניט ריכטיק צו ריידן וועגן די וואָלקנקראצערס אין ניו־יאָרק און אין אנדערע שטעט פון די פאַרייניקטע שטאטן ווי וועגן אַן ארכיטעקטור־עסטעטישער פּראָבלעם. גיכער פון אלץ איז דאָס א פּראָבלעם פון רענטע פאר דעם באָדן, אף וועלכן מע בויט אין אמעריקע הײַזער.

לעבן אונדזער האָטעל שטייט די וואָקזאל־געבײַדע „גראַנד־סענטראל". מע דערציילט, אז צוריק מיט א יאָר זעקס־זיבן האָט די אדמיניסטראציע פונעם וואָקזאל פארקויפט די לופט איבער דער געבײַדע. יאָ, יאָ, ס'איז ניט קיין שפּאס: „גראַנד סענטראל" פּארנעמט א גוט אָרט (די געבײַדע גייט ארויס אף דרײַ גאסן — אף דער 42־טער, אף לעקסינגטאָן־גאס און אף וואנדערבילד־גאס), און לופט קאָסט ביליקער פון באָדן. אף דעם סמאך האָט געלוינט מאכן דאָס געשעפט, און אף דער געבײַדע פון „גראַנד־סענטראל" איז אוועקגעשטעלט געוואָרן דער גיגאנטישער „צוגאָב" פון דער פּאַן־אמעריקאנער אוויאַקאָמפּאַניע...

איז אָט — וועגן איניען ארכיטעקטור, וואָלקנקראַצערס... די רענטע פאר דער ערד, אף וועלכער עס שטייט „עמפּײַר סטעיט בילדינג", האָט באטראָפן 11 מיליאָן דאָלאר. פארשטייט זיך, אז פאר אזא פּויטעקע איז ווייניק אף אָט דעם אָרט אופהייבן צום הימל פופציק שטאָק, זיבעציק שטאָק, אכציק... מע האָט יאקאָס דערצויגן ביז הונדערט צוויי שטאָק. דער מאנהעטן־באָדן האָט עס אויסגעהאלטן: דאָס אינדזל איז דורכויס פון גראַניט.

איצט, כאָשעווער כאווער, זײַ זיך מאַטריִעך און פארגעס אף א רעגעלע, ווי הויך עס האָט זיך דיר אמאָל אויסגעוויזן די סאָלדאטישע טראנשיי מיט די אויסגעהאקטע סוקוואטע בעריאָזע־שטאמען, צונויפּגעלייגטע ווי א דאך איבערן קאָפּ. פארגעס דאָס געפיל פון הויכקײַט אין דעם גוט־געמאכטן ערדשטיבל בא דער בירע און קריך בימכילע ארויף אף דעם „דעכעלע", וואָס איז 400 מעטער ווײַט פון דער ערד...

ביז דעם 66־טן שטאָק שטעלט זיך די ווינדע ניט אָפּ. זי שיסט אונדז ארויף אף דעם 86־טן. דאָ איז די ערשטע טעראסע, א זאָל פאר סוווענירן. אף דער טעראסע פונעם 102־טן שטאָק טוט א שלאָג אין פּאָנעם דער שווערער אָטעם פונעם אָקעאן. מע דערפילט, אז אויסער ניו־יאָרק איז פאראן נאָך עפּעס... די „וויטרינע פון אמעריקע" איז פון דער הייך פון „עמפּײַר סטעיט בילדינג" ביז גאָר עפּעקטספול.

ס'איז שוין טאקע קימאט ניט פארבליבן קיין צײַט זיך צולייגן, באלד וועט א קלינג טאָן דער טעלעפאָן, און דער האָטעל־אופזעער וועט אין טרײַבל זאָגן א „גוט־מאָרגן", — נאָר וויאזוי האלט מען זיך אײַן ניט צו בא־

---

[1] וויקטאָר מאַסטאָוואָי — א באַוווּסטער פּליִער, ניט לאנג צוריק האָט ער בייס דער געפאר פון א קאטאסטראָפע אוועקגעזעצט דעם לופט־לײַנער אפן וואסער פון דער ניעווא, ראטעווענדיק דערמיט די פּאסאזשירן; עליע יעהודין — פּאָרזיצער פון א פּאַרגעשריטענעם קאָלווירט אין קראסנאָגוואַרדייסקער ראיאָן, קרימער געגנט; גריגאָרי פײַנשטיין — געאָלאָג, לאורעאט פון דער לענין־פּרעמיע פאר אנטדעקן דאָס געפינ־אָרט פון דימענטן אין יאקוטיע; עליע שעכטמאַן — באַוווּסטער ייִדישער סאָוועטישער שרײַבער; ליעוו לאנדאו — אקאדעמיקער, לאורעאט פון דער נאָבּעל־פּרעמיע; יאקאָוו קרייזער — ארמיי־גענעראל, הויפּט־קאָמאנדיר פון די סאָוועטישע מיליטער־קרעפטן אפן ווײַטן מיזרעך; ווענויאמין דימשיץ — פאַרטרעטער פונעם פּאָרזיצער פון מיניסטאָרן־ראט פון פּססר.

שרײַבן אַן עפּיזאָד באַם אָונטבּרויט אין קאָשערן רעסטאָראַן „גליק־שטערן“ אַף דעלאַנסי־גאַס? אַלץ איז דאָ געווען ווי געוויינלעך, אַ רעסטאָראַן ווי אַ רעסטאָראַן, קאָשער איז קאָשער, די געהאַקטע לעבערלעך, די גריוון, געפילטע פיש — אַלץ איז אָל־רײַט. אָבער מיטאַמאָל...

— הערט מיך אויס, ווער איז אָט דער יונגערמאַן, וואָס איר קעכלט אים אַזוי? דער פּראַנצעוואַטער קעלנער, דער בונדאָוועץ, אָט דער, וואָס איז ערשט אַוועקגעלאָפן אויפזוכן דעם באַלעבאָסעניו, — ער זאָגט: עס איז אַ סוואָרע, אַז דער יונגערמאַן דאַרף זײַן אַרן ווערגעלים פון מאָסקווע...

געדאַליע סאַנדלער, צו וועמען עס האָט זיך מיט אַזעלכע רייד געווענדט דער באַיאָרטער באָס־באָי (אויפראַמער), טוט אַ שאָקל מיטן קאָפּ אין מײַן זײַט:

— פרעגט בא אים אַליין...

איך נעם אַרויס פון קעשענע דעם רויט־טאָוולדיקן פּאַס מיט די דײַטלעכע רוסישע אויסיעס СССР. דער באָס־באָי ווערט שטאַרק ערנסט. ער פאַרגעסט אין ווע־גלע, וואָס שטייט לעבן אים, אַ געלאָדנס מיט טעלער. ער רירט זיך צו צום פּאַספּאָרט — די הענט ציטערן בא אים.

— איך בין אַ פּוילישער... בעשאַם היטלערס גזיירע זיך געראַטעוועט בא אײַך... געבענטשט זאָל זײַן די ערד... אין אופאַ בין איך געווען אַ פאַרוואַלטער פון אַ גאָרקין... איך וואָלט דערגאַנגען ביז... (ער טוט אַ דריי מיט די פינגער הויך איבערן קאָפּ), ווען איך בלײַב... און איצט דאָ, זעט איר דאָך, כאַווער...

איך גיס אים אָן אַ קעלישעקל. ער זאָגט אַף רוסיש:

— ניעלזיאַ, דאָראָגאָי, ניעלזיאַ... זאַ עטאָ יאַ מאָגו לישיטסאַ מעסטאַ... (מע טאָר ניט, טײַערער, מע טאָר ניט... פאַר דעם קאָן איך פאַרלירן דאָס אָרט...).

נאָר מיטאַמאָל צינדט זיך אָן אַ פײַערל אין זײַנע אויגן. ער זאָגט מיט האַרץ:

— טשאָרט ס נים!.. (כאַפּט זיי דער רוח!..).

ער נעמט דאָס קעלישעקל, רירט זיך צו מיט דעם צו מײַנעם, טרינקט אויס דעם ווײַן און רעדט אַרויס פּאַמע־לעך און באַדאַכט:

— זאַ ראָדינו (פאַרן היימלאַנד).

דער באָס־באָי פירט אָפּ דאָס וועגעלע מיט געפּעס. אַרום אונדזער טישל נעמען זיך דרייען נײַגעריקע. דער באָס־באָי גייט ווידער צו און שמייכלט:

— דער בונדאָוועץ האָט דעם באַלעבאָס ניט געפונען. אָבער צעפּויקט האָט ער אַלעמען... לויפן זיי, די קעכער און די קעלנערס, אַף אײַך אַ קוק טאָן...

פאָרנדיק פון „גליק־שטערן“ אין האָטעל, האָבן מיר פאַרקערעוועט צו דער באַוערי, דעם ראַיאָן, ווו עס האַלטן זיך אויף, ווי מע זאָגט דאָ, שערבלעך פון מענטשן: היימלאָזע, אַרויסגעוואָרפענע פונעם לעבן, בראָדיאַגעס, שנאָ־רערס. מיר האָבן אָפּגעשטעלט די מאַשין, און מיט פאַר־קילט בלוט אין די אָדערן האָב איך געקוקט אַף איינער פון די שווערסטע טראַגעדיעס אין דער האַרצלאָזער קאַפּיטאַליסטישער וועלט. בא דער שײַן פון גאַס־לאַמטערנס האָבן געזוכט אַף די טראָטואַרן שטיקלעך אַוועקגעוואָרפענע סיגאַרעטן און אויסגעשטרעקט די הענט, בעטלענ־דיק אַ „דאַים“ (אַ גראָשן), געזונטע, נאָך גאָר ניט קיין אַלטע מענטשן, אָפּגעריסענע־אָפּגעשליסענע, ניט קיין ראַ־זירטע, פיל פון זיי אָפּגעשוואַכטע פון אַלקאָהאָל — מענטשן־ברוכוואַרג, אַרויסגעוואָרפענע אין רינשטאָק פונעם לעבן. איך האָב זיך דערמאָנט אין פעליקס דזערזשינ־סקיס אומשטערבלעכן אויפטו אין סאַמע אָנהייב פון דער אָקטיאַבער־עפּאָכע. דאָס איז געווען אין די פריִע הונגע־ריקע צוואַנציקער יאָרן... היימלאָזע יעסוימים נאָך אַ וועלט־מילכאָמע און נאָך אַ בלוטיקער אינטערווענץ מיצאַד פרעמדע רויבערישע מעלוכעס, אין אַ צערוּיִנירט און אויס־געמוטשעט לאַנד... און איצט? איצט — אין דער „גאָלדענער“ אַמעריקע?!

ווײַזט אויס, אַז ניו־יאָרק דער שטאָט איז ניט פרעמד דאָס געפיל פון ביטערן הומאָר, ווײַל מיט וואָס נאָך פאַר אַ וואָרט, אויב ניט מיטן וואָרט „הומאָר“, קאָן מען באַציי־כענען דאָס, וואָס גראָד דאָ, אַף דער גאַס, וועלכע מע רופט רינשטאָק, האָט די האַנט פון ביזנעס אַוועקגעשטעלט אויסגעפּוצטע רייען פון דימענט־ און בריליאַנט־קראָמען, פון געשעפטן, אין וועלכע עס פאַרקויפט זיך אויסשטאַטונג פאַר רײַכע רעסטאָראַנען און האָטעלן... עפּשער איז דאָס דער אָנשוילעכסטער באַווײַז פון סאָציִאַלע קאָנ־טראַסטן אין דער וועלט פון „געלן טײַוול“?

20 נאָיאַבער.

דער הײַנטיקער אַרבעטס־טאָג האָט זיך אָנגעהויבן פון אַ פּרעסע־קאָנפערענץ אין דער סאָוועטישער פאָרשטייער־שאַפט בא דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַרייניקטע נאַציעס. ס'איז געמאָלדן געוואָרן, אַז איך וועל ענטפערן אַף פראַ־געס וועגן דעם לעבן פון די ייִדן אין סאָוועטנפאַרבאַנד.

באָריס פּאָלעוואָי עפנט די פּרעסע־קאָנפערענץ. די אַרײַנפיר־דערקלערונג, וואָס איך מאַך אַף ייִדיש, זעץ איך אַליין איבער אין רוסיש. ווײַטער, קעדיי פאַרלײַכטערן די פּראָצעדור, רייד איך בלויז רוסיש. די איבערזעצונג אַף ענגליש מאַכן טאַמאַראַ מאַמעדאָוואַ[1] און דער סאָוועטישער קולטור־אַטאַשע דמיטרי מוראַוויאָוו.

די פּרעסע־קאָנפערענץ ווערט טראַנסלירט דורך ראַדיִאָ און טעלעוויזיע. בא דער גאַנצער אָנשטרענגונג באַווײַז איך, קוקנדיק אין זאַל, אַרומקלערן, ווי גרויס עס איז דער פּאַראַדאָקס פון אַזעלכע פּרעסע־קאָנפערענצן. עס באַקומט זיך, אַז דער הײַנט אָנשטאָט אויספרעגן שטרענג דעם נעכטן, פאַרוואָס יענער וויל ניט אַוועקגיין, דאַרף זיך גאָר פונקט ווי פאַרענטפערן פאַרן נעכטן...

און דער נעכטן איז בייז, און דער נעכטן איז טומל־דיק, און דער נעכטן קריכט אַף די גלײַכע ווענט. ווען איך דערמאָן עטלעכע אַלגעמיין באַוווּסטע פאַקטן פון אונדזער סאָוועטיש לעבן, קוויטשעט אַרויס אַף מאַמעלאָשן איינער אַ נעכטן־זשורנאַליסט:

— פאַרעדט ניט די ציין!

איך זעץ איבער פאַר מײַנע כאַווײרים דעם דעליקאַטן אויסדרוק אַף רוסיש. ניקאָלײַ פּאָליאַנאָוו, דער אויסערן־פּאָליטישער קאָמענטאַטאָר פון דער „איזוועסטיִאַ“, אַ מענטש מיט אַ פריילעכן כאַראַקטער, בייגט זיך אָן צו מיר און זאָגט, אָנווײַזנדיק אָפן שרײַער: „גאָוואָריט פּראָ זובי, אַ או סאַמאָוואָ אָט סטראַכאַ פּערעד פּראַוודאָי זוב נאַ זוב ניע פּאָפּאַדאַיעט“... (ער רעדט וועגן ציין, און בא אים אַליין, פון שרעק פאַרן עמעס, טרעפט ניט אַ צאָן אַף אַ צאָן...)

אונדזער אָנגריף אַף די קאַלטע מילכאָמע־לײַט ווערט נאָך שטאַרקער, ווען פּראָפעסאָר ניקאָלײַ מאָסטאָוועץ

---

[1] טאַמאַראַ יוריעוונאַ מאַמעדאָוואַ — גענעראַל־סעקרע־טאַר פונעם אינסטיטוט פון סאָוועטיש־אַמעריקאַנישע באַ־ציִונגען.

הייבט זיך אויף פון אָרט און זאָגט, צעפּירנדיק מיט די הענט:

— סיאיז פּאָשעט אומגלייבלעך, וויִאַזוי אין איינִיקע קרײַזן וויל מען זיך ניט צוהערן צום בעסטן איידעס — צו די פאקטן וועגן דער ראָל פון די סאָוועטישע ייִדן אין דער עקאָנאָמיק, אין דער ארמיי, אפן געביט פון ליטעראטור, קונסט, מעדיצין, וויסנשאפט. טוט א טראכט: צי וואָלט אזא כאָשעווע ראָל פון דעם ייִדישן פאָלק מעגלעך געווען אין א מעלוכע, ווו די אָפיציעלע פּאָליטיק איז אנטיסעמיטיזם?

— צי וואָלט אין אזא מעלוכע מעגלעך געווען, — זעצט פאָר מאָסטאָוועץ, — אז ייִדן, וועלכע זײַנען אפן עלפטן אָרט לויט דער צאָל צווישן די סאָוועטישע פעלקער, זאָלן זײַן אפן דריטן אָרט צווישן די סטודענטן אין די הויכשולן, אפן דריטן אָרט צווישן די וויסנשאפט־לײַט, זיי זאָלן געבן אזא גרויסע צאָל גענעראלן אין דער ארמיי, א וויצע־פּרעמיער אין דער רעגירונג? צי וואָלט מעגלעך געווען, אז ייִדן, וואָס ציילן עטוואָס מער פון איין פּראָצענט פון דער באפעלקערונג, זאָלן אויסמאכן פערצן פּראָצענט צווישן די דאָקטוירים און שרײַבער, דרײַ און צוואנציק פּראָצענט צווישן די מוזיקער אדג.

די ווערטער פון ניקאָלײַ מאָסטאָוועץ מאכן א רושעם, כאָטש קיין נײַס האָט ער ניט געזאָגט. אפילע דאָ אין אמעריקע רעדט וועגן דעם די פּראָגרעסיווע פּרעסע יעדן טאָג. פּאָשעט, מע פארשטעקט די אויערן, מע וויל ניט הערן.

איינע א קאָרעספּאָנדענטקע כאפּט זיך ארויס מיט א פראגע, געווענדט צו מיר:

— אויב בא אײַך פארפאָלגט מען ניט די ייִדן, טאָ פארוואָס פּראָטעסטירט מען דאָ בא אונדז קעגן פארפאָלגונגען?

איך זאָג איר:

— דאָס פרעג איך טאקע בא אײַך...

ווען די פּרעסע־קאָנפערענץ ענדיקט זיך, גייט צו מיר צו אָט די פרוי. מע זעצט איבער אירע ווערטער:

— איך קלײַב זיך איבעראיאָר זײַן אין סאָוועטנפארבאנד, וועל איך א קוק טאָן... אויב איך אליין, מיט די אייגענע אויגן, וועל ניט זען קיין אונטערדריקטע ייִדן, דאן וועל איך אײַך גלייבן...

— סיִינג איז בעליווינג[1], — זאָג איך, און די פרוי לאכט און שאָקלט מיטן קאָפּ.

נאָך דער פּרעסע־קאָנפערענץ פאָרן מיר (פּאָלעוואָי, ראָזשדעסטווענסקי און איך) אין „פעירלי דיקענסאָן אוניווערס". דאָס איז א פּריוואטער אוניווערסיטעט, צען מײַל פון ניו־יאָרק, אין שכיינעסדיקן שטאט ניו־דזשערסי. עס לערנען זיך דאָ 16 000 סטודענטן (דער סכארלימעד — צוויי מיט א האלבן טויזנט דאָלאר א יאָר!).

ווען מיר ענדיקן דעם שמועס מיט דעם צונויפגעזאמלטן אוילעם סטודענטן, רינגלט מען אונדז ארום און מע לאָזט מאמעש ניט אוועקגיין. דער אינטערעס צום סאָוועטנפארבאנד איז גוואלדיק גרויס.

עטלעכע פּעדאגאָגן און דערציִער זײַנען לייענער פון „סאָוועטיש היימלאנד". מיר פירן דורך טאקע דאָ, גלײַך אפן אָרט, א „שטייענדיקע לייענער־קאָנפערענץ" וועגן דער „סאמע אימפּאָזאנטער ליטעראַרישער ייִדישער צײַטשריפט", ווי עס דריקן זיך אויס מײַנע נײַע באקאנטע — די אמעריקאנער לייענער פון אונדזער זשורנאל.

[1] אין ענגליש ווערטל: „אז מע זעט, גלייבט מען".

...7.30 פארנאכט. א גראנדיִעזער מאסן־מיטינג אין „קארנעגי האָל", איינעם פון די גרעסטע זאלן אין ניו־יאָרק. העכער אָנדערהאלבן טויזנט מענטשן מערקן פײַערלעך אָפּ דעם 30־טן יאָרטאָג, זינט עס זײַנען אײַנגעשטעלט געוואָרן דיפּלאָמאטישע באציִונגען צווישן אמעריקע און דעם סאָוועטנפארבאנד. איינצײַטיק איז עס א באגעגעניש מיט אונדזער גרופּע.

אין זאל — ענטוזיִאסטישע פרײַנטשאפט. באם ארײַנגאנג, אף דער גאס — א פײַנטלעכער פּיקעט פון פאַשיסטן. צוויי אמעריקעס, צווישן וועלכע עס שטייען נאָך פאָר אנטשיידענע שלאכטן.

די עטלעכע בוירטשיסטן (אמעריקאנער נאציסטן) האָבן געטראָגן פּלאקאטן מיט אויפשריפטן: „קאָמוניזם איז ייִדיש" און „85 פּראָצענט פארורטיילטע קאָמוניסטישע שפּיִאָנען אין אמעריקע זײַנען ייִדן". עס איז אויך דאָ געווען א שיטער גרופּקעלע אונגארישע „קאָנטרעס". אין איינעם א מאָמענט האָט געהאלטן בא א געשלעג: די געקומענע אף דער פײַערונג האָבן געוואָלט ארײַנלייגן אין קאָלנער די נאציסטן. אָבער די פּאָליציי... אָ, די אמעריקאנער פּאָליציי ווייסט, ווען אָפּצוהיטן די אָרדענונג...

דער אָוונט איז דורך אין א געהויבענער שטימונג. אונדזער גאנצע גרופּע, צוזאמען מיטן סאָוועטישן אמבאסאדאָר אנאטאָלי דאָברינין און מיט די אָנפירער פונעם נאציִאָנאלן ראט פון סאָוועטיש־אמעריקאנער פרײַנטשאפט מארגארעט ראסעל, ד״ר זשעראָם דייוויס, ד״ר ק. לאמאָנט א. אנד., איז געווען אף דער בינע. א נעגרישער זינגער האָט אויסדריקלעך און פּראָסט געזונגען די מעלוכעהימנען פון ביידע לענדער. ווען די פאָרשטייער פונעם האָרעפאשנעם, פרײַנטלעכן ניו־יאָרק האָבן זיך א שטעל אויף געטאָן פארן הימן פון דעם סאָוועטנלאנד, האָט א ביסעלע פײַכטקײַט געמאכט גלאנציקער די עטלעכע טויזנט אויגן אין דעם עטוואָס צוגעטונקלטן זאל.

21 נאָיאבער.

ס׳איז שוין נאָך האלבער נאכט. מיר פליִען קיין טשיקאגאָ. געוויינלעך פארנאָטיר איך אין מעשעך פונעם טאָג עטלעכע מאָל מײַנע אײַנדרוקן. הײַנט אָבער האָב איך ניט געהאט קיין צײַט כאָטש איין־איינציק מאָל זיך נעמען פארן טאָגבוך. איך וועל איצט, ווי ווײַט מעגלעך קורץ, פארצייכענען דאָס וויכטיקסטע.

דערשיטערנדיק איז געווען דער אײַנדרוק פון וויליאמסבורג — אָט דעם אוניקאלן ווינקעלע, וואָס כאָטש מע טאָר עס, נאטירלעך, ניט אידענטיפיצירן מיט דער ייִדישער אמעריקע, איז עס דאָך, אין א גרויסער מאָס, א מין אידיייִשער סימבאָל פון די רעאקציִאָנערע, קלעריקאַלע, ארכאיִסטישע און קאָנסערוואטיווע שטרעמונגען אינעם אמעריקאנער ייִדישן לעבן.

דאָ איז קאָנסערווירט א פארגאנגענע עפּאָכע. צוליב וואָס דארף עס דער מאָדערנער קאפּיטאליזם, פרעגט זיך? איך ווייס ניט, עס קאָן זײַן, אז דאָס איז איינע פון יענע טראנשייען, ווו קאפּיטאליזם און מיטלאלטער ליגן אקסל־צו־אקסל, באשיצנדיק זיך פון א טויט־געפאר פאר זיי ביידן, וואָס קומט פון א דריטן, א קעגנזעצלעכן צו זיי קויעך.

ווי עס זאָל ניט זײַן, נאָר ווען איך בין דורכגעפאָרן דעם וויליאמסבורגער בריק, האָב איך זיך דערפילט אזוי, פונקט ווי די פאנטאסטישע „מאשין פון דער צײַט" וואָלט מיך איבערגעטראָגן אין א ניט רעאלער טקופע. מיטאמאָל ווערן צערונען די וואָלקנקראצערס, מע הערט ניט דעם

ראש און גערודער פון די בראָדוויייען, מע זעט ניט קיין מענטשן אין הײַנטצײַטיקע אַנצוגן, קיין פּאַרליבטע פּאָרלעך, ארומגענומענע און גליקלעכע. מע הערט ניט שפּילן מוזיק, זינגען לידער. איבער דעם פאַרשטילטן געסל, צווישן הײַזער קרעמלעך, הײַזער באַטעמעדראַשים, גלאַט אלטע, אויסגעקרימטע הײַזער דרייען זיך ארום קאַפּאָטעס און שטרײַמלעך, בערד־און־פּייעס־מענטשן, ניט קיין יונגע, ניט קיין אלטע, ניט קיין פריילעכע, ניט קיין טרויעריקע, אָף אלעמען — דער שווערער אָל און די נאַיִוולעכע וואַזשנעקײַט פונעם נאָך־באַרמיצווע־עלטער.

גייט זיך אזא מענטש, ארויסשטעלנדיק קונציק אף דער הייך פון די קני דעם צונויפגעלייגטן אין א שטעקעלע שירעם, און קוקט אף מיר, דעם פרעמדן, מיט נײַגער. זאָג איך אים: „שאָלעם־אַלייכעם"... ענטפערט ער: „אַליי־כעם שאָלעם, רעב ייִד. איר קלײַבט זיך מיך אָפּאַרטרעט־לען?" כ'בין זיך מודיע: „איר געפעלט מיר"... ענטפערט ער איידל: „אָבער דאָס וועט ניט געפעלן מײַן רעבן"... — און גייט אוועק.

איך שטעל אָפּ א צווייטן — אויך אין א קאַפּאָטע און אין ווײַסע זאָקן, אויך מיט באָרד־און־פּייעס, אויך מיט א צונויפגעלייגטן שירעם.

— וויפל יאָר זײַט איר אלט?

— דאָס זיבעצעטע.

— א יעשיווע־באָכער?

— וואָדען?

— ווו איז אײַער יעשיווע?

— אָט יענע. ניט די, לעם וועלכער מיר שטייען, און ניט יענע, וואָס אנטקעגן, און ניט די ווײַטערע, וואָס איבער צווי הײַזער, נאָר אָט די, איר זעט? צווישן רעב יאַנטלס יאַטקע און דער ווײַבערשער שול...

— איר קומט אמאָל אויך אין מאַנהעטן?

— וואָס האָב איך דאָרט צו טאָן? מײַן רעבע איז דאָ...

גיי איך צו צו א דריטן. ער זינגט שטיל און לוסטיק א בימבאָם־ניגנדל.

— איר האָט א ווײַב?

— פאַרוואָס ניט? אָן אישע טויג דערוף.

כאָטש ער טראָגט אויך א קאַפּאָטע און ווײַסע זאָקן און ער איז אויך מיט באָרד־און־פּייעס און שטעלט אויך קונציק ארויס אף דער הייך פון די קני דעם צונויפגע־לייגטן שירעם, — דאָך דערשפּיר איך לויטן פײַערל אין זײַנע אויגן: ס'איז א באָכער א גאַנעפעץ, וועלכער איז צופרידן מיטן שפּיצל, וואָס ער טוט אָפּ דער וועלט.

— איז האָט איר, הייסט עס, ליב דעם איניען?

— וועלכן איניען, זײַט אזוי גוט?

— דעם, וועגן וועלכן איך האָב אײַך אָקאָרשט גע־פרעגט...

ער טוט א פּיר מיטן גראָבן פינגער איבער די וואָנצעס, ווי ער וואָלט זיי צוגעגלעט, און מאַכט „קכע־קכע" אָנ־שטאָט צו ענטפערן.

איך זע שוין, ס'אַרא מין פויגל דאָס איז, נאָר איך מאַך זיך ניט וויסנדיק.

— נו, און מיקויעך פּאַרנאָסע?

— מע זיצט אף קעסט. די פלוינעסטע האָרעוועט, דער שווער האָדעוועט. א טיפּעש א ייִד, א קאָשערער קאַל־באַסניק...

צווי ייִנגעלעך, א יאָר אכט־נײַן אלט, שפּילן זיך מיט א פּילקע, וואַרפנדיק זי פון איין טראָטואַר צום אנדערן דורך דער גאַנצער ברייט פון דער גאַס. די פּייעס בא זיי דערגרייכן ביזן האַלדז, דרייען זיך אף ארוף און זעען אויס ווי אונטערגעבונדענע סטאַרטשענדיקע צעפּלעך בא קליינע מיידעלעך. ביידע לעקן זיי מיט אַפּעטיט צוקער־קעס, ארופגעשטעקטע אף לאַנגע שטעקעלעך...

כאַפּט ארײַן אײַער קינדהייט, ייִנגעלעך, זאָל אײַך ווויל באַקומען סײַ די שפּיל, סײַ דאָס נאַשן.

די גאַס איז שמאָל. אף די שילדן, אף די טירן, אף די פענצטער — אומעטום, ווו ס'איז נאָר מעגלעך, האָט מען אָנגעשריבן דאָס וואָרט „כשר". זאָרגט אײַך ניט, די טרייפע ציוויליזאַציע איז ניט אריבערגעטראָטן די שוועל. דאָס לעבן איז דאָ קאָשער.

אין די קראָמען — קאָנעקע־לעמפּלעך, דריידלעך, מע־זוזעס, טפילן, מענוירעס. וועגן דער סכוירע, וואָס מע פאַרקויפט, איז אף די שילדן אָנגעשריבן אזוי: „כאַסענע־און באַרמיצווע־אינוויטעישנס", „ד'סאַטמאַר. פלייש־און טשיקען־מאַרקעט", „סויבל־שטרײַמלעך צו באַקומען"...

אף אייניקע ווענט זײַנען צעהאַנגען ניט קיין גרויסע פלוגבלעטלעך, שפּראַכלעך — א ייִדיש־לאָשנקוידעש־געמיש. איך נעם אף אָנדענק א פּאָר אזעלכע מוידעאָס. אָט איז איינע. „איבערגעזעצט" אף א דורכויסיקן ייִדיש, מאַכט עס אָט וואָס: „א גוטע בסורע. אַן אויצער פון אויסגעקליבענע עסרויגים. איך האָב דאָס יאָר אויך די באַרימטע יאַנאָווער עסרויגים, באַשטימט ניט קיין צוגע־פּוצטע און גריכישע. ס'איז ניטאָ זייער גלײַכן אין דער גאַנצער וועלט. מיליאָנען פון א סאַך דורעס האָבן גע־בענטשט בלויז אף די עסרויגים. צו באַקומען בא דעם ראָוו אווראָם־יויסעף ציק".

אין ווילאַמסבורג קאָכט איצט. די הייגע „אופּהאַלטער פון דער עמונע", די פרומאַקעס, וואָס זייערע קאַוואַנעס, ווי זיי זאָגן, זײַנען בלויז לעשעם שאָמאַיִם (פאַר גאָטס וועגן) — זיי זײַנען ניט צופרידן מיט דער אַפּיקאָרסישער און גאָטלעסטערישער מעדינע ייִסראָעל, ווו מע ברענגט אום דאָס גלייבן אין גאָט, ווײַל וועלטלעך לעבן איז דאָ אויך דערלויבט. דער „רעבע זאָל לעבן" אליין, דער סאַטמאַרער, האָט מיט עטלעכע טעג צוריק א ווונק געטאָן, און א גרופּע עקסטרעמיסטן־פאַנאַטיקער האָבן אָנגעשמירט סוואַסטיקעס אף דער געבײַדע פונעם ייִסראָעל־קאָנסולאַט אין ניו־יאָרק. איצט זײַנען אין ווילאַמסבורג צעקלעפּט מוידעאָס, אַז די שטרײַמלעך ווערן גערופן אף א דע־מאָנסטראַציע קעגן ייִסראָעל...

מײַן אײַנדרוק וועגן דעם אלעמען, וועגן ווילאַמסבורג? ווי זאָגט שאָלעם־אַלייכעם: „ווען איך זאָל ניט וויסן, אַז מיר זײַנען אין אמעריקע, וואָלט איך זיכער געמיינט, אַז איך בין אין בראָד"... אָבער ניט אין הײַנטיקן בראָד, ווײַל איך צוגעבן, אין בראָד מיט הונדערט יאָר צוריק...

ערגעץ דאָרט, ווײַט אפּן האָריזאָנט, זעען זיך שוין קוים־קוים די פײַערן פון טשיקאַגאָ. אמווייניקסטנס וועגן נאָך דרײַ געשעענישן פונעם פאַרגאַנגענעם טאָג איז גע־בליבן איבערלאָזן כאָטש א סימען אין טאָגבוך. איך וועל דאָס טאָן, נאָר מיטן טנײַ, אַז דו, פויגל איינער, וואָס דו טראָגסט מיך, זאָלסט אזוי שטאַרק ניט אײַלן.

צוזאַמען מיט א גרופּע ניו־יאָרקער כאַווײרים זײַנען מיר — ליאָווו בעזימענסקי און איך — געפאָרן גאַנצפרי אפּן בעסוילעם „קאַרמעל־סעמעטערי" צו לייגן קרענץ אף די קוואָרים פון שאָלעם־אַלייכעם, מאָריס ווינטשעווסקי, אווראָם רייזען, אַרן ליבערמאַן, יויסעף אָפּאַטאָשו, ה. לײַוויק, מאַני לייב. ווען מיר האָבן אין האָטעל זיך צונויפגע־נומען, גרייט צו לאָזן זיך אין וועג ארײַן, איז צוגעלאָפן

צו מיר אין גרויס איילעניש דער פּראָפעסאָר טשעגאַ־
דייעוו מיט א גרויסן בוקעט פרישע בלומען אין האנט:
— איר זייט נאָך דאָ?.. זייער גוט... נאטאליע מיכיי־
לאָוונע (טשעגאָדייעווס פרוי, דאָקטאָר פון פּלאסטישער
קונסט. — א.וו.) האָט מיך געשיקט קריגן בלומען...
— וועגן וואָס גייט דאָ, אנדריי וואסיליעוויטש? —
האָב איך געפרעגט פארכידעשט.
— וואָס הייסט וועגן וואָס? איר פאָרט דאָך אף שאָלעם־
אלייכעמס קייוור!
— פירן מיר א קראַנץ...
— א קראַנץ איז א קראַנץ, און בלומען פון מיר און
פון נאטאליע מיכיילאָוונען איז עפּעס אנדערש. איך בעט
אייך זייער, זאָגט ניט אָפּ...
איך האָב ניט אָפּגעזאָגט. טשעגאָדייעוו איז א באיאָר־
טער רוסישער מענטש. ער איז אפן געביט פון קונסט־
קענטעניש איינער פון די גרעסטע ספּעציאַליסטן אין
סאָוועטנפארבאנד. איך האָב ניט אָפּגעזאָגט, פארשטייט
זיך, אָט דעם פארערער פון שאָלעם־אלייכעמס געני.
ווען מיר זיינען געפאָרן צוריק פון בעסוילעם, האָט
איטשע גאָלדבערג, זייענדיק, ווי שטענדיק, א ביסל פאר־
טיפט אין זיך, ארויסגערעדט, קוקנדיק פון דער ווייט,
פון א הויך בערגל, אף דער געדיכטער מאסע מאצייוועס:
— יידן שטופּן זיך...
— פארוואָס איז אף דער מערהייט שטיינער ניטאָ
דאָס בילד פונעם פארשטאָרבענעם? — האָב איך געפרעגט.
— בא אייך איז עס א טראדיציע, בא אונדז — ניט...
— פונדעסטוועגן, ווי טראכט איר, וואָס וואָלט געווען
אין א פארקערטן פאל: ווען בא אייך איז עס איינגעפירט
און בא אונדז ניט?
— דער „פאָרווערטס" און דער „טאָג־מאָרגן־זשורנאל",
די ראבאָנים און דער „ארבעטער־קאָמיטעט" וואָלטן גע־
שריגן ביז הייזעריק צו ווערן: „וואנדאלישער קרעמלין־
פארבאָט! מע דערלויבט ניט צופּעסטיקן אף יידישע מא־
צייוועס דאָס בילד פון פארשטאָרבענעם!.."

אין „איקוף" — א ספּעציעלע זיצונג פונעם פּרעזי־
דיום. דער נאציאָנאַלער סעקרעטאָר אווראָם דזשענאָווסקי
עפנט די זיצונג. עס ריידן נאכמען מייזיל, פייסעך נאָ־
וויק, בער גרין און מאָריס שאַפּס[1]. איך באגריס האר־
ציק די פארדינסטפולע אָרגאניזאציע פון דער פּראָגרע־
סיווער יידישער קולטור — דאָס קאָלעקטיווע ווערק פון
די בעסטע שעפער פון דער יידישער ליטעראטור און
קונסט אין אויסלאנד.
געווען אמאָל ניט ווייניק מיספארשטייענישן ארום א
„ליידיקן שטול" אף דעם גרינדונגס־קאָנגרעס פון „איקוף".
אין יענעם ווייטן פארמילכאָמע־יאָר, ווען פאר דער גע־
פאר פון דעם אָנגעזאמלטן אין די קעלערס פון אייראָפּע
דינאמיט האָבן זיך פארהאַקט גרענעצן און דער מעהאלעך
צווישן לענדער און מענטשן איז געוואָרן לענגער, — אין
יענעם ווייטן, ביז גאָר אנגעשטרענגטן יאָר האָבן אייניקע
מאָמענטן געשטערט, אז פאָרשטייער פון דער סאָוועטישער

[1] בער גרין — דיכטער און עסייִסט, פאָרזיצער פונעם שרייבער־פארבאנד באַם „איקוף"; מאָריס שאַפּס — שעף־רעדאקטאָר פון פּראָגרעסיוון זשורנאל אין דער ענגלישער שפּראַך „דזשויש קאָרענטס".

יידישער שרייבער־מישפּאָכע זאָלן קומען קיין פאריזש,
קעדיי אָנטיילצונעמען אין דער ארבעט פונעם גרינדונגס־
קאָנגרעס פון „איקוף". פונדאנען איז אוועק אף גאנצע
יאָרצענדליקער א רייד וועגן א „ליידיקן שטול" באַם טיש
פונעם קאָנגרעס.
איצט זיץ איך זיך גאנץ באקוועם אף א שטול באַם טיש
פונעם „איקוף" און באוויַיז נאָך, הערנדיק די וויכטיקע
רייד פון אזויפיל פריינט אונדזערע, א זאָג טאָן אין גוטן
מוט צו נאכמען מייזיל, וועלכער זיצט לעבן מיר, א ווונ־
דערלעך שלאנקער פאר זיין עלטער, א באהויכטער מיט
שיינער גרויקייט, — אז זיין שטול, דוכט זיך, גיט פון
מאָל צו מאָל זיך א נייג אָן אף רעכטס, עפּשער דערפאר,
ווייל א פיסל באַם שטול איז קירצער פון די איבעריקע,
אָדער, סיקאָן זיין, איבער אן אנדער סיבע. מייזיל ענט־
פערט, אז קעדיי דער שטול זאָל זיך ניט וויגן, איז נייי־
טיק — ניט קירצער מאכן די דריי איבעריקע פיסלעך,
נאָר צוגעבן דאָס, וואָס עס פעלט, צו יענעם, צום קיר־
צערן. אזוי רעדן מיר זיך דורך, ביזוואנען, נאָך די אָפּי־
ציעלע ארויסטרעטונגען, דערמאָנט עמעץ פון די ביַיוועזנ־
דיקע (דאכט זיך, אווראָם ביק אָדער מ. א. סול), אז ס׳איז
פאראן קיבעד און מע קאָן איבערגיין צום געדעקטן טיש.
...און ענדלעך — דער פינאל פונעם טאָג. אין דער סאָ־
וועטישער פאָרשטייערשאַפט בא דער אָרגאניזאציע פון
די פאראייניקטע נאציעס קומט פאָר אן אופנאם, געווידמעט
אונדזער גרופּע. איך פארהאלט זיך דאָ בלויז א פערטל
שאָ, ווייל אין שעראטאָן־אטלאנטיק־האָטעל קלייבן זיך
שוין צונויף יידישע שרייבער, קינסטלער, שוישפּילער,
פאָרשטייער פון געזעלשאפטלעכע אָרגאניזאציעס.
דער גרויסער זאל פון האָטעל איז פול געפּאַקט. כאַים
סולער, דער פאָרזיצער, מעלדעט אין זיין אריינפיר־וואָרט,
אז דאָ געפינען זיך העכער פינף הונדערט קולטור־טוער.
ער אנטשולדיקט זיך פאר יענע, וואָס זיינען ניט צווישן
די איינגעלאדענע, ווייל „דער טאָג פון דער באגעגעניש
איז קאָנטאקטירט געוואָרן מיטן גאסט בלויז אייערנעכטן,
און די איינלאדונגען זיינען געמאכט דורכן טעלעפאָן".
נאָך מיין ארויסטרעטונג איז דער טיש פארוואָרפן מיט
צעטעלעך. אין מעשעך פון העכער א שאָ ענטפער איך
אף זיי.
גלייך פונדאנען דאַרף איך פאָרן צום פלי־פעלד. נאָ־
וויק שלעפּט מיך באַם ארבל: „גאזלען, ווילסט בלייבן
שטעקן אין ניו־יאָרק?.." מיט גרויס מאטערניש שטופּן
מיר זיך דורך צווישן דעם אויסערגעוויינלעך ענטוזיאַס־
טישן אוילעם. „גיט איבער אונדזערע קושן אלע סאָוועטי־
שע מענטשן!" — שרייט מיר עמעצער נאָך.
...איינס אזייגער באנאכט. אונדזער „באָינג" מאכט שוין
קרייזן איבער טשיקאַגאָ. איך נעם צונויף די ערשט פאר־
שריבענע בלעטעלעך פונעם טאָגבוך און לייג זיי זאָרגזאם
אריין אין הייַנטיקן נומער „מאָרגן־פרייהייט", אין וועלכן
עס איז אָפּגעדרוקט א רעדאקציאָנעל ארטיקל „די „איזאָ־
לירער" זיינען איזאָלירט". „די, וואָס האָבן געוואָלט ארן
ווערגעליסן „איזאָלירן", — זאָגט זיך אין ארטיקל, —
זיינען אליין געוואָרן איזאָלירט. זיי שטעלן זיך ארויס
פאר א שפּאלטעריש הייפעלע אין יידישן לעבן אין אמע־
ריקע... זייער שטימע איז ניט די שטימע פונעם אמע־
ריקאנער יידנטום!.."

(פאָרזעצונג קומט)

ליטעראַטור און קונסט

הערש רעמעניק

# א דיכטער א נאָוואַטאָר

צום 75־טן געבורטסטאָג פון דאַוויד האָפשטיין

1



אין אונדזער הײַנטצײַטיקער ייִדישער ליטעראַטור איז שווער צו געפינען א דיכטער, וואָס זאָל זײַן אזוי פון אלעמען אנערקענט אלס קלאסיקער, ווי דאַוויד האָפשטיין, און אין דער זעלבער צײַט זאָל זײַן שאפונג אזוי ווייניק באַטראַכט ווערן אין דער קריטיק און אין דער פאָרשונג. פאַרבײַגייענדיקע באמערקונגען בא ליטוואַקאָוון, א קורץ ארטיקל פון דאָברושינען, אלגעמיינע באַשרײַבערישע איבערזיכטן בא אנדערע קריטיקער — און דאָס איז אלץ.

וועגן האָפשטיינס מיטצײַטלער, וואָס זײַנען צוזאמען מיט אים געווען די גרונטלייגער פון דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג, איז שוין אָנגעזאמלט א היפשע קריטישע און פאָרשערישע ליטעראַטור, און האָפשטיינס שאַפונג איז נאָך ביז הײַנט א מין „טערא אינקאָגניטא", אן אומבאַקאַנט לאַנד, וואָס דאַרף ערשט אנטדעקט ווערן. צי ניט דערפאַר עפשער לאָזן זיך אמאָל הערן אומגעלומפּערטע סוואָרעס און לעגענדעס וועגן האָפשטיינען, וואָס האָבן קיין שום שײַכעס ניט צו זײַן דיכטונג?

די פאַרדינסטן אָדער די מאנגלען פון א שעפער קאָנען קלאָר ווערן נאָר אין א באַשטימטן ליטעראַטור־היסטאָרישן צוזאמענהאנג. האָפשטיינס אופטו קאָן אנטפּלעקט ווערן בלויז דאַן, ווען מע באַטראַכט זײַן שאפונג ניט אָפּגעזונדערט פון דער ייִדישער ליטעראַטור אינגאַנצן גענומען.

פון דעם פאַקט, וואָס די ייִדישע דיכטונג האָט ביז דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע ניט ארויסגערוקט אזעלכע ריזן, ווי מענדעלע, שאָלעם־אַלייכעם, פּערעץ, אש, בערגעלסאָן, ווערט אמאָל געמאַכט דער ניט ריכטיקער אויספיר, אז די דעמאָלטיקע ייִדישע פּאָעזיע האָט קלוימערשט ביכלאל ניט געהאַט קיין שום דערגרייכונגען און איז געווען דורכויס אָפּגעשטאַנען סײַ אידייִש, סײַ לויט דער פאָרם.

צו האָפשטיינס צענטן יאָרצײַט האָט דער ליטעראַטור־פאָרשער כ. לויצקער אָפּגעדרוקט אן איבערזיכט פון דעם דיכטערס לעבן און שאפן[1]. געוויס קומט דעם כ. לויצקער דערפאַר א יאשער־קויעך. דער איבערזיכט איז אָנגעשריבן מיט ליבשאַפט, און אין אלגעמיין רופט ער ניט ארויס קיין דערווידערונגען. נאָר גראָד דאַן, ווען דער אווטאָר וויל פעסטשטעלן האָפשטיינס באַדײַטונג אין דער געשיכטע פון אונדזער דיכטונג, מאַכט ער גאַנץ צווייפלהאַפטע באַהויפּטונגען. קעדיי אופצודעקן די גרויסקײַט און די וויכטיקײַט פון דעם אָדער יענעם שעפער, איז ניט נייטיק צו פאַרקלענערן די באַדײַטונג פון אנדערע שעפער ביז אים אָדער פון זײַנע מיטצײַטלער. צום באַדויערן, גייט כ. לויצקער אף אָט דעם וועג. ער שרײַבט:

„די ייִדישע דיכטונג ביזן 1917 יאָר איז געווען אָדער א ראָמאַנטיש־פאַרנעפּלטע, א דעקאַדענטישע, אָדער, אין בעסטן פאַל, אן עמפּיריש־באַשרײַבערישע, געבונדן מיטן אלטן קליינשטעטלדיק־פּאַטריאַרכאַלן שטייגער".

קאָנקרעטיזירנדיק די דאָזיקע באַהויפּטונג, שרײַבט ווײַטער דער אווטאָר:

„דער באַרימטער דיכטער ביאַליק איז געווען דעריקער א העברעיִשער דיכטער לויט דער שפּראַך און פאָרם און א רעאַקציאָנער — לויטן אינהאַלט און לויט דער אידעאָלאָגיע. און די פּלעיאַדע רעוואָלוציאָנערע דיכטער — ווינטשעווסקי, עדלשטאַט, באָוושאָווער — האָבן אין זייער אידייִש־רעוואָלוציאָנערן פּאַטאָס נישט דערגרייכט די האַרמאָניע מיט א פולקומער קינסטלערישער פאָרם".

מיר דאַכט, אז די גוטע קאַוואָנע אונטערצושטרײַכן האָפשטיינס אופטו האָט דאָך פאַרפירט כ. לויצקערן צו ביז גאָר ווײַטע, ניט ריכטיקע אויספירן און אָפּשאַצונגען. זאָגן, אז די ייִדישע דיכטונג איז ביז דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע געווען „א ראָמאַנטיש־פאַרנעפּלטע, א דעקאַדענטישע", הייסט פאַרקריפּלען די געשיכטע פון אונדזער ליטעראַטור. צי קאָן מען אָפּלייקענען די דערגרייכונגען פון דער אופקלערערישער און פאָלקסטימלעכער דיכטונג אין XIX יאָרהונדערט (ש. עטינגער, בערל בראָדער, וועלוול זבאַרזשער, מ. גאָרדאָן, א.־ב. גאָטלאָבער, א. גאָלדפאַדן אא.)? ווי נאַיִוו עס זאָל ניט אויסזען הײַנט זייער שאפונג, מוז מען דאָך אײַנהיטן די היסטאָרישע פּערספּעקטיוו באַם אָפּשאַצן דעם באַדײַט פון די פאַרגאַנגענע דוירעס שעפער. אויב אין זייער צײַט זײַנען זיי געווען פּראָגרעסיוו און נאָוואַטאָריש, הייסט עס, אז זיי האָבן מיטגעהאָלפן דער ווײַטערדיקער אנטוויקלונג פון דער ליטעראַטור.

כ. לויצקער פאַרגעסט אפילע צו דערמאָנען אזעלכע צוויי וויכטיקע דיכטער, ווי פּערעץ און רייזען. צי קאָן מען אָבער אין זיי פאַרגעסן? אָן זיי איז די געשיכטע פון אונדזער פּאָעזיע פאַראָרעמט.

מע קאָן אויך ניט מאַסקים זײַן מיט דעם, אז די ייִדישע דיכטונג איז געווען, „אין בעסטן פאַל, אן עמפּיריש־באַשרײַבערישע, געבונדן מיטן אלטן קליינשטעטלדיק־פּאַטריאַרכאַלן שטייגער". די פּאַטריאַרכאַלע קליינשטעטלדיקײַט האָט גיכער א שײַכעס צו דער פּראָזע, איידער צו דער דיכטונג. גראָד זי, די דיכטונג, האָט געבראַכט מיט זיך מאָטיוון פון ארבעט און קאַמף, גרויסשטאָטישע

---

[1] „ייִדישע שריפטן", נומ. 9, 11, וואַרשע, 1963.

טעמעס, בילדער פון אלוועלטלעכער רעוואָליוציאָנערער פּראָלעטארישער און סאָציאַליסטישער סאָלידארישקייט. שוין אין רייזענס און פערעצעס דיכטונג זײַנען פאראן אזעלכע אידייען און געשטאלטן! די רעוואָליוציאָנערע פּראָלעטארישע פּאָעטן האָבן, אין טאָג גענומען, געשאפן דעם אָנהייב פון סאָציאַליסטישן רעאליזם אין דער ייִדישער ליטעראטור.

עס איז ניט ריכטיק, אז ווינטשעווסקי, עדלשטאט און באָװשאָװער „האָבן אין זייער אידייִש־רעוואָליוציאָנערן פּאטאָס נישט דערגרייכט די הארמאָניע מיט א פולקומער קינסטלערישער פאָרם". זיי האָבן יאָ דערגרייכט הארמאָניע, ווײַל זיי האָבן באנײַט און רעוואָליוציאָניזירט דעם אידייִשן אינהאלט און די רעוואָליוציאָנערע פאָרם פון דער ייִדישער דיכטונג, די בילדערישקײַט און עמאָציאָנעלקײַט פון דער פּאָעטישער שפּראך, פון איר מעטריק און מוזיקאלישע ריטמען. נאָך דער פאָלקסטימלעכער און אופקלערערישער פּאָעטישער טראדיציע האָבן ווינטשעווסקי, באָװשאָװער, עדלשטאט און ראָזענפעלד געשאפן אן עטאפּ אין דער ייִדישער דיכטונג. זיי האָבן געבראָכן די שמאָלע דאלעדאמעס פון דער ייִדישער ליטעראטור און האָבן זי פארבונדן מיט דער אלוועלטלעכער רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראטישער און סאָציאַליסטישער פּאָעזיע. נאָך מער: אָן דער נאָװאטאָרישער דיכטונג פון אונדזערע ערשטע פּראָלעטארישע שרײַבער וואָלט א סאך שווערער און קאָמפּליצירטער געווען די אנטוויקלונג און דער אופבלי פון דער סאָוועטישער ייִדישער דיכטונג.

וואָס איז שײַעך כ. לויצקערס קאטעגאָרישער דערקלערונג, אז ביאליק „איז געווען דעריקער א העברעיִשער דיכטער לויט דער שפּראך און פאָרם (?! — ה.ר.) און א רעאקציאָנער — לויט דער אידעאָלאָגיע", איז זי שוין אויך לאנג אָפּגעפרעגט. מאקסים גאָרקי האָט גאָר אנדערש אָפּגעשאצט ביאליקס שאפונג. ער האָט געשריבן, אז ביאליק איז א גרויסער דיכטער, „א זעלטענע און פולקומע פארקערפּערונג פונעם גײַסט פון זײַן פאָלק". ניט דאָ איז דאָס אָרט צו אנאליזירן גענוי ביאליקס שאפונג, ס'איז אָבער קלאָר, אז באנוגענען זיך מיט פארעלטערטע סכעמעס און אָפּשאצונגען דארף מען ניט.

האָפשטיין איז ניט געקומען אף א ליידיק אָרט. זײַן אופטו אלס נאָװאטאָר איז באשטאנען ניט דערין, וואָס ער האָט פון גאָרניט געשאפן א נײַעם בנין. האָפשטיינס נאָװאטאָרישקײַט באשטייט דערין, וואָס ער האָט, ווי יעדער גרויסער שעפער, זיך באזירט אף דער אָנגעזאמלטער דיכטערישער קולטור, דער ייִדישער און אויך, ווי עס ווײַזט ריכטיק אָן כ. לויצקער, דער רוסישער, אוקראַיִנישער, אייראָפּעיִשער, און אויך העברעיִשער, ווען מיר צוגעבן, און אף אָט דער פעסטער און ברייטער באזע אנטוויקלט ווײַטער די מאָדערנע ייִדישע דיכטונג.

2

קעדיי צו פארשטיין די באדײַטונג פון האָפשטיינס דיכטונג, איז אָבער ניט גענוג צו באטראכטן זײַן אָרט אין פארבינדונג מיט דער דיכטערישער טראדיציע אין דער פארגאנגענהײַט. ניט וויניקער וויכטיק איז פעסטשטעלן האָפשטיינס אָרט אין דער ייִדישער דיכטונג אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט אָנגעהויבן זײַן שאפונגס־וועג.

האָפשטיין איז געקומען אין דער ליטעראטור אין פעריאָד צווישן צוויי רעוואָליוציעס. אויב פאר די יאָרן פון דער רעאקציע איז כאראקטעריסטיש ד. אײַנהאָרנס טרויעריק־בארימטע ליד וועגן „לעצטן באלטפילע", איז פאר די יאָרן פונעם נײַעם רעוואָליוציאָנערן אופשטײַג (1912—1910) כאראקטעריסטיש די שאפונג פון דער פלעיאדע יונגע פּראָזאיִקער און דיכטער: בערגעלסאָן, דער ניסטער, שווארצמאן, האָפשטיין.

איך וויל דערמיט ניט זאָגן, אז אין די ווערק פון אָט די שרײַבער האָבן זיך ניט אָפּגעשפּיגלט די שטימונגען פון די רעאקציע־יאָרן, דאָס געמיט פון געפאלנקײַט און איינזאמקײַט. נאָר פרעוואלירט האָבן אין זייער שאפונג, פון איין זײַט, שטארקע רעמיניסצענצן, דערמאָנונגען וועגן דער רעוואָליוציע פון 1905 און, פון דער צווייטער זײַט, ניט וויניקער שטארקע פאָרגעפילן, דערווארטונגען און האָפענונגען אף א נײַער סאָציאַלער רעוואָליוציע. בערגעלסאָנס „דער טויבער", דעם ניסטערס פרילינג־מײַסעלעך, שווארצמאנס און האָפשטיינס פריידיקע ליריק זײַנען געווען פילבאדײַטנדיקע אָפּטימיסטישע אָנזאָגן אף קומענדיקע סאָציאַלע ענדערונגען, דעריבער זײַנען אויך די פאָרם־דערגרייכונגען פון דער דאָזיקער גרופּע שרײַבער געווען פולשטענדיק אָריגינעל, פריש און נאָװאטאָריש.

נאָר פעסטשטעלן, אז האָפשטיין איז געווען אָריגינעלער צי טאלאנטפולער, לעמאָשל, פון אײַנהאָרנען אָדער סעגאלאָוויטשן, הייסט נאָך ניט באשטימען אין דער גאנצער מאָס דעם באטײַט פון האָפשטיינען פאר דער געשיכטע פון אונדזער דיכטונג. א סאך אינטערעסאנטער איז פונעם דאָזיקן שטאנדפּונקט צו פארגלײַכן אים מיט די אזוי־גערופענע אמעריקאנער „יונגע".

וואָס זײַנען אזוינס געווען די „יונגע" אלס גרופּע? אידייִש איז פאר זיי געווען כאראקטעריסטיש א געווויסער פּראָטעסט קעגן דערווירקלעכקײַט, „רעוואָלט", ווי זיי פלעגן זיך אויסדריקן, קעגן דעם אײַנגעשטעלטן סיידער. דער דאָזיקער פּראָטעסט האָט אָבער ניט געפונען קיין אויסדרוק אין אקטיוון געזעלשאפטלעכן קאמף. אָנשטאָט צו ענדערן די ווירקלעכקײַט האָבן זיי זיך פון איר אָפּגעקערט, אויסגעדרייט זיך צו איר מיטן רוקן. דאָס איז געווען אן אינדיווידואליסטישער פּראָטעסט, וואָס האָט זיי וואָס ווײַטער אלץ מער אויסגעליידיקט פון געזעלשאפטלעכן געפיל און האָט זיי געבראכט צו אינערלעכע נעשאָמע־גריבלערײַען, צו סימבאָליש־מיסטעריִעזע, קאָשמארפולע בילדער און זעונגען, דערצו נאָך דורכגעדרונגען מיט נאציאָנאליסטישע טענער.

אין געזעלשאפטלעך־אידייִשן זין זײַנען די „יונגע" געווען א גאנץ טיפּישע ליטערארישע דערשײַנונג אין א באשטימטער עפּאָכע, אין דער עפּאָכע פון אימפּעריאַליזם. אזעלכע דערשײַנונגען זײַנען געווען כאראקטעריסטיש אויך פאר דער רוסישער און מײַרעוו־אייראָפּעיִשער ליטעראטור.

דער פּראָטעסט פון די „יונגע" איז געווען דעריקער א ליטעראריש־עסטעטישער. די „יונגע" האָבן פּראָקלאמירט דעם קולט פון וואָרט און זײַנען ארויסגעטראָטן קעגן די בעסטע טראדיציעס פון דער ייִדישער דיכטונג, קעגן רעאליזם, קעגן אידייִשער אָנגעלאָדנקײַט. דאָס וואָרט האָט געזאָלט בא זיי פארבײַטן אלץ און ווערן א זעלבסטציל. דאָס וואָרט איז מיסטיפיצירט געוואָרן און זיך פארוואנדלט אין א מין אבסאָליוט.

בלויז די בעסטע און באַדײַטנדיקסטע פאָרשטייער פון די „יונגע", וואָס האָבן אין זייער קאָנקרעטער שעפערישער פּראַקטיק געבראָכן די טעאָרעטישע און עסטעטישע נאָרמעס און דאָגמעס פון אָט דער גרופּע, האָבן געשאַפן עכטע קינסטלערישע ווערטן. דאָס האָט זיך געלאָזט זען דעריקער נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, ווען אונטער דער ווירקונג פון דער וואַקסנדיקער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין דער גאַנצער וועלט, אונטער דער ווירקונג פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור האָבן אַזעלכע גרויסע דיכטער, ווי ה. לייוויק, מ.־ל. האַלפּערן און אויך מאַני לייב אאַ., אויסגעדריקט אין זייער שאַפונג, יעדערער אױף זײַן אויפן, גרונט־פּראָבלעמען פון דער עפּאָכע.

צום אונטערשייד פון די „יונגע" איז האָפּשטיינס דיכטונג אינגאַנצן פרעמד יעדן מין דעקאַדענטישער טענדענץ. האָפּשטיין טראַכט אַפילו ניט וועגן לויפן פון דער ווירקלעכקײַט ערגעץ אין ווײַטע אוילעמעס. פונקט פאַרקערט: דער דיכטער דערקלערט גאַנץ קאַטעגאָריש: „איך בין, מײַן וועלט, אַפסניי צו דיר געקומען!". דאָס איז זיכער אַ פּאָלעמישער אַרויסרוף דער דיכטונג, וואָס אַנטלויפט פון דער וועלט, דער דעקאַדענטישער ליטעראַטור, דער סימבאָליסטישער, אַקמעיִסטישער, קובאָפוטוריסטישער, עגאָפוטוריסטישער דיכטונג, וואָס רופט און פירט צו עגאָצענטרישער און אינזיכיסטישער זעלבסט־גריבלערײַ. שטאָט און דאָרף, ערד און פאָלק — אָט דאָס זײַנען האָפּשטיינס טעמעס. און זיי זײַנען אַוואַדע געווען נײַ און נאָוואַטאָריש אין פאַרגלײַך מיט דער ליטעראַטור פון נאַכט און טויט, פון וואַנזין און קאָשמאַר, פון פּעסימיזם און אויסזיכטלאָזיקײַט.

## 3

עס איז קעדײַ צו פאַרצייכענען, אַז אַלע לאָקאַלע טעמעס: שטאָט און דאָרף, נאַטור און ליבע, אַרבעט און שאַפונג — דאָס אַלץ באַקומט בײַ האָפּשטיינען אַ מין פילאָסאָפישע פאַראַלגעמיינערונג אין איין גרויסער אוניווערסאַלער טעמע: וועלט און לעבן. „מײַן וועלט" — אַזוי הערשעריש דעקלאַרירט האָפּשטיין זײַן באַציִונג צו דער וועלט. דער באַגריף וועלט קומט אין די סאַמע פאַראַנטוואָרטלעכע דיכטערישע דערקלערונגען בײַ האָפּשטיינען, און מערסטנטייל אין דער באַגלייטונג פונעם באַגריף לעבן. די ליד „דאָרט איבער שטעט האָט שוין געקלונגען..." פאַרענדיקט דער דיכטער מיט די פילבאַדײַטנדיקע שורעס: „כ'האָב אײַנזאַם פרײַ שוין דאַן געוואַרט בײַ לעבנס־טיר, בײַ וועלטנס־טויער".

קימאַט אין יעדער ליד האָפּשטיינס טרעפן מיר דעם דאָזיקן באַגריף. דאָס איז דער צענטראַלער מאָטיוו פון זײַן דיכטונג. דער באַגריף און דער מאָטיוו וועלט טראָגט בײַ אים אַ באַשטימטן פילאָסאָפישן אינהאַלט און אַ סינטעטיש־פאַראַלגעמיינערנדיקן באַדײַט, ניט פאַרלירנדיק דערבײַ זײַן קאָנקרעטקײַט.

קעדיי צו באַשטעטיקן אָט דעם געדאַנק, וועט זײַן גענוג צו ברענגען בלויז אַ פּאָר בײַשפּילן, וואָס כאַראַקטעריזירן גאַנץ דײַטלעך די פונקציע פון דעם באַגריף וועלט אין דאָוויד האָפּשטיינס שאַפונג. דער דיכטער שטעלט די פראַגע גאַנץ קאָנקרעט: „ווי ענדערט מען די וועלט! פאַרוואָס, פאַרוואָס אַזוי פּאַמעלעך? ווי לאַנג נאָך, אָ, ווי לאַנג! ווי מאַכט מען ענלעך אָט דאָס גרויסע רויע פעלד, ווי מאַכט מען ענלעך אָט די רויע שווערע וועלט צו דעם, וואָס איז אונדז אין דער שיינער וועלט באַקאַנט...", און ווידעראַמאָל די פראַגע: „ווי ענדערט מען די וועלט?" וועגן דעם האָב איך שוין פריִער געזאָגט, אַז וועלט גייט בײַ אים באַנאַנד מיט לעבן. צו דעם וועל איך איצט צוגעבן, אַז וועלט און לעבן זײַנען אין האָפּשטיינס דיכטונג פאַרבונדן מיט דעם נאָך קאָנקרעטערן באַגריף ערד, וואָס ווערט אויך פאַרוואַנדלט אין אַ לייטמאָטיוו („און ס'איז מײַן ערד, מײַן פעלד אַ וועלט די גרייס, אַ וועלט די ברייט", „אין מיט פון ערד, פון וועלט" אאַוו., אדג.).

די נײַקײַט פון טעמע איז אַוואַדע אַ סימען פון נאָוואַטאָרישקײַט. אָבער דאָס אַליין וואָלט נאָך געווען ניט גענוג. דאָ איז וויכטיק ניט נאָר די נײַע טעמע, נאָר די פּסיכאָלאָגישע און עמאָציאָנעלע באַאַרבעטונג, דער אויפן פון אויפנעמען און קינסטלעריש פאַרקערפּערן די ווירקלעכקײַט. האָפּשטיינס ליד איז ניט נאָר נײַ לויט דער טעמע, זי טראָגט מיט זיך אַ נײַעם אָטעם, נײַע שטימונגען פון מוט און פרייד, ליכט און שײַן:

איך בין, מײַן וועלט, אַפסנײַ צו דיר געקומען!
איך האָב מיך קוים מיט ברעג פון נאַכט געזעגנט,
האָט שוין מײַן אויג מיט העלער שײַן באַרעגנט
דעם ברייטן גלאַנץ פון דײַנע הויכע זײַלן!..
איך בין, מײַן וועלט, אַפסנײַ געקומען
אַ טאָג אַ ליכטיקן בײַ דיר פאַרווײַלן.

אַפסנײַ האָב איך הײַנט אָנגעקלונגען
אין גרויסן גלאָק באַם דורכזיכטיקן טויער,
מיט נײַער פרייד האָט נאָכגעזונגען
דעם לויטער־קלאַנג מײַן ציטעריקער אויער...
פון ענגער שטײַג פון שטײַפע ריפּן
מײַן האַרץ זיך רײַסט מיט מונטערדיקן קלאַפּן,
מיט דאָרשט זיך ציִען מײַנע ליפּן
נאָך יעדן לופטיקן פרימאָרגעדיקן טראָפּן,
עס קלינגט מײַן צונג, עס שאַלט מײַן גומען:
איך בין, מײַן וועלט, אַפסנײַ צו דיר געקומען![1]

דאָס איז אַ דיכטערישער מאַניפעסט פון יוגנטלעכער מונטערער פרייד, פון זיכערן גלויבן אין לעבן, אין מענטשן, אין וועלט. די גאַנצע דיכטערישע שפּראַך־סימבאָליק, די פּאָעטישע וואָרט־סטיכיי, די עפּיטעטן־סיסטעם, די מעטאַפאָרישע בילדערישקײַט פון דער ליד איז פול און איבערפול מיט קלאָרזיכטיקע קינסטלערישע וויזיִעס. און ווי אַ קרוין פון די ליכטיקע געפילן — דער פרײַער, דער מעכטיקער אויסגעשריי: „עס קלינגט מײַן צונג, עס שאַלט מײַן גומען" — צי איז דאָס ניט קיין נײַער, נאָוואַטאָרישער אופטו אין דער ייִדישער דיכטונג פונעם אָנהייב יאָרהונדערט?

דרײַ מאָל כאַזערט איבער האָפּשטיין (דער לאַקאָנישער און שפּאָרעוודיקער דיכטער!) די שורע: „איך בין, מײַן וועלט, אַפסנײַ צו דיר געקומען!". דער באַגריף נײַ ווערט די צענטראַלע מוזיקאַלישע טעמע פון דער ליד. עס קאָן קיין ספק ניט זײַן, אַז נײַקײַט איז די פאָן פון האָפּשטיינס דיכטערישער וועלט.

נאָר עפּשער איז דאָס אַ פאַרבײַגייענדיקער מאָטיוו אין דאָוויד האָפּשטיינס שאַפונג?

---

[1] דאָוויד האָפּשטיין. אויסגעוויילטע ווערק. מאָסקווע, פאַרלאַג „דער עמעס", 1948, ז. 18. ווײַטער ווערן אַלע ציטאַטעס פון האָפּשטיינען געגעבן לויט אָט דער אויסגאַבע, מיט דער באַצייכענונג פון די זײַטן אין טעקסט. אומעטום מײַן אונטערשטרײַכונג. — ה.ר.

נײן! מיט דעם זעלבן גײַסט אָטעמען אויך אַנדערע לידער האָפשטײנס:

די זון האָט הײַנט צום נײַעם פאַנצער מײַנעם
די לעצטע גאָלדענע ליסקע צוגעלײגט
און מיר פאַרמישט פון קישעף־װײַנען
א בעכער פרײד...

— — — — — — — — — — — —

דאָס װיפלטע שוין מאָל? איך װיל ניט
צײלן —
איך בין הײַנט אָנגעגורט מיט זונען־שײַן,
איך גײ אָן מוירע הײַנט אין אַלע שװאַרצע
הײלן
פון װעלט און זײַן...

(ז. 19).

„איך גײ אָן מוירע" — צי הערט זיך שוין דאָ ניט דער אָנזאָג פון דעם קומענדיקן אויסרוף: „מיר גײען אין דײַנע פאַרנטיקע רײען..."?

נאָך בולעטער אַנטפּלעקן זיך האָפשטײנס דעמאָקראַטישע, אָפּטימיסטישע טענדענצן אין זײַנע קאָנקרעטע הויפּט־טעמעס: שטאָט און דאָרף. קעדײ צו באַװײַזן האָפשטײנס אידײיִש־קינסטלערישע אינטערפּרעטאַציעס פון די דאָזיקע נײַע אין דער יִדישער דיכטונג טעמעס, װעל איך נעמען בלויז צװײ באַװוּסטע לידער: „שטאָט" און „אין װינטער־פאַרנאַכטן אויף רוסישע פעלדער". אָט די צװײ דיכטערישע װערק זײַנען אַזוי ברײט באַװוּסט, אַז ביז הײַנט זײַנען זײ געבליבן אויסער יעדן אַנאַליז און װערן אַמאָל אַפילו אינטערפּרעטירט גאַנץ אויבערפלעכלעך, ביז פּאַשעטער באַנאַליטעט. אײגנטלעך, איז מען װײַטער פון דער באַהויפּטונג, אַז „אין װינטער־פאַרנאַכטן" איז אויסגעדריקט דער געפיל פון אײנזאַמקײַט און אין „שטאָט" — דער מאָטיװ פון אורבאַניזם, נאָך ניט געגאַנגען. דאָס איז אָבער ביז גאָר װײניק, אַזוי װײניק, אַז ס'װערט פאַראַרעמט דער פילאָסאָפישער און אידײיִשער אינהאַלט, דער אַבסאָלוט נאָװאָטאָרישער כאַראַקטער פון אָט די קלאַסישע װערק האָפשטײנס.

אין דער ליד „אין װינטער־פאַרנאַכטן אויף רוסישע פעלדער" איז אויסגעדריקט דער מאָטיװ פון אײנזאַמקײַט און עלנט. דאָס איז ריכטיק. דער דאָזיקער מאָטיװ איז אָבער ניט פאַרבונדן מיט געפאַלנקײַט און אויסזיכטלאָזיקײַט. פאַרקערט: דער דיכטער דריקט אויס אומצופרידנקײַט מיט דער סאָציִאַלער אָרדענונג און מיט די אומשטענדן, װאָס פאַרורטײלן דעם מענטשן אויף אײנזאַמקײַט. „פון פאַרנט פאַרשפרײט זיך א מידבער א װײַסער...". דער „װײַסער מידבער" װערט א מין סימבאָל פון דעם גאַנצן צאַרישן רוסלאַנד. דערמיט שליסט זיך אײַן דער דיכטער אין דער טראַדיציע פון דער דעמאָקראַטישער רוסישער ליטעראַטור, װאָס האָט שטענדיק אויסגעדריקט דעם צװײיענדיקן געפיל: ליבע צום הײמלאַנד און פּראָטעסט קעגן די, װאָס פאַרשקלאַפן דאָס געליבטע הײמלאַנד. „כ'האָב ליב מײַן הײמלאַנד, נאָר מיט א מאָדנער ליבע!" — דערקלערט לערמאָנטאָװ...

אין האָפשטײנס ציקל „אין װינטער־פאַרנאַכטן" איז פאַראַן, כוץ מאָטיװ פון אײנזאַמקײַט, כוץ די געפילן פון ליבע צום הײמלאַנד און פּראָטעסט קעגן דער אומגערעכטיקער סאָציִאַלער װירקלעכקײַט, אויך דער מאָטיװ פון בענקען און טרוימען װעגן א נײַ לעבן, װעגן אַן אַנדער װירקלעכקײַט: „און בענקען און שװײַגן פון פעלדער פון ברײטע, פון װעגן און װעגלעך פאַרשנײטע, פאַרװײטע... און טראָגן אין האַרצן פאַרבאָרגענע װײען פון זוימען, װאָס װאַרטן און װאַרטן אויף זײען..." (ז. 22).

אין אַן אַנדער ליד פון דעם ציקל רעדט האָפשטײן װידער װעגן דער אײנזאַמקײַט, װעגן „אײנס א דערפעלע", װאָס איז פאַרזונקען „אין טהאָם פון נאַכט, אין לאַנד פון שנײ". דאָ איז באַזונדערס בולעט אויסגעדריקט די שטימונג פונעם דיכטער צו קעמפן און אויסקעמפן נײַע װעגן, צעברעכן די צוימען פון אײנזאַמקײַט, צו װאַרפן „א שאַרפן בליק אין װײַטסטע װײַטן".

די טרוימען װעגן א נײַ לעבן זײַנען ביז דער רעװאָלוציע געװען ניט קײן קאָנקרעטע, ניט קײן באַשטימטע. דאָס זײַנען געװען בלויז „פאַרבאָרגענע װײען", בלויז „זוימען, װאָס װאַרטן און װאַרטן אויף זײען". אָבער דאָס זײַנען שוין געװען זוימען, װאָס האָבן געקאָנט געבן א גערעטעניש!

צי האָט דאַן האָפשטײן געזען אַן אויסװעג, אָדער — צי האָט ער, לעכאָלהאַפּאָכעס, געזוכט אַן אויסװעג?

די שאַפונג פון יעדן באַדײַטנדיקן קינסטלער באַשטײט ניט פון צעדריבלטע טעמעס און מאָטיװן, װאָס טראָגן א צופעליקן כאַראַקטער. דער דיכטער „שפּיגלט" ניט אָפּ אַלץ, װאָס ער באַגעגנט אויף זײַן װעג. די שאַפונג פונעם קינסטלער שטעלט מיט זיך פאָר אַן אינערלעכע, טיף פאַרבאָרגענע אײנהײַט, װאָס דרינגט דורך אַלע זײַנע װערק און אַנטפּלעקט זײַן קינסטלערישע אינדיװידואַליטעט, זײַן סטיל, אָדער, װי בעלינסקי פלעגט זיך אויסדריקן, — זײַן פּאַטאָס. די קינסטלערישע אײנהײַט איז ניט קײן גלײַכמעסיקע אַנטװיקלונג, ניט קײן גראָדע ליניע. פאַרקערט, זי איז דורכויס זוכעריש, פול מיט זיגזאַגאַרטיקע אָפּװײַכונגען. זי װײסט ניט און אַנערקענט ניט קײן סכעמעס, צוגעגרײטע שאַבלאָנען. דעריבער איז אוממעגלעך זיך פאָרשטעלן אַן עכטן קינסטלער, װאָס זאָל ניט זײַן אײנצײַטיק אַן עכטער נאָװאַטאָר. נאָװאַטאָרישקײַט איז אין טאָך דער ערשטער סימן פון קינסטלערישער אײנהײַט.

אויב עס גײט א רײד װעגן א ליריקער און, באַזונדערס, װעגן אַזאַ ליריקער, װי האָפשטײן, איז די קינסטלערישע אײנהײַט גאַנץ שװער צו אַנטפּלעקן, אויף װיפל די ליריק דריקט אויס ניט קײן פאַנאַנדערגעװיקלטע און פאַרענדיקטע עמאָציעס און בילדער, נאָר טיף פאַרבאָרגענע אינערלעכע געפילן און איבערלעבונגען, װאָס דוכטן זיך אויס אָפּגעזונדערט אײנער פונעם צװײטן, איזאָלירט און צעפאַלן. די קינסטלערישע אײנהײַט פון דעם ליריקער װערט אַנטפּלעקט מערסטנטײל ניט מיטאַמאָל, נאָר בהדרגהדיק, אין פאַרלויף פון א מער װײניקער דויערנדיקער צײַט.

האָפשטײנס אינערלעכע קינסטלערישע אײנהײַט באַשטײט אין דעם צוזאַמענהאַנג, אין דער ענגער פאַרבינדונג פון זײַנע אידײיִש־פילאָסאָפישע טעמעס, אין דער עװאָלוציע פון זײַנע זוכונגען. אין דער דאָרפישער טעמע איז שוין געװען דער עמבריִאָן פון נײַע קערן און װענדונגען בײַ דעם דיכטער. דער „שטאָלצער טרויער", דער „מוט פון יענער נאַכט" האָט געצװוּנגען אַװעקגײן פון „אײנס א דערפעלע" און זיך לאָזן „אויף װעגן, אויף װאַנדער, אויף װאָגל".

דאָ קומט פאָר די קינסטלערישע איבערגעשטאַלטונג פונעם אײנזאַמען טרוימער און פּאַסיװן דענקער אין א דערפעלע, װאָס איז פאַרזונקען „אין טהאָם פון נאַכט, אין לאַנד פון שנײ", — ביז א װאַנדערער, װאָס האָט

זיך געלאָזט זוכן נייַע וועגן. עס איז פאַראַן די פאַרבינדונג צווישן די צוויי לירישע געשטאַלטן, צווישן דעם טרוימער און דעם וואַנדערער, אין דעם זוכערישן גייַסט בא ביידע, אין דער שטרעבונג צו נייַעם און אין דער אומבאַשטימטקייַט פון די זוכונגען און טרוימען. ביידע טראָגן זיי אף זיך אייגנע און די זעלבע לאַסט. דאָרטן, אין דאָרף, האָט דער טרוימער געטראָגן „אין האַרצן פאַרבאָרגענע ווייען פון זוימען, וואָס וואַרטן און וואַרטן אף זייען...“ איצט, אין דער נייַער פאַרוואַנדלונג פון א גייער, א וואַנדערער, דערקלערט דער לירישער העלד: „איך האָב אף מייַן אַקסל א מאַסע גענומען פון זוימען באַפייַכטע מיט האַרבסט־טויען קאַלטע“.

כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם געשטאַלט פונעם וואַנדערער איז די צעצווייטקייַט: פון איין זייַט, פילט ער זיך נאָך פרעמד אין דער וועלט; עס ליגט נאָך אף אים די לאַסט פון „זיידנס יערושע, מיט שטעקן מיט אַלטן, מיט אַלטן פאַרשטויבטן, פאַרשרומפּענעם לאָגל“, און אין דער זעלבער צייַט דערטראָגט זיך צו אים „א העל געזאַנג: — עס הייבט אָן טאָגן!“ „און ווען מייַן האַרץ מייַן מידס האָט קוים געטראָגן פון אָנווייגן דעם אַל, האָט עס דערהערט בא ראָזער שייַן פון טאָגן א לויטער קאָל: — דו וועסט דערטראָגן!..“ (ז. 14).

און נאָך מער — ניט נאָר דערטראָגן, נאָר איבערגעשטאַלטיקן דאָס לעבן, אָפּראַמען דעם קויט פון דער ערד און שאַפן א נייַע וועלט, א נייַ לעבן אף דער ערד: „איך גלייב, ס'איז מיר באַשערט אף מייַן יערושע־ערד דעם אַש פון אַלע סרייפעס אויסצוראַמען און אָט די ערד אָפּסנייַ פאַרצאַמען“.

4

האָפּשטיינס ליריק האָט מיטן אָנקום פון דער רעוואָלוציע זיך אַנטוויקלט ווייַטער אין דער ריכטונג צו א נייַער סטאַדיע. עס איז ניט ריכטיק די אויבערפלעכלעכע באַהויפּטונג, אַז דער דיכטער האָט קלוימערשט זיך דערשראָקן פאַר דער רעוואָלוציע און איז אַרייַנגעפאַלן אין א שווערן קריזיס. דאָס אַנטשפּרעכט ניט דעם כאַראַקטער פון האָפּשטיינס שאַפונג ביז און נאָך דער רעוואָלוציע.

פאַר די פינף ביזאַקטיאַבערישע יאָרן האָט האָפּשטיין אין זייַן דיכטונג געשאַפן א טיפּ פון א ייִדישן פאָלקסדעמאָקראַט, וואָס האָט געזוכט דעם וועג צו א נייַ לעבן און צו פרייַהייַט פאַרן פאָלק. די טרוימען זייַנען אַמאָל געווען אומבאַשטימטע און האָבן זיך אַנטפּלעקט ווי די „בלוי פון מייַנע טונקעלע פאַרטאָגן“, אָדער ווי א „העלינק טעלערל פון הימל“. אָבער די שטרעבונגען צו א נייַער וועלט זייַנען געווען טיף אַקצענטירט און גענוג בוילעט.

די רעוואָלוציע האָט האָפּשטיין אויפגענומען ווי אַן אויפרייַסנדיקע קראַפט, וואָס צעשטערט דאָס פּאַטריאַרכאַלע לעבן, דעם אַלטן פאַרגליווערטן שטייגער, די פּראָווינציעלע אָפּגעשטאַנענקייַט און שאַפט נייַע באַציִונגען צווישן מענטשן. דער דיכטער פאַרבינדט צום אָנהייב די טעמע רעוואָלוציע מיט דער טעמע שטאָט (אין די לידער פונעם ציקל, וואָס טראָגט דעם דאָזיקן נאָמען). אָט דאָ, אין ווירבל פון קאָכיקן שטאָטישן לעבן, באַהעפט זיך האָפּשטיינס ליריש געשטאַלט צו דעם רעוואָלוציאָנערן גאַנג פון די מאַסן: „שטאָט! אף דייַנע פאַרצאַמטע געפּלאַסטערטע וועגן האָב איך זיך געלערנט דערוועגן און וועלן, און אונטער די וועלטישע קוואַלן מיט אַלע, מיט אַלע די קרוגן צו שטעלן... מייַן אָטעם מייַן שטילן צונויפגעהויכט האָב איך מיט אָטעמס פון מענגען, דעם גלי פון מייַן ווילן צונויפגעפלאַמט האָב איך מיט פלאַקערס פון ערדן, מייַן שאַרף גלאַנצט זיך איבער אין בלאַנקען פון שווערדן, אין קלאַנגען פון לענדערשע גלעקער זיך קלינגען שוין איבער די שטיקער פון קופּער פון מייַנעם, פון קופּער פון רויטן, פון אַלטן“ (זייַט 56). און אין אָט דעם קאַמף פון די מאַסן איז ער גויווער די שטימונגען פון עלנט און דערשלאָגנקייַט: „שטאָט! די שיף פון מייַן עלנט האָסטו אין דייַן האַפן באַהאַלטן“. נאָך איידער עס זייַנען געשאַפן געוואָרן „פּראָצעסיע“ און „אָקטאָבער“, האָט האָפּשטיין שוין הויך און דרייסט, אין א שאַרף אָריגינעלער פאָרם, אויסגעשריגן זייַן פרייד אין צוזאַמענהאַנג מיט דער רעוואָלוציע. און אין דער קריטיק באַטראַכט מען נאָך ביז היינטיקן טאָג דעם ציקל „שטאָט“ אַלס מוסטער פון... אַליטעראַציע!

„פּראָצעסיע“ און „אָקטאָבער“ זייַנען בא האָפּשטיינען ניט די איינציקע לידער וועגן דער רעוואָלוציע. אַלע זייַנע ווערק זייַנען אין דער אָדער יענער מאָס געווידמעט דעם קאַמף פאַר א נייַער וועלט. דאָס זייַנען לידער, ווו די נייַע געזעלשאַפטלעכע באַציִונגען זייַנען פאַרקערפּערט דירעקט און אומיטלבאַר, לידער, ווו די רעוואָלוציאָנערע טעמע ווערט אויסגעדריקט דורך געוויסע בילדערישע פאַרמיטלונגען, דורך פילאָסאָפישע פאַראַלגעמיינערונגען און סימבאָליזירונגען („ווי שאַרף פון שווערד“, „רויטע בליטן“, „צום נייַעם קנויט“, „העלער ווונדער“, „מיר שטאַמען פון פעלדזן“, „שטראָמען“, „שנייען“, „ווען ס'קריצן ציין“, „צווישן וואַלגער־שטיינער“ און אַנד.).

פאַראַן אָבער אין האָפּשטיינס שאַפונג בייס די רעוואָלוציע־יאָרן אויך ווערק, ווו עס קומען צום אויסדרוק ניט בלויז פרייד און באַגייַסטערונג, נאָר אויך שווערע און ווייטעקדיקע שטימונגען, וואָס זייַנען פאַרבונדן מיט די פּאָגראָמען בייסן בירגערקריג. בעשייַטע זייַנען די דאָזיקע ווערק קוואַליפיצירט געווען אַלס נאַציאָנאַליסטישע. ס'איז טאַקע עמעס, אַז אין דער ליד „אוקראַינע“, לעמאָשל, וואָס איז געווען אַן אומיטלבאַרער פּראָטעסט קעגן פּאָגראָמען, האָט דער דיכטער דערלאָזט אַן אידייִשן פעלער. דאָך איז קלאָר, אַז האָפּשטיין מיט זייַן גרויסער ליבע צום היימלאַנד, צו מאָסקווע, צו רוסלאַנד, צו אוקראַינע, האָט געהאַט אינזינען אין דער ליד ניט דאָס אוקראַינישע פאָלק, נאָר אויסשליסלעך די קאָנטררעוואָלוציאָנערע ווייַסגוואַרדייִשע באַנדעס. אף וויפל אָבער עס ווערט אין דער ליד גערעדט וועגן אוקראַינע, האָט דאָס אָפּגעקלונגען מיט א נאַציאָנאַליסטישן בייַגעשמאַק. די סאָוועטישע קריטיק האָט דאַן אויפגעדעקט דעם דיכטערס פעלער. אַזעלכע לידער זייַנען אין האָפּשטיינס שאַפן עפּיזאָדן, וואָס קאָנען איצט, אין דער שייַן פון דער היסטאָרישער דערפאַרונג און פון דעם דיכטערס עוואָלוציע, ניט פאַרשטעלן פאַר אונדז דעם פאַקט, אַז האָפּשטיין איז א דיכטער פון דער רעוואָלוציע, א גרונטלייגער פון דער נייַער סאָוועטישער דיכטונג. האָפּשטיין אַליין האָט כאַראַקטעריזירט זייַן דיכטעריש געמיט אין די ערשטע יאָרן פון דער רעוואָלוציע ווי „ווײ און מוט“: „ס'איז הייס דאָס האַרץ, עס טרייַבט דאָס בלוט, עס גליט פון ווײ, עס בליט פון מוט, און ווײ און מוט איצט קאָן איך ניט צעטיילן!“ (ז. 114).

אָט דאָס איז דער אויפריכטיקסטער אויסגעשריי פון דעם דיכטער, וואָס האָט שרעקלאָז איבערגעגעבן דעם

פסיכאָלאָגישן צושטאנד פון די סאמע ברייטסטע פאָלקסמאסן אין דער רעוואָליוציע. און טאקע דערפאר האָט האָפשטייגען זיך איינגעגעבן צו שאפן אין יענע יאָרן איינע פון זיינע שטארקסטע ווערק „טריסטיאַ“.

„טריסטיאַ“ איז דאָס ווערק פון „וויי און מוט“. דאָ האָט האָפשטיין אף אן אלעגאָרישן אופן, קאָן זיין עפּשער צו פּעסימיסטיש, אָבער גאָר טיף און דורכדרינגלעך, פארקערפּערט די פּראָבלעם פון טראגישער בלוטפארגיסונג, פון מענטשלעכע קאָרבאָנעס — די פּראָבלעם, וואָס איז פארבונדן מיט דעם היסטאָרישן גאנג פון דער מענטשהייט.

עס קאָן קיין סאָפעק ניט זיין, אז אין „טריסטיאַ“ איז פאראן אויך דער נאציאָנאלער מאָטיוו. זיכער איז אָבער, אז אין דער פּאָעמע איז די פּראָבלעם א סאך ברייטער און טראָגט אן אלמענטשלעכן כאראקטער. דאָס איז א פּראָבלעם פון טראגישן קאמף פאר א נייער וועלט, דאָס הייסט, אין לעצטן סאכאקל, די וויכטיקסטע פּראָבלעם פון דער רעוואָליוציע.

## 5

וועגן האָפשטיינס מייסטערשאפט האָט אונדזער סאָוועטישע קריטיק, אויסער איניקע אין טאָך פאָרמאליסטישע באָבאכטונגען וועגן דער זעלבער „אליטעראציע“, נאָך קיין וויכטיקע פעסטשטעלונגען ניט געמאכט. דאָבּרושין האָט דאָ דער ערשטער פארלייגט א גאנץ געלונגענעם אָנהייב, וואָס האָט געקאָנט געבן גוטע רעזולטאטן, ווען ער זאָל געווען פּרוכטבאר פאָרגעזעצט ווערן. נאָך אין ערשטן זאמלבוך „אופגאנג“ (קיִעוו, 1919) האָט דער קריטיקער אין זיין ארטיקל „דריי דיכטער“ גאנץ טרעפלעך באמערקט, אז „דאָס אויג, האָפשטיינס ריִע, איז איינע פון די הויפּט־מיטלען פון זיין קינסטלערישער אופּאסונג“. צום באדויערן, איז די דאָזיקע טרעפלעכע און ריכטיקע באמערקונג ווייטער אנטוויקלט געוואָרן אף א פאלשן וועג פון פאָרמאליסטישע האשאָרעס וועגן דעם, אז האָפשטיין „נוצט דעם דאקטילישן פילזילביקן מעטער מער, איידער דעם כאָריייִשן און יאמבישן, וואָס ער צאמט שטענדיק מיט צעזורן, מיט א פארגרעסערטער און פארקלענערטער צאָל זילבן און שורעס“. אזא צוגאנג האָט אין א באשטימטער מאָס קאליע געמאכט דעם אינטערעסאנטן ארטיקל פונעם דאן יונגן קריטיקער דאָברושין וועגן דעם דאן יונגן דיכטער האָפשטיין.

זען איז בא האָפשטיינען ניט קיין פאָרמעל קינסטלעריש מיטל, און אוואדע שוין ניט קיין פאָרמאליסטישער קונץ פון פארבלענדן מיט אויסטערלישע טריוקן. זען, קוקן — דאָס איז באם דיכטער א שעפערישער מעטאָד, אן אידייִשער צוגאנג אופצונעמען, אנטפלעקן דאָס לעבן און אופדעקן, ווייזן זיין טאָך. האָפשטיינס מאָלערישער רעאליזם איז רייך און פארביק, פול מיט לעבן, מיט דעטאלישער קאָנקרעטקייט:

עס זיינען פארפולט שוין די פעלדער מיט שיין
און גייען שוין איבער;
און וואלדישע ברעגן ניט האלטן שוין איין —
און זון גייט אריבער.

און ס'העלן זיך וועלדער פון בערגל ביז טאָל,
און ס'בלייכן זיך מאָכן.
און ס'זיינען שוין זוניקע פלעקן אָן צאָל
אהין אויך פארקראָכן (ז. 28).

בא דער גאנצער נייקייט פון דער פּאָעטישער שפּראך און פארב האָבן מיר דאָ צו טאָן ניט מיט קיין אָפּלייקענונג פון דער רעאליסטישער קונסט פון די פריִערדיקע טקופעס און אויך ניט מיט קיין איבערכאזערונג. האָפשטיינס דיכטערישער מעטאָד איז אן אויסדרוק פונעם רעאליזם פון צוואנציקסטן יאָרהונדערט, וואָס איז באַרייכערט מיט די נייע פּאָזיטיווע דערגרייכונגען פון דער קונסט, לעמאָשל, פון דעם אימפּרעסיאָניזם, פון זיינע אנטפלעקונגען אין געביט פון דעטאלן־מאָלעריי און באזונדערס אין דעם שאפן די קאָלאָריטן, די ניואנסירטע פארבן־שפּיל: „ס'העלן זיך וועלדער“, „ס'בלייכן זיך מאָכן“ — דאָס זיינען רעאליסטישע אימפּרעסיאָניסטישדיגע קאָלאָריטפולע פייזאזשן. ווען האָפשטיין וויל געבן א בילד פון שניט, פון ארבעט, פון פּרוייִשער מי אפן פעלד אין א הייסן טאָג בייסן אראָפּנעמען די גערעטעניש, שאפט ער דאָס דאָזיקע דינע קאָלירן־בילד אין פיר שורעס:

גיי איך ארום מיט פארהייטלטע בליקן
אין כוואליעס פון היץ,
אין זאנגישע גאָלדן זיך טוקן
פלעקן פון ציץ... (ז. 29).

די מאָלערישע דעטאלן — „פארהייטלטע בליקן“, „כוואליעס פון היץ“, „זאנגישע גאָלדן“, „פלעקן פון ציץ“ — דאָס אלץ שאפט א רעאליסטיש קאָנקרעט בילד.

מעלאָדיק, מוזיקאלישקייט איז אין דער ייִדישער דיכטונג געווען אנטוויקלט אויך ביז האָפשטיינען. אין דער שאפונג פון די פּראָלעטארישע דיכטער, בא פּערעצן, בא פרוגן, בא רייזענען זיינען אָפּגעהיט געוואָרן די פּרינציפּן פון ריטמיק, פון מעטריק, פון גראם, אפילע פון אליטעראציע. אָבער מאָלערישע בילדערישקייט, דיכטערישע דעטאלן־מאָלעריי, פּסיכאָלאָגישע, קאָלאָריטפולע פייזאזשן, רעאליזם, באַרייכערט מיט דינער עמאָציאָנעלער אָנגעזעטיקטקייט פון אימפּרעסיאָניסטישער קונסט, — אָט דאָס איז האָפשטיינס נאָוואטאָרישער אופּטו.

און דערמיט קאָן עפּשער אין א באשטימטער מאָס דערקלערט ווערן אויך דער אינערלעכער געבוי פון האָפשטיינס פּערז און סטראָפע. דאָס איז אין א ריי פאלן ניט קיין קאנאָניזירטע פירשורעדיקע קאָמפּאָזיציע מיט א נאָכאנאנדיקן אָדער איבערגעקרייצטן גראם, נאָר אינגאנצן א נייע אינסטרומענטירונג פון דער שורע, וואָס גיט איבער ניט בלויז א ריטמיש־מוזיקאליש געמעל, נאָר אויך א רעאליסטיש־קאָנקרעט בילד אָדער א פּסיכאָלאָגיש־עמאָציאָנעלן צושטאנד. „שטאָט! אף שיף פון מיין עלנט בין איך אין דיין האפן געקומען!“ — דאָ פילט זיך די גערעדטע שפּראך, די ווענדונג, דער אויסרוף.

אָדער: „ווי טרויעריק זיס איז מענטש צו זיין! זיין אלט נאָר פינף כאָדאָשים. אין וויכן קעפל פארמאָגן א פּיצעלע באוווסטזיין־נעפּל, אף האלדז — א בייגעלע א ביינערנס, אף לייב — א העמדעלע מיט בענדעלעך מיט פּיינע, א מיילעכל א פולס מיט א שטומער זויגן־טייַנע...“ (ז. 48) — דאָס איז א מאָנאָלאָג, ווו עס איז ניט אומעטום אָפּגעהיט דער גראם און קימאט פארלאָרן דער ריטם, די געמאָסטנקייט, און דאָך זיינען איינגעהיט די הויפּט־שטריכן פון דער פּאָעטישער שפּראך.

האָפשטיין איז דער גרויסער מייסטער און אנטדעקער פון פאָרם־נייקייטן אין דער ייִדישער דיכטונג פונעם צוואנציקסטן יאָרהונדערט.

כאַראַקטעריסטיש פאַר האָפּשטיינס דיכטונג איז די אָרגאַנישע איינהייט פון דעם אינטים־לירישן און דעם ליריש־פילאָסאָפישן און סאָציִאַל־היסטאָרישן. דערמיט איז פאַרבונדן אַ טשיקאַווער פאָרמעל־זשאַנרישער פּאַראַדאָקס פון זיין דיכטונג. די אינטים־לירישע טעמע פאָדערט געווײנלעך די זשאַנרישע פאָרם פון דער לירישער מיניאַטיור, וואָס איז אַמערסטן צוגעפּאַסט איבערצוגעבן דאָס טיף פּערזענלעכע, די פאַרבאָרגענע און אַמאָל אַפילו אונטערבאַוווסטזיניקע כאַאָטישע געפילן, בײַס די סאָציִאַל־היסטאָרישע אידייען, די געזעלשאַפטלעכע פּראָצעסן און דערשײַנונגען באַקומען זייער פולסטן אויסדרוק אין גרויסער פּאָעטישער פאָרם, אין דער פּאָעמע, אין דער דיכטערישער עפּאָפּיי. האָפּשטיין, וואָס האָט אין זײַן דיכטונג אַלס קלאַל פאַרקערפּערט דעריקער געזעלשאַפטלעכע און היסטאָרישע פּראָבלעמען (האַגאַם אין זײַן פּרעכטיקן לידער־ציקל „זונען־שלייף״ טרעט ער אַרויס אַלס נאָוואַטאָר אויך אויפן געביט פון ליבע־ליריק), האָט אָבער ניט געשאַפן קיין איין עפּיש ווערק. ער איז שטענדיק געבליבן דער ליריקער.

האָפּשטיין איז אין זײַנע קינסטלערישע זשאַנרען געווען אַ טיפּישער פּאָעט פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, ווען די דיכטונג האָט אין טאָך זיך אָפּגעזאָגט פון דער סוזשעטיש־דערציילערישער פּאָעמע מיט איר סטרוקטורישער קאָמפּליצירטער פילפלאַנעוודיקײַט און ברייטע שטייגערישע און פּסיכאָלאָגישע שילדערונגען. די באַדײַטנדיקסטע רוסישע דיכטער פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט (בלאָק, מאַיאַקאָווסקי, יעסענין) זײַנען געווען דורכויס ליריקער. זיי האָבן, עמעס, געשריבן אויך פּאָעמעס; אָבער דאָס איז ניט געווען קיין רעסטאַווראַציע פון דעם עפּישן דיכטערישן זשאַנער, נאָר אַ רעפאָרמע, און נאָך ריכטיקער, — אַ רעוואָלוציע אין דעם זשאַנער. בלאָקס, מאַיאַקאָווסקיס און יעסענינס פּאָעמע איז ניט געווען קיין צוריקקער צו פּושקינס און נעקראַסאָווס סוזשעטיש־דערציילערישער פּאָעמע, נאָר אַ נאָוואַטאָרישע צונויפשמעלצונג פון צוויי דיכטערישע זשאַנרען — פון דער לירישער ליד און דער עפּישער פּאָעמע. די דאָזיקע נאָוואַטאָרישע אויסבילדונג איז, זעלבסטפאַרשטענדלעך, געווען ניט קיין מעכאַנישע און ניט קיין קינסטלעכע, נאָר אַן אָרגאַנישע און נאַטירלעכע פאָרזעצונג פון די דיכטערישע פאָרמען און זשאַנרען פון דער נײַער צײַט.

דאָוויד האָפּשטיין, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט דער טראַדיציע פון דער ייִדישער דיכטונג, איז איינצײַטיק געשטאַנען אויף דער הייך פון דער אייראָפּעיִשער און רוסישער דיכטונג. אין זײַן ליד פילט זיך די פילאָסאָפישע לויטערקײַט פון פּושקינס פּאָעזיע און די אינטעלעקטועלע פאַרטיפטקײַט פון טיוטשעווס עמאָציִאָנעלן בילד. אָבער, פון דער צווייטער זײַט, איז האָפּשטיין, ווי איך האָב שוין פריִער געזאָגט, אינגאַנצן אַ דיכטערישע דערשײַנונג פון אונדזער יאָרהונדערט.

און טאַקע דערפאַר איז דאָוויד האָפּשטיין געוואָרן אַן אָנהייב פון אַ נײַער טראַדיציע אין דער סאָוועטישער ייִדישער דיכטונג. עס איז בײַ אונדז קימאַט ניטאָ קיין איין באַדײַטנדיקער ייִדישער פּאָעט, וואָס זאָל אַזוי אָדער אַנדערש ניט זײַן באַווירקט פון האָפּשטיינען. סײַ זײַנע מיטצײַטלער לויטן אָנהייב פון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור (שוואַרצמאַן, קוויטקאָ, מאַרקיש, קושנעראָוו), סײַ דער צווייטער דאָר (פעפער, האַלקין, פינינבערג), סײַ די שפּעטערדיקע דיכטער־גענעראַציעס (אָלעווסקי, טייף, האַרצמאַן, גרוביאַן, ווערגעליס, טעלעסין, רויטמאַן, גאָנטאַר, ליפשיץ, בוימוואָל, באָרוכאָוויטש אאַ.), סײַ שטערנבערג (וואָס איז שפּעטעריש אויפגעקומען אין אויסלאַנד) — בינדן זיך אָן אין דער האָפּשטיינישער דיכטערישער טראַדיציע.

אַז מיר לייענען בײַ דאָוויד האָפּשטיינען די שורעס „ס׳האָט מײַן מאַמע נאָך פון אָנהייב פון מײַן וועזן דאָרט אויף הויכן בלויען סאַמעט מיר באַוויזן אָט דאָס טעלערל פון הימל״ (ז. 46) און די ווײַטערדיקע ווענדונג: „העלינק טעלערל פון הימל!״ — צי דערמאָנען מיר זיך ניט אין די לידער פון מאַרקישעס זאַמלונג „נאָכן טעלערל פון הימל״? דער מאָטיוו „ברודער־מענטש״ סײַ בײַ האָפּשטיינען, סײַ בײַ שוואַרצמאַנען איז אַלעמען באַוווּסט. צו דעם וואָלט מען נאָך געקאָנט צוגעבן דעם מאָטיוו „יוגנט״, וואָס פאַרנעמט אַזאַ וויכטיק אָרט בײַביידע דיכטער. ווער ווייסט דען ניט, אַז האַלקין האָט אָנגעהויבן זײַן ברייטן שעפערישן גאַנג פון „ווײ און מוט״ און אַז די דאָזיקע פּאָעטישע פּראָגראַם איז אים געגעבן געוואָרן אין האָפּשטיינס ליד „ווען ס׳קריצן ציין״, וועלכע איך האָב שוין פריִער ציטירט. נאַטירלעך, דערמיט אַליין שעפּט זיך ניט אויס די ווירקונג פון האָפּשטיינען אויף האַלקינען און דורך אים — אויף דער שאַפונג פון אַ סאַך הײַנטצײַטיקע דיכטער. „מײַן זיידנס מיטוואָך דויערט נאָך און דויערט!״ — שרײַבט עזרא פינינבערג, און דאָ קומט אונדז גלײַך אויפן זינען האָפּשטיינס „זיידנס יערושע, מיט שטעקן מיט אַלטן״... און ווער האָט געשריבן אַזעלכע שורעס: „איר, ווערטער, איר ווייכע און צאַרטע, ווערט שוין קלאָר און פּראָסט״, — פעפער? און עפּשער גאָר האָפּשטיין? פאַרשטייט זיך, אַז האָפּשטיין. עס ווײַזט זיך אַרויס, אַז פעפערס קינסטלערישע פּראָגראַם פון „פּראָסטע רייד״ הייבט זיך אָן אין האָפּשטיינס דיכטונג. יאַנקעוו שטערנבערג איז גאַנץ נאָענט צו האָפּשטיינען מיט זײַן פילאָסאָפישער ליריק, מיט זײַנע נאַציִאָנאַל־היסטאָרישע אַסאָציִאַציעס און אַוואַדע שוין מיט דער אורבאַניסטישער טעמע.

מע דאַרף ניט זײַן קיין פאָרשער, כּדי צו פילן אין דער גאַנצער סאָוועטישער דיכטונג די לעבעדיקע שעפערישע ווירקונג, דעם אָטעם פון האָפּשטיינס שפּאָרזאַמער שורע, פון זײַן לאַפּידאַרישן פילאָסאָפישן דיכטערישן אויסדרוק, פון זײַן עמאָציִאָנעל־אָנגעלאָדן וואָרט און בילד.



**אכטיאם איכסאן**

באשקירישער דיכטער און פראָזאיִקער

# דאוויד באַבײַ



רײַ יאָר, שווערע דרײַ מילכאָמע־יאָר, האָבן אונדזערע מישפּאָכעס געלעבט ווי איין הויזגעזינד, צוזאמען געפּאָקט און צוזאמען געמאָזלט, ווי דאוויד באַבײַ פלעגט זאָגן. דאוויד באַבײַ („דער זיידע דאָוויד") — אזוי האָבן מיר אפן באַש־קירישן שטייגער גערופן דאוויד נאומאָוויטש האָפּשטיינען. אזוי רופט מען בא אונדז געוויינלעך דעם עלטסטן אין דער מישפּאָכע. דעמלט, אין 1941, ווען דער גוירל האָט אונדז צונויפגעפירט, האָט מען אים נאָך ניט געקאָנט פאַררעכענען פאַר קיין אלטן מאַן. אויסגעזען האָט ער פיל ייִנגער פון זײַנע יאָרן. נאָר בא אונדז האָט ער פאַרדינט דעם קאָוועד פונעם עלטסטן אין דער מישפּאָ־כע, דעם כאָשעווסטן.

עפּעס האָט דאוויד באַבײַ געהאַט אין זיך אזוינס, וואָס האָט צוגעצויגן צו אים מענטשן גלײַך פון דער ערשטער מינוט פון דער באַקאַנטשאַפט. וואָס איז דאָס געווען? גוטסקײַט? געוויס. ער האָט פאַרמאָגט אין זיך אָן א שיר גוטסקײַט, — און גוטסקײַט ציט צו. נאָר מיר דאַכט, אז מענטשן האָבן זיך געצויגן צו אים נאָך דערפאַר, ווײַל ער אליין איז געווען גיריק צו מענטשן, ארויסגעוויזן צו זיי גוואַלדיקע פאַרינטערעסירטקײַט. ווען ער פלעגט אײַך פאַרשיטן מיט צענדליקער פראַגן, אף וועלכע איר האָט קוים געקאָנט באַווײַזן צו ענטפערן, האָט איר גע־פילט, אז דאָס קומט בא אים פון טיפן אינטערעס צו אײַך, צו אײַער לעבן, צום לעבן ביכלאַל.

איך געדענק זייער דײַטלעך אונדזער ערשטע באַגעג־ניש מיט דאוויד נאומאָוויטשן. מיר, באשקירישע שרײַ־בער, זײַנען ארויסגעפאָרן צום וואָקזאַל באַגעגענען אונד־זערע קיִעווער כאַוויירים, וואָס האָבן זיך עוואַקויִרט קיין אופא. יעדערער פון אונדז האָט גענומען צו זיך איינע אָדער צוויי פון די אָנגעקומענע שרײַבערישע מישפּאָכעס. כ'בין דאַנקבאַר דעם צופאַל, וואָס האָט מיך פאַרברידערט מיטן וווּנדערלעכן פּאָעט און באַצויבערנדיקן מענטשן דאָוויד האָפּשטיין.

שוין באַלד, ווי מיר האָבן זיך ארײַנגעזעצט אין דער מאַשין, האָט דאוויד נאומאָוויטש גענומען שטעלן איין פראַגע נאָך דער צווייטער: צי וועט מיר ניט זײַן שווער אופנעמען א גאַנצע מישפּאָכע, ווי לעבט זיך מיר, וואָס שרײַב איך... און אזוי — ביז מיר זײַנען געקומען אהיים.

מיר האָבן דעמלט געלעבט ניט זייער ענג, נאָר אויך ניט זייער געראַם, אין צוויי צימערן, וואָס האָבן צוזאמען געהאַלטן בעסאַכאַקל 21 מעטער. מיר זײַנען דרײַ מענטשן. דאוויד נאומאָוויטשעס מישפּאָכע — אויך אזוי־פיל. איין צימער אונדז, איין צימער זיי.

— אָט דאָ וועט איר וווינען, — האָט געזאָגט מײַן פרוי צו פּײַע סעמיאָנאָוונע האָפּשטיין.

— וואָס, — האָט זיך טייקעף ארײַנגעמישט דאוויד נאומאָוויטש, — איר ווילט אונדז אָפּטרעטן דעם גרעסערן צימער? ניין, ניין! מיר וועלן וווינען אין דורכגאַנג־צימער, און איר דאָ. אָט אזוי, זאָיע!

מײַן פרוי זאָיע בעט זיך:

— פאַרנעמט, זײַט אזוי גוט, דעם טור.

— טור? — פרעגט איבער דאוויד נאומאָוויטש. — וואָס הייסט דאָס?

— דאָס אָרט, ווו דער באַלעבאָס באַזעצט דעם סאַמע טײַערסטן מענטשן.

דאוויד נאומאָוויטש כאַפּט ארויס פון קעשענע א נאָטיצ־ביכל און פאַרשרײַבט „טור".

— אָט, — זאָגט ער, — איז דאָס ערשטע באשקירישע וואָרט אין מײַן לעקסיקאָן.

דאוויד באַבײַ האָט שוין פונעם ערשטן טאָג אין אופא געדאַרפט וויסן אלץ וועגן באשקירישן פאָלק, וועגן זײַנע מינהאָגים, זײַן קולטור, זײַנע שרײַבער.

אונדזער שמועס האָט זיך פאַרצויגן, ביז עס האָט שוין געהאַלטן באַם טאָגן. נאָר מיך האָט עס ניט אָנגעהויבן אַרן. כ'האָב פאַר די עטלעכע שאָ געקראָגן דאָס בעסטע, וואָס א מענטש קאָן קריגן, — א קלוגן, אָן עמעסן, אופריכטיקן פרײַנט.

אפן צווייטן טאָג בין איך אוועק מיט דאוויד באַבײַען אים באַווײַזן אונדזער הויפּטשטאָט אופא. מיר זײַנען אויסגעווען ווו די שטאָט האָט אָן עק, אין אלע מערקווירדיקע ערטער, אף אלע גאַסן. אָוונט־צו זײַנען מיר ארײַנגעג־אַנגען אין דער פאַרוואַלטונג פונעם באשקירישן שרײַ־בער־פאַרבאַנד, וואָס האָט זיך דאַן געפונען אינעם הויז פונעם קלאַסיקער פון דער באשקירישער ליטעראַטור מאַזשיט גאַפורי. איז דאָך אָפּגערעדט, אז איך האָב אים באַדאַרפט דערציילן אלץ, וואָס כ'ווייס וועגן גאַפורי, אפילע דעם אינהאַלט פון זײַנע ווערק. אפן וועג אהיים האָט דאוויד נאומאָוויטש אונטערן אײַנדרוק פון דעם געשפּרעך א זאָג געטאָן:

— כ'מוז זיך אויסלערנען באשקיריש, כ'וויל לייענען אין אָריגינאַל די ווערק פון מאַזשיט גאַפורי.

און בעעמעס, ער האָט זיך זייער אינטערעסירט מיט אונדזער שפּראַך, אפן טיש בא אים איז קעסיידער געלעגן א באשקיריש־רוסישער ווערטערבוך.

ער איז געווען זייער א לעבנסלוסטיקער מענטש, דאוויד באַבײַ, קיינמאָל זיך ניט געקלאָגט אף גאָרניט. דאָך האָב איך איינמאָל געזען טרערן אין זײַנע אויגן.

ער איז געזעסן לעבן פענצטער, וואָס גייט ארויס אף דער קרופּסקע־גאַס, געקוקט אפן הויז פונעם לענין־מוזיי, וואָס מע זעט פונדאַנען זייער גוט, און שטיל, בלויז מיט די אויגן, געוויינט.

איך האָב פאַרשטאַנען, וואָס עס טוט זיך מיט אים אין דער מינוט. ער האָט געטראַכט וועגן לאַנד און וועגן פאָלק, וואָס לעבן איבער דעם גרויסן מילכאָמע־אומגליק, געשמו־עסט אין געדאַנק מיט לענינען, געזוכט בא אים א טרייסט.

ער האָט מיך באַמערקט, אָפּגעווישט די טרער, אופ־געשטאַנען און האַרב געזאָגט:

— כ׳וועל אָנשרײַבן א ליד וועגן לענין־הויז אין אופא.

און ער האָט טאקע אָנגעשריבן אזא ליד. אז איך לייען זי איצט, קומט אוף פאר מיר יענער טאָג, ווען כ׳האָב אים געטראָפן באם פענצטער אָפווישן די טרער. ער האָט ליב געהאט זיצן בא אָט דעם פענצטער. ער פלעגט לאנג זיצן, טראכטן זײַנע מאכשאָוועסן, און פלוצעם א הייב טאָן זיך פון אָרט און הויך, מיר זאָלן אלע הערן, פעסט א זאָג טאָן:

— מיר וועלן זיגן. עס קאָן גאָר אנדערש ניט זײַן!

דאָס איז געווען זומער 1941.

מיר האָבן אים געגלייבט, דעם סאמע קליגסטן און כאָשעווסטן מענטשן אין אונדזער הויז — דאוויד באבײַ.

אין איינעם אן אווגוסט־טאָג גיט מיר פלוצעם דאוויד באבײַ א זאָג:

— לאָמיר צופאָרן אין א קאָלווירט. ס׳איז דאָך איצט שניט־צײַט, דארף מען העלפן די שניטערס.

דער אומגעריכטער פאָרשלאָג האָט מיך ניט פארכידעשט, כ׳האָב שוין געוווסט דאוויד נאומאָוויטשעס כאראקטער: ווו ס׳איז שווער, האָט ער גערארפט העלפן.

170 קילאָמעטער פון אופא, אפן ברעג פונעם שיינעם טײַך דיאָמע ליגן די פעלדער פונעם קאָלווירט „ראָסיִא“. דאָרטן ווינען די עלטערן פון מײַן פרוי. אהין האָבן מיר באשטימט פאָרן.

מע האָט אונדז זייער גוט אופגענומען. דאוויד באבײַ האָט זיך באלד באפרײַנדעט מיט מײַן שווער זיגאריי קאשײַעוו, און, ווי זײַן טעווע איז געווען, אָנגעהויבן אויספרעגן, וואָס טוט זיך אין קאָלווירט.

— מע דרעשט, — זאָגט קאשײַעוו, — נאָר די ארבעט גייט שווערלעך. מענטשן ווייניק פאראן...

— נו, זײַנען מיר געקומען העלפן.

קאשײַעוו האָט זיך צעלאכט:

— איר? איר זײַט דאָך...

און כאָטש ער האָט ניט דערזאָגט, וואָס ער האָט געמיינט, האָבן מיר אים זייער גוט פארשטאנען: „מישטיינס־געזאָגט, וואָס פאר א נוץ מע קאָן שוין האָבן פון אײַך, שרײַבער“.

מיר זײַנען געקומען אין דאָרף אָוונט־צײַט. און אָט איז שוין צוגעפאלן די נאכט. די לעוואָנע שווימט ארויס אפן ריינעם הימל, א ליכטיקע, א העלע. און מיר מיט דאוויד נאומאָוויטשן לאָזן זיך גיין צום קאָלווירטישן טויק. און שטעלט אײַך פאָר, אפן טויק איז שטיל. די קאָלווירטניקעס שלאָפן לעם דער דרעשמאשין. אופגעוועקט איינעם, א צווייטן... וואָס איז די מײַסע? מע קאָן די מאשין ניט לאָזן. ס׳פעלן אויס ארבעטס־הענט. דאוויד באבײַ פארגיט א פראגע, וואָס איר מיין דערגייט צו מיר ניט באלד:

— ווו ווינען דאָ בא אײַך די לערער?

— ניט ווײַט פונדאנען. פיר לערער. טאקע גאָר נאָענט.

— לאָמיר זיך דורכריידן מיט זיי, — ווענדט זיך דאוויד באבײַ צו מיר.

אוואדע האָט ער קיין טאָעס ניט געהאט: מיר האָבן זיך אומגעקערט אפן טויק מיט די לערער.

אינדערפרי איז צום טויק צוגעפאָרן דער קאָלווירט־פאַרזיצער. ער האָט ניט געקאָנט באנעמען, ווער האָט עס אָנגעדראָשן פאר דער נאכט אזויפיל ברויט. די קאָלווירטניקעס האָבן אים אָנגעוויזן אף דאוויד נאומאָוויטשן. ער האָט שוין באוויזן מיט אלעמען ווערן א גוטערפרײַנט, די קאָלווירטניקעס האָבן זיך גאָרניט געקאָנט אָפכידעשן: „ווי קומט עס, א שטאָטישער מענטש זאָל אזוי גוט פארשטיין אין לאנדווירטשאפט“.

א וואָך האָבן מיר געארבעט אין קאָלווירט. דאוויד נאומאָוויטש איז געווען דאָ ניט נאָר דער באגײַסטערער און אָרגאניזאטאָר, נאָר ער האָט אליין געארבעט, גוט, ווי אן עמעסער פויער, און שטענדיק אף די שווערסטע באצירקן. „די ארבעט האָט מוירע פאר אים“, — האָבן מיט אָפשײַ מיר געזאָגט די קאָלווירטניקעס.

ווען מיר האָבן גערארפט אָפפאָרן צוריק קיין אופא, האָט אונדז ארויסבאגלייט דאָס גאנצע דאָרף, און אלע קאָלווירטניקעס האָבן געפילט א כויוו צוגיין צו דאוויד נאומאָוויטשן און אים באדאנקען.

אזא איז געווען דאוויד באבײַ.

דאוויד נאומאָוויטש האָט בא אונדז געווינט לאנג, ביז אווגוסט 1944. איך וואָלט געקאָנט וועגן אים א סאך דערציילן, און איך וועל עס נאָך זיכער טאָן. הײַנט האָב איך זיך געפרווווט פארצייכענען נאָר א פאָר שטריכן פון אָט דעם הארציקן מענטשן און הויכבאגאבטן דיכטער, פון וועלכן איך און מײַן מישפאָכע האָבן פיל געלערנט. ווען כ׳בין אוועק אפן פראָנט, איז ער געבליבן דער באלעבאָס אין אונדזער היים; מיט אלץ, וואָס אין זײַנע קויכעס, האָט ער געהאָלפן מײַנע אייגענע בײַצוקומען די שווערע צײַט.

פונעם פראָנט האָב איך אים אָפט געשריבן, און ער פלעגט מיר ענטפערן מיט בריוו, וואָס האָבן מיר צוגעגעבן מוט און קראפט צו קעמפן קעגן סוינע.

אין אופא האָט דאוויד נאומאָוויטש געשאפן א סאך לידער, איבערזעצט ניט ווייניק פון אנדערע שפראכן און, די לעצטע צײַט פארן אומקערן זיך קיין קיִעוו, געארבעט אלס וויסנשאפטלעכער מיטארבעטער אין לענין־הויז.

די באשקירישע שרײַבער פארגעסן ניט דאָוויד האָפשטיינען. אויך איך פארגייג מײַן קאָפּ, וואָס איז שוין באדעקט מיט גרויע האָר, פאר זײַן גרויסן און ליכטיקן טאלאנט.

ייִדיש — מ. אימעס.



ליטעראַרישע פּאָרטרעטן

יעווגעני סורקאָוו

# דער טעאַטער-קריטיקער יעשוע ליובאָמירסקי



י סאָוועטישע טעאַטער־פאָרשונג פײַערט איצט זייער א שיינעם יובילײ: עס איז אלט געוואָרן אכציק יאָר דער קריטיקער, זשורנאַליסט און היסטאָריקער פון ייִדישן טעאַטער — יעשוע ליובאָמירסקי.

זײַן יובילײ באַגעגנט י. ליובאָמירסקי אין פולער אַרבעטספעייִקייט — באַם שרײַבטיש. ער האָט נאָרוואָס פאַרענדיקט א מאָנאָגראַפיע וועגן דעם מערקווירדיקן ייִדישן סאָוועטישן אַקטיאָר בינימין זוסקין, ער גרייט צום דרוק א נײַע אויפלאַגע פון זײַן בוך וועגן שלוימע מיכאָעלסן. מיט איין וואָרט: דער באַל־יוּיוול איז צו זײַנע אכציק יאָר פול מיט שפּעפערישער ענערגיע, זאָל זײַן, שוין ניט יוגנטלעכע, דאָך אָבער גאַנץ גענוג צו פאַרבלײַבן טרײַ זײַן לעבנס־באַרוף, זײַן כּיוון אלס שרײַבער־אינ־טערנאַציאָנאַליסט, פאַר וועמען די שעפערישע דערפאַ־רונג פונעם ייִדישן סאָוועטישן טעאַטער, גענומען אין איר גאַנצער קאָמפּליצירטקייט און אינערלעכער ווידער־שפּרעכלעכקייט, דינט אלס אויסגאַנגס־פּונקט פאַר ראַ־יוּינעס וועגן די פּראָבלעמען פון דער סאָציאַליסטישער קינסטלערישער קולטור, וועגן דעם אָרט פון דער ייִדישער דראַמאַטישער בינע אינעם טעאַטער פון דער קאָמוניסטי־שער געזעלשאַפט.

די געשיכטע פון דער ייִדישער טעאַטער־בינע ווייסט יעשוע ליובאָמירסקי ניט פון פרעמדע דערציילונגען, נאָר פון זײַן אומיטלבאַרער באַרירונג מיט איר, פון זײַנע פּערזענלעכע אײַנדרוקן און איבערלעבונגען. ליובאָמיר־סקיס ערשטע באַגעגענישן מיטן ייִדישן טעאַטער זײַנען פאָרגעקומען אין סאַמע אָנהייב פון הײַנטיקן יאָרהונ־דערט, מיט גאַנצע זעכציק יאָר צוריק!

יעשוע ליובאָמירסקי איז געבוירן אין יוני 1884 אינעם שטעטל ברוסילאָוו, קיִעווער גובערניע. צו 14 יאָר איז ער אַוועקגעפאָרן מיט זײַן טאַטן קיין קיִעוו, אָפּגעגעבן דאָרט אלס עקסטערן עקזאַמענעס אין גימנאַזיע און גע־וואָרן א לערער אינעם שטעטל מאַקאַראָוו פון דער זעל־בער גובערניע.

דאָ, אין מאַקאַראָוו, איז פאָרגעקומען ליובאָמירסקיס ערשטע דערנענטערונג מיטן טעאַטער. קיין עמעסן טעאַטער האָט דאָס שטעטל, פאַרשטייט זיך, ניט געהאַט. עס איז דאָ געווען א קרײַזל פון ליבהאָבער. פאָרט אָבער האָט דאָס באַטײַט טעאַטער. דאָ איז געווען א טעאַטראַלע בינע (זאָל זײַן כאָטש די גרייס ווי א שפּאַן), אויך — געהעריקער רעקוויזיט: פאַרשיידענע מינים גרים, פּאַריקן און אָנצוגן (זאָל זײַן, אז דאָס אַלץ איז געמאַכט פּרימי־טיוו), אַן אייגענער סופליאָר, א דעקאָראַטאָר... מאַקאַראָ־ווער ליבהאָבער האָבן געשפּילט אַלץ, וואָס צו זיי איז אַרײַנגעפאַלן פונעם דעמאָלטיקן ייִדישן רעפּערטואַר: שטיי־גער־קאָמעדיעס, סצענקעס אַאַוו. אָט די ערשטע סצענישע אײַנדרוקן, אָט דער וואַרעמער און פרײדיקער אָטעם, וואָס האָט זיך געטראָגן פונעם צושויער־זאַל צו דער מיט גאַז־לאָמפּן באַלויכטענער בינע, — דאָס אַלץ האָט שוין פּאַקטיש באַשטימט ליובאָמירסקיס ווײַטערדיקן לעבנס־וועג. ער האָט ניט נאָכגעטאָן דעם בײַשפּיל פון די העלדן פון „בלאָנדזשנדע שטערן“, ניט אַרײַנגעטראָטן אין איינער פון די וואַנדערנדיקע טרופּעס, וועלכע זײַנען אָפט דורכגעפאָרן מאַקאַראָוו, אָבער זײַן ליבע צום טעאַ־טער, זײַן שטרעבונג צו דער טעאַטער־בינע האָבן אים



שוין מער קיינמאָל ניט געלאָזט צורו. אין קיִעווער קאָ־מערץ־אינסטיטוט, וווּ ליובאָמירסקי האָט זיך געלערנט, גיט ער מיט האַסמאָדע זיך אָפּ דער טעאַטראַלער ליב־האָבערישקייט: ער טרעט אַרויס מיט מאָנאָלאָגן, וואָס ער אליין פאַרפאַסט, שפּילט סצענעס, אין וועלכע ער ניצט אויס אויף זײַן אויפן די טעאַטראַלע מעטאָדן פונעם באַקאַנטן רוסישן אַקטיאָר און אַווטאָר פון הומאָריסטישע שטייגער־דערציילונגען גאָרבונאָוו.

...ווען אין אוקראַינע האָט זיך אָנגעהויבן דער בירגער־קריג, האָט ליובאָמירסקי זיך געפונען צווישן די קעמפער פאַר דער סאָוועטנמאַכט. די געשיכטע פונעם רויטאַר־מייִשן זעלבסטעטיקן טעאַטער אין יענע יאָרן איז אַן אינ־טערעסאַנט בלעטל אין דער רומפולער געשיכטע פון דער רעוואָלוציע. ליובאָמירסקי איז ניט נאָר א רויטאַרמייער, נאָר אויך רעזשיסער און אויספילער אין די רויטאַרמייִ־שע טעאַטער־קרײַזלעך, ער שפּילט אויף רוסיש, אוקראַי־

ניש און ייִדיש. אין 1921, ווען ער איז נאָך דער דעמאָביליזאַציע צוריקגעקומען קיין קיִעוו, האָט זיך דאָרט גראָד נאָרוואָס געהאַט אָרגאַניזירט דער ערשטער ייִדישער מעלוכע־טעאַטער אין אוקראַיִנע, און פאַר ליובאָמירסקין האָבן זיך צעעפנט די טירן אויך צו דער פּראָפעסיִאָנעלער בינע.

אינגיכן האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דער טעאַטער רעגט אָן אין ליובאָמירסקין ניט אַזוי דעם אַקטיאָר, ווי דעם קריטיקער און זשורנאַליסט. מיטן וועג פון אַקטיאָרישער טעטיקייט איז ער, קאָן מען זאָגן, דערגאַנגען צום הויפּט־באַרוף פון זײַן לעבן — צו טעאַטראַלער קריטיק.

אין 1924 פאָרט ליובאָמירסקי אַריבער קיין מאָסקווע. צו יענער צײַט האָט זיך שוין אויסגעפורעמט און באַקומען אַלגעמיינע אָנערקענונג דער גאָסעט. צווישן די קריטיקער און דראַמאַטורגן, וועלכע האָבן זיך גרופּירט אַרום דעם גאָסעט, זעען מיר אויך יעשוע ליובאָמירסקין. אַ סאַך יאָרן נאָכאַנאַנד האָט ער אויפמערקזאַם און פילבאַר נאָכגעשפּירט נאָך די שעפערישע זוכונגען פון אָט דעם מערקווירדיקן טעאַטער, זיך געפונען אין ענגער באַרירונג מיט די אַרטיסטן, געווען באַפרײַנדעט מיט שלוימע מיכאָעלסן און בינימין זוסקינען. אין די דאָזיקע יאָרן איז י. ליובאָמירסקי געווען אַן אָפטער גאַסט אויף די זײַטן פון די מאָסקווער און לענינגראַדער טעאַטראַלע זשורנאַלן. זײַנע אַרטיקלען האָבן זיך געדרוקט אין „נאָווי זריטעל“ („נײַער צושויער“), „ראַבאָטשי זריטעל“ („אַרבעטער־צושויער“), „זשיזן איסקוסטוואַ“ („דאָס לעבן פון דער קונסט“), „סאָוורעמעני טעאַטער“ („הײַנטצײַטיקער טעאַטער“) אאַ.

דער קרײַז פון ליובאָמירסקיס קינסטלערישע אינטערעסן באַגרענעצט זיך ניט בלויז מיטן ייִדישן טעאַטער. ער שפּירט נאָך אויפמערקזאַם נאָך דעם, וואָס עס קומט פאָר אויף דער רוסישער און אוקראַיִנישער בינע. אין זײַנע אַרטיקלען וועגן דעם ייִדישן טעאַטער באַטאָנט ער קעסיידער די נייטיקייט צו גויווער זײַן די נאַציאָנאַלע באַגרענעצטקייט, אַרויסרײַסן זיך פון די ראַמען פון די ספּעציפישע רוטינערישע טראַדיציעס, וועלכע האָבן געהאַמעוועט די שעפערישע זוכונגען פונעם גאָסעט אין די ערשטע יאָרן פון זײַן עקזיסטענץ. צווישן די אַרטיקלען, וועלכע ליובאָמירסקי האָט אָנגעשריבן אין די 20—30־ער יאָרן, זעען מיר ניט נאָר רעצענזיעס אויף די ספּעקטאַקלען „לופט־מענטש“ און „דער טויבער“, נאָר אויך אינטערעסאַנטע אַנאַליזן פון די ספּעקטאַקלען אין רוסישע טעאַטערן — פון וו. קירשאָנס „די רעלסן הודען“ אין טעאַטער פון מאָסקווער שטאָטישן ראַט פון די פּראָפעסיִאָנעלע פאַריינען, פון ק. ליפּסקעראָווס „מיטקעס קיניגרײַך“ אין צווייטן מאָסקווער קינסטלערישן אַקאַדעמישן טעאַטער, פון אַ. אָסטראָווסקיס „אויף יעדן כאָכעם קלעקט פּאַשטעס“ אין וואָלקאָנסקיס שטעלונג אאַ. ליובאָמירסקי שרײַבט דעמאָלט איינצײַטיק אין ייִדיש, רוסיש און אוקראַיִניש. ער לעבט מיט די אינטערעסן פונעם גאַנצן פילנאַציִאָנאַלן סאָוועטישן טעאַטער. און ווען ער טרעט אַרויס אין זײַן אַרטיקל „וועגן דעם טכום־האַמוישעוו פונעם רעפּערטואַר“ קעגן דער קורצזיכטיקײַט פון אייניקע קריטיקער, וועלכע פאָדערן פון די ייִדישע טעאַטערן, זיי זאָלן זיך באַנוגענען בלויז מיט ייִדישער טעמאַטיק, — באַטראַכט ליובאָמירסקי שטענדיק די פּראַקטיק פון דער ייִדישער סאָוועטישער בינע פונעם שטאַנדפּונקט פון די דערגרייכונגען פונעם גאַנצן סאָוועטישן טעאַטער, ער באַלײַכט די פּראָבלעם פון דער ייִדישער טעאַטער־קולטור, אַרויסגייענדיק פון די אויפגאַבן פון דער קאָמוניסטישער בוויוּנג.

אין דער פילאַרטיקער און קאָמפּליצירטער טעאַטער־קונסט אינטערעסירט י. ליובאָמירסקין קוידעמקאָל דער אַקטיאָר. אין די יאָרן 1935—1936 פאַרעפנטלעכט ער עטלעכע גרויסע עטיודן וועגן אַזעלכע אויסגעצייכנטע מײַסטערס פון דער רעאַליסטישער בינע, ווי אַ. לענסקי, אי. מאָסקווין, אי. אילינסקי, יו. גליזער, ש. מיכאָעלס. אין די דאָזיקע אַרטיקלען באַמיט זיך ליובאָמירסקי צו באַווײַזן דאָס אייגנאַרטיקע, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר יעדן פון די אָנגערופענע אַרטיסטן, דעם מאָקער פון זייערע אַקטיאָרישע מעטאָדן.

דער קאַמף פאַר רעאַליזם אינעם סאָוועטישן טעאַטער ווערט אין דעם דאָזיקן פעריִאָד די צענטראַלע טעמע פון דער קריטיק. ליובאָמירסקי שטרײַט קעגן דער מאַנירלעכקײַט און פאָרמאַליסטישן עקסצענטריזם פון די ערשטע שטעלונגען פון גאָסעט, ווען מיט אים האָט אָנגעפירט אַ. גראַנאָווסקי, קעגן דעם פאָרמאַליסטישן שרײַענדיקן פּוץ, וואָס האָט קאַליע געמאַכט אייניקע ספּעקטאַקלען פונעם רוסישן רעוואָליוציִאָנערן טעאַטער פון די 20־ער יאָרן. אין 1926 איז אין מאָסקווע, אין פאַרלאַג „שול און בוך“, דערשינען דאָס ערשטע בוך פון י. ליובאָמירסקי „דער רעוואָליוציִאָנערער טעאַטער“, וווּ עס ווערט קריטיקירט די טעאָריע און פּראַקטיק פונעם טעאַטראַלן „לעף“[1]. נאָכדעם באַווײַזן זיך ליובאָמירסקיס ביכער „קינעמאַטאָגראַף“ — אַ פּרווו קלאָר צו מאַכן די אייגנשאַפטן פון קינאָ אַלס ספּעציפישע קונסט־פאָרם; „די רעקאָנסטרוקציע פונעם טעאַטער“ — אַ זאַמלונג אַרטיקלען וועגן טעאַטער און דראַמאַטורגיע (אַרויסגעגעבן אין 1933).

אין 1938 דערשײַנט י. ליובאָמירסקיס מאָנאָגראַפיע וועגן ש. מיכאָעלסן. אַ צווייטע מאָנאָגראַפיע זײַנע — „בינימין זוסקין“, וועלכע עס גרייט איצט צום דרוק דער פאַרלאַג פון דער אַלרוסלענדישער טעאַטראַלער געזעלשאַפט, און אָט דאָס בוך וועגן מיכאָעלסן גיבן אַ גענויע פאָרשטעלונג, ס׳אַרא אויפמערקזאַמער פאָרשער פונעם סאָוועטישן טעאַטער עס איז ליובאָמירסקי. ריכטיק שרײַבט אין זײַן רעצענזיע וועגן דעם בוך „מיכאָעלס“ דער לענינגראַדער טעאַטער־פאָרשער פּ. גראָמאָוו: ליובאָמירסקיס מאָנאָגראַפיע איז „ניט בלויז אַ פאַרצייכענונג וועגן ש. מיכאָעלסעס שעפערישער אַנטוויקלונג, נאָר אויך אַ פאַרצייכענונג וועגן דעם לעבן פונעם טעאַטראַלן אָרגאַניזם, וואָס איז אָרגאַניש פאַרבונדן מיט מיכאָעלסן, — וועגן דעם לעבן פונעם מאָסקווער גאָסעט“. נאָכשפּירנדיק די אידייִשע און סטיליסטישע וואָרצלען פון מיכאָעלסעס קלוגער און פילאָסאָפיש באַטראַכטער קונסט, באַווײַזנדיק די פאַרבינדונגען פונעם אַרטיסט ניט בלויז מיט דער ייִדישער קינסטלערישער קולטור, נאָר אויך מיט דער גאַנצער שעפערישער דערפאַרונג פונעם אינטערנאַציִאָנאַלן סאָוועטישן טעאַטער און קוידעמקאָל פונעם רוסישן טעאַטער, באַמיט ליובאָמירסקי צו דערגרונטעווען זיך צו די אידייִשע אורקוואַלן פון מיכאָעל־

[1] „לעף“ — „לינקער קונסט־פראָנט“. אַ ליטעראַרישע גרופּע, וואָס האָט עקזיסטירט אין די יאָרן 1923—1930. די שעפערישע פּאָזיציעס פון די מיטגלידער פון דער גרופּע, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן פאַר די נאָוואַטאָרן אין דער קונסט, זײַנען געווען פאַרבונדן מיטן פוטוריזם.

סעס קונסט. אין זײַן בוך „מיכאָעלס“ זײַנען ניט נאָר אָנשוילעך באַוויזן מיכאָעלסעס גרעסטע אַקטיאָרישע שאַפונגען, — אין אים איז גלײַכצײַטיק אָנגעצייכנט די ליניע פון דער באַוועגונג פונעם אַקטיאָרס געדאַנק, עס איז געפונען דאָס אַלגעמיינע, וואָס אָרגאַניזירט אין א געוויסער אידייִש־עסטעטישער איינהײַט די גאַנצע פאַרשיידנאַרטיקײַט פון די ראָלן, וועלכע מיכאָעלס האָט געשפּילט. לייענענדיק י. ליובאָמירסקיס בוך „מיכאָעלס“, זעען מיר פאַר זיך דאָס געשטאַלט פון א גרויסן קינסטלער — א דענקער, פאַר וועמען יעדע נײַע ראָל איז קוידעמקאָל א מיטל צו לייזן א געוויסע פילאָסאָפישבאַטײַטפולע פּראָבלעם, א מיטל צו פירן א לײַדנשאַפטלעכן, אָפּענעם שמועס מיטן צושויער וועגן די אַקטועלסטע גרונט־פּראָבלעמען פונעם לעבן.

י. ליובאָמירסקי איז ניט קיין געהאָרכזאַמער שאָטן פון דעם גרויסן אַקטיאָר, וועגן וועלכן ער שרײַבט. אַלס אַווטאָר איז ער אין זײַנע אַרויסזאָגונגען אומאָפּהענגיק, פרײַ. ער שטרײַט אָפּט מיט מיכאָעלסן, — אַפילע וועגן דעם אַקטיאָרס אַזאַ אַלגעמיין אָנערקענטן דערפאָלג, ווי עס איז געווען זײַן קיניג ליר. אָפּשאַצנדיק דעם דאָזיקן ספּעקטאַקל, זאָגט ליובאָמירסקי אַרויס פּאָלעמישע האַשאָרעס, מיט וועלכע מע קאָן עפּשער ניט שטענדיק מאַסקים זײַן, אָבער אויסהערן זיי איז נוצלעך און אינטערעסאַנט.

די ביכער וועגן מיכאָעלסן און זוסקינען זײַנען דאָס בעסטע, וואָס י. ליובאָמירסקי האָט אָנגעשריבן. זיי זײַנען דער סאַכאַקל פון זײַנע פּיליאָריקע ראַיוינעס וועגן דעם ייִדישן טעאַטער, דער סאַכאַקל פון זײַן לעבנס־פּראַקטיק און ליטעראַרישער דערפאַרונג. און די דאָזיקע פּראַקטיק און דערפאַרונג זײַנען פאַרשיידנאַרטיק און רײַך.

ווען עס האָט אויסגעבראָכן די גרויסע פּאַטערלענדישע מילכאָמע, איז יעשוע ליובאָמירסקי פרײַוויליק אַרײַנגעטראָטן אין די רייען פון דער סאָוועטישער אַרמיי. ער איז שוין אַלט געווען 57 יאָר, ווען די היטלערישע האָרדעס זײַנען געשטאַנען הינטער מאָסקווע, און קיינער וואָלט, פאַרשטייט זיך, ניט געזאָגט קיין איין שלעכט וואָרט דעם באַיאָרטן ליטעראַטאָר, ווען ער וואָלט אין אַזאַ שווערער צײַט אויסגענוצט די רעכט אויף עוואַקואַציע, וועלכע די רעגירונג האָט אים געגעבן. ליובאָמירסקי האָט אָבער געהאַלטן, אַז זײַן אָרט איז דאָרט, ווו עס ווערט געלייזט דער גוירל פון דער סאָוועטישער הויפּטשטאָט, און ער האָט דעם גאַנצן ווינטער פון 1941 זיך געפונען אויף די פאָדערשטע פראָנט־פּאָזיציעס.

אין די רייען פון דער סאָוועטישער אַרמיי איז יעשוע ליובאָמירסקי פאַרבליבן ביז אויגוסט 1943. נאָר אויך דאַן, ווען ער האָט זיך שוין דעמאָביליזירט, איז ער ניט אַוועק פון דער „פאָדערשטער פײַער־ליניע“. ער האָט ניט אַרויסגעלאָזט פון זײַנע הענט די זשורנאַליסטישע פּען. לויטן אויפטראָג פון דער קאָמאַנדשאַפט האָט ער אָנגעשריבן די געשיכטע פונעם באַטאַליאָן, אין וועלכן ער האָט געדינט. פאַר דער צײַט פון דער מילכאָמע האָט ער אָפּגעדרוקט אין דער סאָוועטישער און אויסלענדישער פּרעסע עטלעכע צענדליק אַרטיקלען און פאַרצייכענונגען וועגן די העלדן פונעם פראָנט און הינטערלאַנד. אין אָט די אַרטיקלען און פאַרצייכענונגען האָבן זיך אַנטפּלעקט נײַע זײַטן פון ליובאָמירסקיס ליטעראַרישן טאַלאַנט, די לעבנס־קוואַלן, וועלכע נערן ביז הײַנט זײַן שעפערישע ענערגיע.

אין די טעג פון זײַן אַכציקסטן געבורטסטאָג האָט דער באַל־יויוול דאָס פולע רעכט צו אַרומקוקן זיך מיט באַפרידיקונג אויף דעם דורכגעגאַנגענעם לעבנס־וועג. באַזונדערס פריידיק איז דאָס, וואָס אויך הײַנט געפינט זיך דער אַכציקיאָריקער קריטיקער אין די רייען פון די אַקטיווע בויער פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור און פונעם סאָוועטישן טעאַטער.

איז לאָמיר אים ווינטשן קויכעס און מוטיקײַט צו פאַרזעצן זײַן שעפערישע מי.

פון רוסיש — מ. א י ט ק אָ ו י ט ש.

---

# כראָניק

א האַלבן קילאָמעטער לענגויס דעם טײַך ניעווא ציִען זיך די געבײַדעס, אין וועלכע עס געפינט זיך דער ע ר מ י ט א ז ש. קעדיי זיך באַקענען מיט אַלע זײַנע 340 זאַלן, דאַרף מען דורכמאַכן א מעהאַלעך פון קאָרעוו 20 קילאָמעטער.

יעדן טאָג באַזוכן דעם מוזיי באַצען טויזנט מענטשן. בלויז פאַרן לעצטן יאָר זײַנען דאָ געווען העכער צוואַנציק טויזנט עקסקורסיעס.

פאַר די יאָרן פון דער סאָוועטנמאַכט האָט דער ערמיטאַזש זיך שטאַרק פאַרברייטערט. עס זײַנען צוגעקומען נײַע קאָלעקציעס און עקספּאָנאַטן. ס'זײַנען אויך געשאַפן געוואָרן נײַע אָפּטיילן — פון מיזרעך־קונסט, אוראַלטע קולטור, געשיכטע פון דער רוסישער קולטור.

דער 200־יאָריקער יוביליי פונעם ערמיטאַזש, וואָס ווערט האיאָר אָפּגעמערקט, איז א גרויסער קולטור־יאָמטעוו.

■

אין ווילניוס האָט דער אָרטיקער ייִדישער זעלבסטעטיקער דראַמאַטישער קאָלעקטיוו באַוויזן די פּרעמיערע פון א. זשיטניקאָווס און ב. האַלפּערינס פּיעסע „ווער איז שולדיק?“. דעם ספּעקטאַקל האָבן געשטעלט די אָנפירערן פון דראַמאַטישן קאָלעקטיוו ס. בעקער און דער פאַרדינסט־פולער קונסט־טוער פון דער ליטווישער רעפּובליק ל. לוריע. די ראָלן פּילן אויס יו. קאַץ, מ. שאַרפּשטיין, ז. שאַרפּשטיין, ז. גערעאַס, ב. גלאַזער, ס. סיגאַלאָוו, ס. בעקער, מ. קאַנאָוויטש און באָריע שאַרפּשטיין.

■

אין דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט זײַנען פאָרגעקומען גאַסטראָלן פון דער זינגערן נעכאַמע ליפּשיצײַטע. ליפּשיצײַטע האָט אין ביראָבידזשאַן, וואַלדהיים, אַמורזעט און אין אַנדערע ייִשוּווים פון דער געגנט געגעבן 8 קאָנצערטן, וועלכע זײַנען דורכגעגאַנגען בא פול געפּאַקטע זאַלן.

■

אין כאַרקאָוו איז אָפּגעמערקט געוואָרן דער 80־טער געבורטסטאָג פון איינעם פון די עלטסטע ייִדישע אַקטיאָרן און קולטור־טוער נאָסן ראָזאָווסקי. דער יוביליאַר איז באַקאַנט אויך אַלס אַווטאָר פון א ריי פּיעסן („א באַגעגעניש“, „פרילינג־גאַנג“ אא.), וועלכע זײַנען געדרוקט און אויפגעפירט געוואָרן אין די דרײַסיקער יאָרן.

נאָסן ראָזאָווסקי האָט אין מעשעך פון פיל יאָרן מיטגעאַרבעט אין דער פאָררעוואָלוציאָנערער פאַריאָדישער פּרעסע, ווו עס האָבן זיך געדרוקט זײַנע סקיצן און פאַרצייכענונגען.

ייסראעל סערעבריאני

# מיט פרילינג אין די אויגן

עס טוט די צײַט דיך פלינק א טראַג —
דײַן יוגנט איז פארפלויגן,
נאָר שטייסט באַם אופקום פונעם טאָג
מיט פרילינג אין די אויגן.
ר אָ כ ל  ב ו י מ ו ו אָ ל.



אָכל בוימוואָל געהערט צו יענע דיכטער, וואָס באציִען זיך מיט גרויס ערנסט צו זייער באַרוף. יעדעס נײַ בוך אירס טראָגט אף זיך סימאָנים פון אידייִישן און שעפערישן וווּקס.

לידער האָט ראָכל בוימוואָל אָנגעהויבן שרײַבן גאָר פרי. שוין אין עלטער פון 10—11 יאָר ווערט זי א שטענדיקע מיטארבעטערן פונעם ייִדישן קינדער־זשורנאל „פיאָנער“, און אין 1930, ווען זי איז אלט געוואָרן קוים 15 יאָר, דערשײַנט אין צענטרפארלאג, אונטער דער רעדאקציע פון מוישע קאַץ, איר ערשטע זאמלונג „קינדער־לידער“.

דאָס זײַנען בעעמעס געווען לידער פון א קינד און פאר קינדער. זיי זײַנען אָבער אויך געווען אינטערעסאנט פאר דערוואקסענע. אין בוימוואָלס לידער, — האָט געשריבן אין זײַן ארײַנפיר־וואָרט מוישע קאַץ, — איז „פאראן א שטילע פארטראכטקײַט, א לײַכטער יונגער הומאָר, א זעלבסטזיכערע פראָבע צו לייזן די ניט צו שטארק פארפלאָנטערטע פראגן, וואָס רינגלען ארום דאָס קינד אין וואקסן“.

און ווײַטער:

„ראָכל בוימוואָל איז ניט קיין ווונדערקינד, וואָס דארף איבערראשן און ווײַזן, אז אָט קען א קינד שרײַבן פונקט ווי א דערוואקסענער, רײַפער קינסטלער. זי טוט בעסער: זי ווײַזט מיט איר שאפן, וואָס א דערוואקסענער קינסטלער וואָלט ניט געקאָנט טאָן אזוי עכט און נאטירלעך, — זי ווײַזט אונדז די איבערלעבונגען פון א קינד אין פראָצעס פון זייער אויסבילדונג“.

איצט איז ראָכל בוימוואָל א שרײַבער פון א ברייטן טעמאטישן און קינסטלערישן דיאַפאזאָן. עס שיידט זי אונטער פון אנדערע קינסטלער די אייגנארטיקײַט פון די זשאנרען, אין וועלכע זי ארבעט, די זעלבשטענדיקע שעפערישע מאניר. זי איז באוווּסט מיט אירע קינדער־לידער, מיט אירע לידער און מײַסעלעך פאר דערוואקסענע, איבערזעצונגען פון רוסיש אף ייִדיש און פארקערט — סײַ פון אייגענע, סײַ פון פרעמדע ווערק, מיט אירע אינסצענירונגען פאר דער ראדיאָ און טעלעוויזיע אאוו. עס זײַנען דערשינען ניט וייניק קלענערע און גרעסערע זאמלונגען און ביכער פון ראָכל בוימוואָלס לידער און פראָזע. די דיכטערן האָט אופגעהיט און שוין אף א נײַעם אויפן באַזיניקט איר ערשטע קינדערשע אופאסונג פון דער ווירקלעכקײַט. זי שרײַבט אין איר בוך „ליבשאפט“ (1947):

דער הימל — אין אופגאנג, אין אָוונט — די
בערג,
דער וואלד אין פארנאכטיקן ברענען —
ווי שיין! נאָר דו האָסט עס נאָך
קינדווײַז באמערקט,
דערפאר איז עס טויזנט מאָל שענער.
די קינדהײַט — זי וויל, און א טרוקענע רוט
צעבליט איבער נאכט דיר צוקאָפּנס,
און אייביקײַט דויערט דײַן יעדע מינוט,
ס׳אנטפלעקט זיך די וועלט אין א טראָפּן...
(ז. 40).

ראָכל בוימוואָל איז אָריגינעל און זעלבשטענדיק אין איר צוגאנג צו דער נאטור און צו דער ווירקלעכקײַט אין אלגעמיין און אויך אין איר אופאסונג פון דער ליטעראַרישער טראדיציע. דעריקער האָט עס א שײַכעס צו איר דיכטונג אין ייִדיש. און פונדאנען ווערט עס שוין אויך אריבערגעטראָגן אין אירע שאפונגען אין רוסיש, וועלכע האָבן זיך באוויזן די לעצטע יאָרן.

אין איר ליד „דער ייִדישער אלעפבייס“ שרײַבט די דיכטערן, אז „פון דעם, וואָס איך האָב זיך דערוווּסט אף ייִדיש, דאָס גאנצע לעבן גיי איך אום פארכידעשט“ (דאָרטן, ז. 60).

אויך וועגן איר „צווייִשפּראכיקײַט“ האָט ראָכל בוימוואָל זייער גוט געזאָגט אין איר פאָרוואָרט צו די „מײַסעלעך פאר דערוואקסענע“, וועלכע זי האָט אליין איבערגעזעצט און איבערגעדיכטעט פון רוסיש אף ייִדיש:

„...זאָגט מיר, וואָס איז עס? אין וועלכער שפראך שרײַב איך? — קלאָר, אז אין צוויי שפראכן. דאָס איז געוואָרן בא מיר א באדערפעניש. אזוינע זאכן טרעפן זיך... איך געניס פון ייִדיש און פון רוסיש, ווי א קינד פוןביידע בריסט בא דער מאמען: פעלט אויס מילך אין איין ברוסט, זויגט דאָס קינד פון דער אנדערער...“ (סאָוועטיש היימלאנד“, 1963, נומ. 5, ז. 68).

מיר דוכט, אז מע דארף ניט קיין בעסערע „פאָרמול“ פאר דער דאָזיקער אייגנארטיקער דערשײַנונג, ווען א שרײַבער שאפט אף צוויי שפראכן.

ראָכל בוימוואָל איז, פריִער פאר אלץ, א דיכטערן, וואָס שאפט אין ייִדיש. די רוסישע פאָעטעסע ווערא אינבער האָט געשריבן אין אירן אן ארטיקל וועגן ראָכל בוימוואָל:

„מיר האָבן פאר זיך א לירישע דיכטערן, וועלכע פארמאָגט אין זיך אלע אייגנשאפטן פון דער ייִדישער ליריק: איר צאפלדיקײַט, איר שפירן דאָס לעבן מיט אזא ברען, אז עס צווינגט אמאָל דעם דיכטער אופצושפרינגען, ווי ער וואָלט זיך אָפּגעבריט, איר געפיל פאר דער נאטור, וואָס איבערפולט דאָס הארץ און וואָס עס לעבן איבער מענטשן, וועלכע זײַנען געזעסן לאנג פארשפארט, איר פילאָסאָפישקײַט“ („ליטעראטורנאיא גאזעטא“, 1941, נומ. 15: „דער יונגער דיכטער און זײַן שטרענגער קריטיקער“).

ראָכל בוימוואָל איז א דיכטערן — א דענקערן. זי

מאָלט און קאָמענטירט קאָנקרעטע קעגנשטאנדן, מענטשן און דערשײַנונגען. זי דריקט אויס ניט בלויז איר געפיל און היספּײַלעס, נאָר אויך אירע מיינונגען, דערוואַרטונגען, ספייקעס און שטרעבונגען. זי דערציילט אײַך אומשולדיקע, שפּילעוודיקע מײַסעלעך, — אָבער אינדערעמעסן איז דאָס ניט קיין מײַסעס גלאַט אין דער וועלט אַרײַן. אלץ גייט איר אָן, דער דיכטערן. זי קוקט זיך צו אלץ צו און לאָזט ניט דורך קיין זאַך אָן קאָמענטאַרן און קריטיק. זי סטאַרעט זיך צו לייזן אפילו שטארק פּארפּלאָנטערטע פראגן, וואָס באַאומרויִקן דעם סאָוועטישן מענטשן. עס באַווײַזן זיך בא איר אָפט בײַסיקע סאטירישע, הומאָריסטיש־איראָנישע קאָמענטארן וועגן מענטשן און געשעענישן, אַרײַנזאָגונגען אין דער זיבעטער ריפּ.

וואָס־וואָס, נאָר גלײַכגילטיקײַט און נייטראַלקײַט איז ניטאָ אין בוימוואָלס שאַפן, אפילו ווען זי מאָלט, דוכט זיך, סטאַם אזוי, — פּאַשעט ווײַל זי קאָן ניט אנדערש, ווײַל עס בעט זיך בא איר פון דער פען און זי קאָן ניט בײַשטיין דעם ניסויען.

בוימוואָל וויל ניט און קאָן ניט צוגיין צו דערווירקלעכקײַט בלויז מיטן „טרוקענעם" געדאנק. זי זוכט אומעטום אויך די עסטעטיש־שפּילעוודיקע באַפרידיקונג. אָן דעם שטעלט זי זיך ניט פאָר דעם זין פון לעבן און שאַפן. די דיכטערן נעמט אוף דאָס לעבן ווי איין גאַנצעס, ווי א יאָמטעוו, אין וועלכן אלע דערשײַנונגען און באַשעפענישן זײַנען טעטיק, — אפילו די אזויגערופענע „טויטע נאַטור". בא איר איז ביכלאל ניטאָ קיין טויטע נאַטור. אלץ לעבט, ארבעט, קעמפט, לײַדט, שפּילט, אלץ איז צוזאַמענגעקניפּט און צוזאַמענגעבונדן אין איין לעבעדיקן דראַמאַטישן און פריילעכן גאַנג. אלק, וואָס שטערט דער דאָזיקער הארמאָניע, איז גרוי, אומנאַטירלעך, בעמיילע עקלהאַפט. און דעריבער וואַרפט זיך אזוי די דיכטערן מיט פאַרביסנקײַט, מיט איראָניע, הומאָר און סאַרקאַזם, מיט פאַרשיידענע שטעכווערטלעך און סינע קעגן די פינצטערע קויכעס, וואָס זײַנען מעסוגל אומברענגען, פאַרדאַרבן און צעשטערן די נאַטירלעכע שפּיל פון דער נאַטור, פון דער גרויסער, שיינער און אַשירעסדיקער וועלט. אָט איז בוימוואָלס א כאַראַקטעריסטישע ליד נאָך פון פאַר דער מילכאָמע:

א פייגעלע פאַרשפּאַרן אין א שטײַג איז ניט
קעדײַ, —
א פייגעלע איז שיין נאָר, ווען עס פליט פאַרבײַ.
א שטיינדל, וואָס באַם יאַם־ברעג גיסט זיך
איבער שיין,
ווערט אין די הענט בא דיר א פּראָסטער שטיין.
דאָס באַבעלע, וואָס הינטער גלאָז בא דיר,
האָט אָן דער שײַן פון זון א בלאַס קאָליר.
און אָפּטיילן האָט קיינמאָל ניט קיין זין
די פיש פון וואַסער, פון דער קווייט — די בין.
אין דער נאַטור איז איינס אָן צווייטן גאָרניט
ווערט.
דאָס מינדסטע זשוקל דאַרף דעם הימל און
די ערד.
לאָז אלצדינג פרײַ — וועסט רײַך זײַן אָן א שיר.
און וואָס דו רויבסט, וועט זײַן ניט קיינעם
און ניט דיר.
(„לידער", 1940, ז. 28).

דאָס הייסט אָבער ניט, אז דער מענטש האָט גאָרנישט וואָס צו טאָן אין דער דאָזיקער „פּאַרטיקער וועלט". אין דער ליד „ס׳וועט געבוירן א מענטש" באַווײַזט די דיכטערן א גאַנצע „פּראָגראַם" פון מענטשלעכער מי, פון זײַן דערהויבענער און שטאָלצער מיסיע אף דער ערד:

...דער מענטש, ער פאַרלאַנגט,
ס׳זאָל דער וואַלד גיין צום טײַך,
און דער טײַך צו דער מיל,
און אלץ פאָלגט אים און ווערט
אָט אזוי, ווי ער וויל.
אָפטמאָל פלעט אים א בוים,
און דאָס וואַסער דערטרינקט.
נאָר ער פאַלט און ער זינגט.
נאָר ער טרינקט זיך און זינגט...
ס׳איז די ליד פונעם קינד,
וואָס דאַרף טאָן נאָך און טאָן.
ס׳איז די ליד, וואָס גייט אויס
און וואָס הייבט זיך ערשט אָן.
(דאָרטן, ז. 50—51).

די וועלט און דער מענטש אין דער וועלט — אָט דאָס איז דער גרונט־פּאַטאָס פון בוימוואָלס שאַפן.

פונקט ווי אנדערסען, האַלט די דיכטערן, אז דאָס לעבן איז אזוי גוט, אז וווּהין מיר זאָלן זיך ניט ווענדן, איז פאַראַן וואָס צו זען, וואָס צו הערן און אף וואָס צו קוקן.

קימאַט אין יעדן מײַסעלע פון ציקל „אינדזעלעך ליכט", וואָס גייט אַרײַן אינעם בוך „מײַסעלעך פאַר דערוואַקסענע", איז דאָ א מאָראַל. נאָר יענער, וואָס וועט זוכן אין די דאָזיקע מײַסעלעך בלויז די מאָראַל, וועט ניט געפינען דאָס וויכטיקסטע — דעם טיפערן אידייִש־קינסטלערישן אינהאַלט פון יעדער זאַך, דאָס עסטעטישע גענוס פונעם צעם בילד, פונעם אָרגאַנישן באַהעפטן זיך מיט דער רעאַלער וועלט און מיט אירע דערשײַנונגען, מיט דער לעבעדיקער נאַטור. אזוי איז דאָס ניט בלויז אין די „אינדזעלעך ליכט", נאָר אפילו אינעם ציקל מײַסעלעך מיטן אויסגעשפּראָכן איראָניש־סאַטירישן נאָמען „פּעפער אין פילן", ווו די מאָראַל פון דער סאַטירישער מײַסע ליגט, דוכט זיך, אויבנויף.

בוימוואָל האָט אף זיך גענומען א גאַנץ קאָמפּליצירטע אויפגאַבע: וואַרפן א שײַן אף אומבאַמערקבאַרע דערשײַנונגען און פּאַסירונגען און פאַרייניקן זיי מיט דעם באַדײַטונגספולן פון אונדזער עפּאָכע, לייגן אכט אף דעם קאָרנבלימעלע און אף דעם פלאַטערל און פאַרייניקן אויך זיי מיט דעם אַלגעמיינעם, מיטן קאָסמאָס, מיט דער אייביקײַט.

די דיכטערן גייט ניט פאַרבײַ די גרויסע טעמעס פון אונדזער צײַט. זי האָט פּובליקירט לידער וועגן לענינען, וועגן די סאָוועטישע העלדן־פליִער, וועגן דעם 22 יון — דער גרויזאַמער דאַטע פונעם פאַשיסטישן אָנפאַל אפן סאָוועטנפאַרבאַנד — און וועגן דעם גרויסן זיג פון סאָוועטישן פאָלק. די מילכאָמע שילדערט זי אין אזא אינטימען ציקל, ווי „בריוו פון פראָנט", באַנאַנד דערמיט געפינען מיר בא איר א ריי פאָלקסטימלעכע מאָטיוון: „איך קען אלץ ניט באַשליסן", „ניט צו דערציילן", „איך האָב יאַגעדעס געקליבן", „שטיי ניט, מײַן פרײַנט, בא דער טיר" און נאָך און נאָך.

עס זײַנען דאָ מענטשן, וועלכע באַמערקן ניט דעם וואַלד פון צווישן די ביימער. דאָס איז פונקט אזוי אומנאָרמאַל, ווי ניט זען אין וואַלד די איינציקע ביימער. אויב דאָס ערשטע ברענגט צו באַגרענעצטקײַט, פירט דאָס צווייטע צו אַבסטראַקטקײַט און גלײַכגילטיקײַט. גע־

רעכט איז דעריבער געווען עמאנויל קאזאקעוויטש, וועלכער האָט געזאָגט, אז מע דארף ליב האָבן ניט די מענטשהײַט ביכלאל (דאָס איז, אייגנטלעך, גאָר ניט אזוי שווער), נאָר אויך דעם באזונדערן מענטשן — דײַן כאווער, דײַן שאָכן, דעם, וואָס לעבט מיט דיר אין איין געזינד, אין איין געזעלשאפט.

אין ראָכל בוימוואָלס שאפן געפינען מיר סײַ דעם וואלד און סײַ די באזונדערעביימער. איר אינטערעסירט ניט בלויז די מענטשהײַט און די וועלט אין אלגעמיין, נאָר אויך דער באזונדערער מענטש, די מוטער און פרוי, דאָס קינד און דער דערוואקסענער מיט זייערע קליינע און גרויסע ליידן און פריידן:

וועןסילויכט די זון
און אלץ ארום איז העל,
ווילט זיך גאָר ניט טראכטן,
ווילט זיך גאָר ניט גלויבן,
אז מענטשן ווערן גרוי,
אז ביימער ווערן געל,
אז טײַכן טריקענען
און פעלדזן זיך צעשטויבן.

(„לידער“, 1940, ז. 14).

אָט די געזונטע, הומאניסטישע, לעבנסבאשטעטיקנדיקע וועלט־אופאסונג איז דער פויעל־יויצע פון דער וועלט־אָנשויונג פונעם סאָוועטישן מענטשן מיט זײַן הויכער מאָראל און הומאניזם, מיט זײַן ליבע צו אלדאָס לעבעדיקע, מיט זײַן אָרגאנישן ווידערגעפיל צו אלדאָס פארקריפלטע און מינדערווערטיקע, צו דעם גאנצן קנעכטישן קאָמפלעקס פון כניפע, צוויִעס, שקלאפערישע אונטערטעניקײַט, פאכדאָנעס, שווינדל, קאריעריזם, אָבערגלויבעניש — קורץ, צו אלע יענע רעשטלעך פון דער אלטער וועלט, וועלכע שפרינגען אמאָל ארויס און לאָזן זיך פילן דאָ און דאָרט אויך אין אונדזערע טעג.

* * *

בוימוואָלס שאפן, ווי דאָס שאפן פון א ריי אנדערע שרײַבער און דיכטער, לאָזט זיך דײַטלעך צעטיילן אף צוויי פעריאָדן: ביז דער מילכאָמע און נאָך דער מילכאָמע. צווישן זיי ליגט דאָס געראנגל מיטן פאשיזם, וואָס האָט ארײַנגעטראָגן וועזנטלעכע ענדערונגען אינעם לעבן און שאפן פון יעדן סאָוועטישן שרײַבער.

די דיכטערן זאָגט:

מײַן שטים, וואָס איז געווען א פייגעלע אין האלדז,
איז איצט א לייביכע בא מיר אין ברוסט.

(„ליבשאפט“, ז. 24).

אָדער:

...א גרויסע שיינע וועלט האָט זיך צעעפנט
פארן בליק
פון מײַנע נאָכמילכאָמעדיקע אויגן.

(דאָרטן, ז. 72).

דער נאָכמילכאָמעדיקער פעריאָד אין בוימוואָלס שאפן טיילט זיך אויס סײַ אין קאמעס און סײַ אין אייכעס. דאָס איז צו זען פון איר ייִדישער זאמלונג „ליבשאפט“, פון אירע צוויי רוסישע זאמלונגען („לידער“, 1953, „מײַסעלעך פאר דערוואקסענע“, 1963) און פון אירע קינדער־ביכלעך. בוימוואָלס נאָכמילכאָמעדיקע שאפונג איז אדרעסירט צו קליין און גרויס. אופגעהיט די שפילעוודיקײַט, די קלאָרקײַט פון געדאנק, די זעלבשטענדיקע מאָניר, האָט בוימוואָל אָבער אין דעם אלץ דערגרייכט א באדײַטנדע פארפולקומונג, א סאך א טיפערן אינהאלט.

אין דער זאמלונג „ליבשאפט“ געפינען מיר א ריי באקאנטע מאָטיוון און בילדער, קינסטלערישע שטריכן פון אירע פריִערדיקע ביכער, אפילע פון גאָר ערשטן קינדער־ביכעלע (זע די ליד „גיי און ווייס“, ווו מיר באגעגענען אפילע די „צעקריגטע צוויי הענער“ פון ביכעלע „קינדער־לידער“): די מאָטיוון פון קינד, מאמע און קינד, נאטור, אינטימע מאָטיוון, ליריש־פילאָסאָפישע באאָבאכטונגען און, נאטירלעך, א ריי נײַע טעמעס, באזונדערס מילכאָמע־מאָטיוון. גאָר א גרויס אָרט (באזונדערס אין די „מײַסעלעך פאר דערוואקסענע“) פארנעמען איצט בא דער דיכטערן די אקטועלע טעמעס פון דערציִונג און מאָראל.

מע דארף דאָ אָפמערקן, אז בוימוואָלס מײַסעלעך זײַנען פאר איר זייער אָרגאניש און האָבן זיך ניט באוויזן פון דער העלער הויט. אויך פאר דער מילכאָמע האָט זי געשריבן פאבלען און מײַסעס פאר קינדער, אָבער די איצטיקע מײַסעלעך מיניאטורן זײַנען אָן א פארגלײַך שטארקער. זיי האָבן זיך בא איר אנטוויקלט אין א פרוכטבארן זשאנער און האָבן שוין באקומען א גוטן שעם באם לייענער און בא דער קריטיק.

אין בוך „ליבשאפט“ איז דאָ אן „ארײַנפיר־ליד“ צום „דימענטן־שלײַפער“, א ליד, וואָס רופט זיך איבער מיט אייניקע האלקינישע פילאָסאָפיש־לירישע מאָטיוון און איז כאראקטעריסטיש פאר ראָכל בוימוואָל, פאר איר שטרעבונג צו פארפולקומונג און מײַסטערשאפט.

יעדער שרײַבער און קינסטלער מוז זיך אָפט פארטראכטן אף דער פראגע פון מײַסטערשאפט, דערין אויך אף טעכנאָלאָגישע פראגן, אפילע אף דער „אויסערלעכער“ זײַט פון דער שורע, כאָטש פאָרם איז שטענדיק פארבונדן מיטן אינהאלט און איז א רעזולטאט פונעם אינהאלט. א הײַנטצײַטיקע ליד דארף קלינגען נײַ. סאָציִאליסטישער רעאליזם באטײַט הויכע קינסטלערישע קוואליטעט. דאָס פעלט נאָך אונדז אין א היפשער מאָס, און צו דעם דארפן שטרעבן אלע אונדזערע שרײַבער און דיכטער.

אין אירע לידער (דאָסראָוו קליינע, לירישע) איז בוימוואָל געבליבן טרײַ די טראדיציִאָנעלע פאָרמען און ריטמען, וועלכע קלינגען אָבער בא איר (עמעס, ניט אלעמאָל) פריש און נײַ.

איינער פון די סאמע באליבטע דיכטערישע אטריבוטן, מיט וועלכע בוימוואָל אָפערירט, איז דער פרילינג: אונדזער פרילינג, אין מײַן גרויסן פרילינג, דאָס פרילינגדיקע ווינטל, פרילינג־פרייד, באם פרילינג־טיש, א פרילינג־ווינט, א פרילינג־רעגן, כ׳וואָלט אין פרילינג זיך ארײַנגעזויגן, ערעוו־פרילינגדיקער שניי, ס׳פלייצט דער פרילינג אלץ אין דיר, ס׳האָט דער פרילינג זיך ארײַנגעריסן, — און נאָך א ריי אנדערע פרילינג־ניואנסן. בוימוואָל קוקט אף דער וועלט מיט „פרילינגדיקע אויגן“.

אויך די נײַע לידער, וועלכע בוימוואָל האָט לעצטנס פארעפנטלעכט, זאָגן איידעס וועגן א באדײַטנדיקן שוווּנג אין איר שאפן. דעריבער דערווארטן מיר פון דער דיכטערן נאָך א סאך נײַע גוטע ווערק, ווײַל קינסטלערישע מעגלעכקײַטן האָט זי גענוג, אויך א רײַכע דערפארונג און א שטארקן ווילן צו פארווירקלעכן אירע שעפערישע טרוימען און פלענער.

## זיכרוינעס

עסטער מאַרקיש־לאַזעבניקאָווע

# אַ באַגעגעניש מיט מאַרקישעס קינדהייַט


לאַווטע, טשודנאָוו, און אָט איז שוין פּאָלאָנע. אַמאָל, גאָר אַמאָל אַ שטעטל ווי אַלע שטעטלעך פונעם טכום־האַמוישעוו. הייַנט איז דאָ פון יענעם שטעטל, וואָס האָט געשמעקט מיט שימל פון האַלב־כאָרעווע קרעטשמעס, מיט ציגענער מילך און מיט פאַרלעגערטן רייעך פון אייַנגעהויקערטע שטיבלעך, פאַרבליבן ניט מער ווי דער וואַסער־טורעם בא דער סטאַנציע, וואָס אויפגעבויט האָט מען אים געוויס נאָך אין מיילעכסאָבעצקיס צייַטן.

אַגעוו, די סטאַנציע — דאָס איז נאָך ניט פּאָלאָנע. פּאָלאָנע, אָדער, ווי עס זאָגן טוישעווים, פּילעניע, איז העט דאָרט, הינטערן וועג־אויסבייג, אַ קילאָמעטער פינף ווייַטער.

אָבער די באַגעגעניש מיט מאַרקישעס קינדהייַט האָט זיך אָנגעהויבן ניט דאָרט, וווּ דעם פּאָעטס וויגל איז געשטאַנען, ניט אין פּאָלאָנע, נאָר ווען דער גרוי־גרינער רוקן פון באַן האָט זיך נאָך געשלענגלט איבערן געלבלעכן פּליין.

וואַלין. אַ גאָלדענער שטויב שווימט איבער די טוועפּעלדער. עס שנייַדן אויף דעם סטעפּ שורעסביימער. די צווייַגן זייַנען מאָדנע צעוואָרפן: אָט שפּרייטן זיי זיך פּאַראַלעל צו דער ערד, אָט גיבן זיי זיך אַ ריס אַרויף — צו דער זון, צום הימל. דער גרינער פלאַם פון די בלעטער צאַפּלט, פלאַטערט אין דער לופט... פונדאַנען, ווייַזט אויס, שטאַמען די „מענוירעס זילבערנע פון ביימער“ אין איינער פון מאַרקישעס פריִע לידער.

וואַלין. ווי האַרציק־וואַרעם האָט דיך באַזונגען מאַרקיש אין זייַן ערשטער פּאָעמע, וואָס טראָגט דייַן נאָמען!

אין וואַגאָן איז פול געפּאַקט: סעזאָן־אַרבעטער, קאָלווירטניקעס, קאָלווירטניצעס, ווייַבער מיט קוישן; ווער עס פאָרט אפן מאַרק — מיט פולן, ווער פונעם מאַרק — מיט ליידיקן.

— וווּהין פאָרט מען עס, טאָכטערוניו?

„טאָכטערוניו“ — אַזוי פלעגט מיך רופן מאַרקישעס טאַטע, רעב דאָוויד.

איך דריי זיך אויס — אַן אַלטער ייִד מיט אַ פּאָר ברייטע פּלייצעס, מיט אַ גראָווער באָרד. אין די קלאָרע בלויע אויגן — אַ יאַם מיט גוטסקייַט און אַ פריילעך פּייַערל. עס לאָזט זיך אויס, אַז מייַן נייַער באַקאַנטער פאָרט אויך קיין פּאָלאָנע. יאָ, וואָדען, אַוודע איז ער דאָרט ניט ס׳ערשטע מאָל. פּערעץ מאַרקיש? געהערט. ניין, אים אַליין האָט ער ניט געקענט. דערפאַר קען ער פּאָסטיקן. ווערדליק יענער איז אַלט נייַנציק מיט אַ גוטן סמיטשיק, איז ער געוויס געווען מאַרקישעס ערשטער רעבע, וואָרעם דאָס גאַנצע שטעטל קינדער האָט זיך בא אים געלערנט. ראַזמאַרינען קען ער אויך. אַ כאָכעם אַ ייִד. ניט אומזיסט אַרבעט ער אין שטאָטסאָוועט. פאַרוואָס גאָר שטאָטסאָוועט? שוין זשע ווייסט זי ניט, די טאָכטערוניו? נו אַוודע, פּילעניע איז שוין פון לאַנג אַ שטאָט!

זי וויל וויסן, די טאָכטערוניו, ווי מע רופט אים, דעם אַלטן ייִדן מיט דער ווייַסער באָרד און מיט די גוטע אויגן? אייַ, וואָס דאַרף זי עס, קנאַפּ פאַראַן אף דער וועלט אַלטע ייִדן?

אף דער פּלאַטפאָרמע אין פּאָלאָנע האָבן מיך באַגעגנט די ראַזמאַרינס — דער „כאָכעם דער ייִד“, וואָס אַרבעט אין שטאָטסאָוועט, און זייַן ברודער — אַ לערער. זיאַמע מאַנוילאָוויטש ראַזמאַרין איז אַ היסטאָריקער. דאָס איז געווען זייַן פאָרשלאָג — עפענען דאָ, אין פּאָלאָנע, אַ היסטאָרישן מוזיי. דאָס איז ער טאַקע באַשטאַנען, מע זאָל מיך אייַנלאַדן צוצוגרייטן פאַרן מוזיי מאַטעריאַלן וועגן מאַרקישעס לעבן און שאַפן.

מיר זעצן זיך אַרייַן אין אַווטאָבוס, וואָס פירט אונדז אַוועק אין שטאָט.

אין דער קליינער סאַזשלקע לינקס פון וועג, איבער וועלכן מיר פאָרן, שווימען קאַטשקעס. אפן בערגל צופּן גראָז ציגן.

ווייַסע ציגן!..
פירט מיך קלאָר־ווייַס ציגעלע
פון מייַן גאָלדן וויגעלע...

און וואָס נאָך איז פאַרבליבן פון דעם אַלטן שטעטל פּאָלאָנע — פּאָלאָנע פון מאַרקישעס קינדהייַט, פּאָלאָנע פון די יאָרן 1901—1912? דעם בעסמעדרעש און דעם בעסוילעם האָבן פאַרניכטעט די פאַשיסטן, פון די אַלטע שטיבלעך מיט בלינד־צוגעזשמורעטע פענצטערלעך איז אויך קיין זייכער ניטאָ. דער פּאָרצעלייַ־זאַוואָד און די פּאַפּיר־פאַבריק?

פון ביידע זייַטן שטאָט געריסן האָבן
זיך אינדער־הויך
אַנטקעגן הימל גרויזאַמע און בייזע טרויבן,
אַדורכגעשמועסט זיך מיט שוואַרצן רויך
זיי האָבן שטאָלץ, ניט צוטריטלעך פון אויבן...
...ברוקירטע וועגן אין דער לענג און אין
דער ברייט דאָרט
געלייגט האָבן זיך נידעריק און זיך געייַלט
צו ווייַזן יעדער פור און יעדן וואָגן,
צו ווייַזן יעדן אָנגעקומענעם פון ערגעץ ווייַט:
— צו דעם פּאַיאַנץ־זאַוואָד — באַדאַרף
מען דאָ גיין,
— צו דער פּאַפּיר־פאַבריק — אַ ביסל
אין דער זייַט, —

אַזוי האָט וועגן זיי געשריבן מאַרקיש אין דער ניט פאַרענדיקטער פּאָעמע „יערושע“. נאָר ניין, זיי זייַנען שוין ניט אַזעלכע, ווי מאַרקיש האָט זיי געזען. די ראַזמאַרינס זאָגן, אַז דאָס איז איצט דער שטאָלץ פון שטאָט. מאָרגן וועל איך זייַן דאָרט, און הייַנט ווילט זיך מיר פּראָסט און פּאָשעט אַרומשפּאַנען איבער די גאַסן, וווּ ס׳איז אַמאָל אַ באָרוועסער אַרומגעלאָפן רעב דאָווידס מאַרקישעס קרעטשאַראָווע ייִנגל. עמעס, די גאַסן זייַנען דעמאָלט געווען ניט געפּלאַסטערט.

אַ קליין געסל, — איצט טראָגט עס שעווטשענקאָס נאָמען, — פירט צום הויז, וווּ ס׳האָט געוווינט די מי־

שפאָכע מארקיש. יענץ הויז האָט אָפגעברענט, און אף זײַן אָרט איז אויסגעוואקסן א נײַע שטוב, און ס׳לעבן דאָרט נײַע באלעבאטים.

זיאמע ראַזמארין האלט פארשעמט אראָפגעלאָזט די אויגן, פונקט ווי ער וואָלט זײַן שולדיק, וואָס עס האָט אָפגעברענט דאָס הויז, ווו מארקיש איז געבוירן געוואָרן. איך קוק זיך אײַן אין פרעמדע פענצטער. אין זיקאָרן וואכן אוף געשיכטעס, וואָס מארקיש האָט דערציילט וועגן זײַן קינדהײַט, וועגן דעם זיידן שימשן־בער, וואָס איז אים געווען אזוי אײַנגעבאקן אין הארצן. שימשן־בער — אזוי האָט געהייסן זײַן מאמעס פאָטער.

די לעגענדעס, וואָס וועבן זיך ארום דער מישפּאָכע, הייבן זיך אָן טאקע פון שימשן־בער, בערקע דעם שנײַדער. אקוראט, פונוואנען ער איז געקומען קיין וואָלין, האָט קיינער ניט געוווּסט, א סוואָרע, אז בערקעס אָװעס האָבן אמאָל געלעבט אין שפאניע.

אהער איז בערקע דער שנײַדער געקומען פון סלאווטע און זיך באזעצט אינעם שטיבעלע, וואָס איז דאָ אמאָל געשטאנען.

ווינטער 1898 האָט מען פונדאנען, פון אָט דעם יערושע־הויז, אװעקגעטראָגן אין כיידער ארײַן פּערעץ מארקישן, דעמלט נאָך א קינד פון קוים דרײַ יאָר. טאקע מאמעש אװעקגעטראָגן, אָן אײַנגעוויקלטן אין א קאָלדרע, ווײַל יענעם טאָג האָט געסמאליעט א פראָסט און דאָס פיצל מיט די בלויע אויגן און טונקעלע קוטשערן איז נאָך געווען צו קליין, אז עס זאָל קאָנען זיך דערקלײַבן מיט די אייגענע פיס אין כיידער.

אזוי האָט זיך אָנגעהויבן די לער.

צו צען יאָר איז מארקיש שוין געווען א „פארדינער". ער איז אנטלאָפן פון דער היים און געוואָרן א מעשוירער אין שול. מיט אזא קאָל־נעגינע, האָבן גע־טײַנעט מעווינים, וועט ער ווערן א פרימא־כאזן. און אָט „גאסטראָלירט" ער שוין אין סאמע בערדיטשעוו. די שטאָט־באלעבאטים פויעלן בא אן אָנגעפּאָרענעם טענאָר, ער זאָל אים אויסהערן. מע גיט דעם יינגל געלט, ער זאָל זיך קויפן א נײַ העמד. קיין העמד האָט ער׳ניט געקויפט, דערפאר אָבער האָט ער צום ערשטן מאָל פאר לאנגע כאַדאָשים פאסטן אָנגעגעסן זיך צו זאט. איבער די הייסע זראזעס מיט קנאָבל האָט זיך די שטים „געזעצט". צום בארימטן טענאָר איז שוין ניט געווען וואָס צו גיין.

מארקיש האָט ליב געהאט אין די אָוונטן, ווען עס פלעגט זיך צונויפקלײַבן אונדזער גאנצע מישפּאָכע, דער־ציילן וועגן זײַן קינדהײַט. דאָס דערציילן פלעגט אים פארשאפן ניט קיין קלענערע האנאָע, איידער אונדז — דאָס הערן. די טראגיקאָמישע געשיכטע וועגן דעם, וויאזוי ער האָט זיך גענומען קנעלן פראנצויזיש מיטן איבער־געוואקסענעם בענאָקל פונעם פּאָלאָנער גוויר און מיט כארפּע פארטריבן געוואָרן, ווײַל געוווּסט פראנצויזיש האָט ער פונקט אזויפיל, וויפל מע קאָן זיך אויסלערנען, איבערבלעטערנדיק פאר איין נאכט אן אלטן לערנבוך, — אָט די געשיכטע איז די קינדער אונדזערע גאָר באזונ־דערס געווען געפעלן. טאָמער פלעגן זיי דעם פאָטער זאָגן, אז מיט א וואָך צוריק האָט ער זי דערציילט א ביסל אנדערש, פלעגט מארקיש, קאטשענדיק זיך פאר געלעכ־טער, ענטפערן: „ווי זשע דען? וואָס פאר א שרײַבער וואָלט איך געווען, ווען איך קאָן ניט יעדעס מאָל דערציילן עפּעס נײַס, אײַך זאָל זײַן אינטערעסאנט צו הערן".

צו פופצן יאָר, פלעגט מארקיש דערציילן, האָט ער שוין אָנגעהויבן שרײַבן לידער. אָבער ער האָט געמוזט זוכן א „לײַטישע" פּראָפעסיע, ווײַל דער פאָטער, א מעטופל מיט קינדער, האָט אים מיט גאָרנישט ניט געקאָנט העלפן.

אין 1912 איז אינעם שטעטעלע פּאָלאָנע געשאפן גע־וואָרן די ערשטע לײַ־ און שפּאָר־געזעלשאפט, וווהין מאר־קיש קומט אָן פאר אן אָנגעשטעלטן. ווו א וועקסל, ווו א באנק־דאָקומענט, איז ער געווען פארשריבן מיט מאר־קישעס שפּיצעכיקן און עקעכיקן קסאַוו.

— איר זאָלט אופהערן צו פאטערן דאָקומענטן, — האָט מען געוואָרנט מארקישן, — אָדער איר וועט בלײַבן אָן ארבעט.

נאָר מארקיש האָט געשריבן.

מאכט זיך אזא מײַסע. אין פּאָלאָנע איז געקומען צו פאָרן א יידישע וואנדער־טרופּע. מארקיש פארברענגט מיט די ארטיסטן א גאנצן טאָג, און אז עס איז צוגעפאלן דער אָוונט, האָבן די געסט זיך ארומגעקוקט, אז זיי האָבן ניט ווו צו נעכטיקן.

— ניט נעדײַגעט, — האָט זיי בארויִקט מארקיש. — איך וועל אײַך שוין אײַנאָרדענען.

באנאכט זײַנען צו פײַנשטיינען, דעם פּאָרזיצער פון דער לײַ־ און שפּאָר־געזעלשאפט, געקומען צו לויפן מענטשן:

— אן אומגליק. באנדיטן אין קאסע!

פײַנשטיין האָט געהייסן אופהייבן פון די בעטן נאָך עטלעכע מיטגלידער פון דער געזעלשאפט. ווען מען איז פארסאָפּעטע געקומען צו לויפן אין דער העל־באלויכ־טענער געבײַדע פון דער קאסע, האָט דער „באנקעט" געהאלטן אין סאמע ברען — אפן פּאָרזיצערס טיש האָט געפּאָרשקעט און געפײַערט דער סאמאָוואר, וואָס מארקיש האָט געבראכט צו שלעפן פון דער היים, און מארקיש אליין האָט געלייענט לידער...

אזוי האָט זיך געענדיקט אויך די דאָזיקע קאריערע זײַנע, די קאריערע פון אן אָנגעשטעלטן. ער איז ווידער געבליבן אָן ארבעט.

* * *

פון דעם אָרט, ווו עס איז אמאָל געשטאנען בערקע דעם שנײַדערס הויז, לאָזן מיר זיך אראָפּ צום טײַכל. אָט איז כאמוירע, א בײַטײַך פון האָרין. ער איז געבליבן אזא, ווי מארקיש האָט אים באזונגען אין די פּאָעמעס „וואָלין", „ברידער" און אין די פריִע לידער זײַנע. די ברעגעס זײַנען אויך איצט ניט פארשמידט אין גראניט, ניטאָ איבער אים קיין אײַזערנע בריק.

די זון האָט זיך שוין באלד געזעצט, די לעצטע שטראלן אירע באזוימען מיט א גאָלדן רעמל דעם קא־מיש. און עס לעבן אוף די שורעס פון מארקישעס ליד, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אין 1919:

דאָס טײַכל — כמארעדיק, אין גאָלד־קאמיש.
טשערעטן ברעכן זיך און דארן;
פארנאכטן — ווינטלדיק און נאקעט־פריש, —
אליין פון בוים שוין פאלן בארן.

דאָס טײַכל רוישט. לעבן דעם גרויסן גליטשיקן שטיין שווענקען פרויען וועש, פונקט ווי אמאָל, ווען מיט א מאכנע באָכערים פלעגט אהער קומען דאָס זשוואווע בלוי־אויגיקע יינגעלע:

א ווינטל ווירעט אויס דאָס טײַכל שטיל,
פון טאָג אף נאכט עפּעס פארקריצט...
און קילט
דאָס שטיקל שטיין, וואָס ווי א זשאבע זיצט...

און אויב ס'וואָלטן איצט „פּאסטעכלעך זיך איינס דעם צווייטן" געגומען איבערופן, וואָלט איך שוין באלד אָנגעהויבן גלייבן, אז דאָס איז פּאָלאָנע פון מארקישעס ווײַטער קינדהײַט.

— עפּשער וועט איר דורכפאָרן א שטעטעלע פּאָלאָנע?

— עפּשער וועט איר זען דאָרט א שטיבל מיט א גאנעק?

ניטאָ שוין לאנג דאָס שטיבל, ניטאָ דער גאנעק, נאָר עס לעבט אין הארצן און אין זיקאָרן פון די פּאָלאָנער טוישווים דאָס שיינע געשטאלט פון זייער בען־איר דעם פּאָעט פּערעץ מארקיש.

די שקיִע איז שוין אויסגעלאָשן, שוין באלד נאכט. מיר קערן זיך אום אין האָטעל מיט דעם זעלבן וועג, מיט וועלכן מארקיש איז אין 1912 אַף שטענדיק אוועק פון פּאָלאָנע אין דער גרויסער וועלט ארײַן:

אַף ערד, אַף ערד, אַף הוילער ערד!
באָרוועס, ווײַט איבערן פּײַכטן פעלד...
הערט!
ווי ס'ווידערקאָלט מיר אָפּ ארום די גאנצע וועלט!

* * *

אָט דאָ, אין דעם הויז אַף דער לענין־גאס, אין צענטער שטאָט, וועט זײַן דער היסטאָרישער מוזיי. מיט זײַן אָרגאניזאטאָר זיאמע ראָזמארינען האָב איך אײַך שוין באַקענט. אומגעקערט זיך פון דער מילכאָמע, האָט ער אָרגאניזירט אין שול א קרײַזל פון יונגע היסטאָריקער, וועלכע האָבן דערנאָך געשאפן א שול־מוזיי — דעם קערן פונעם פּאָלאָנער שטאָטישן מוזיי.

אָט איז דער מאקעט פון דער מיטלאלטערלעכער פעסטונג פּאָלאָנע, געמאכט האָט אים א היגער יונגער קינסטלער. איבערן מאקעט הענגען אין א רעמל אונטער גלאָז מארקישעס שורעס:

יעדעס שטעטל האָט א פאָרשטאָט,
מיט א גרויסער וואנט באם קלויסטער...
וואנט אין דר'הויף עפּשער א ווערסט האָט,
גייט א ייִד פארבײַ איר, ווייסט ער
פון א „קרעפּאָסט" מיט מילכאָמע,
וואָס געפירט האָט יענער קאנט...

אָט זײַנען די סטענדן פון די פּאָלאָנער אונטערנעמונגען. זיי דערציילן וועגן דער געשיכטע פונעם פּאפּיר־קאָמבינאט אַף די פּאָנינקעס, ווו:

פערציק קײַלעכיקע יאָר, ווי רעגנבויגנס
ליכטיקע,
האָט אָפּגעקײַקלט אַף פּאָנינקער וועג צופוס
מײַן זיידע...

די סטענדן דערציילן וועגן פּאָרצעלײַ־זאוואָד, וואָס זײַן פּראָדוקציע איז איצט באוווּסט ניט נאָר אין אוקראַיִנע, נאָר אין גאָר דעם לאנד.

אָט זײַנען די פּאָטאָגראפיעס פון די טוער פונעם אונטערערדישן רעוואָליוציאָנערן קאָמיטעט אין דער צײַט פון בירגערקריג, פון די העלדן פון דער גרויסער פּאָטערלענדישער מילכאָמע, רומפולע זין און טעכטער פונעם לאנד, געבוירענע אין פּאָלאָנע.

אין דעם זאל געפינט זיך אויך די עקספּאָזיציע, וואָס דערציילט וועגן מארקישעס לעבן און שאפן. אַף די סטענדן — זײַנע פּאָרטרעטן, אָריגינאלן און פּאָטאָגראפיעס פון זײַנע קסאוויאדן, ביכער אַף פארשיידענע שפּראכן, ארויסגעגעבן אין פארשיידענע לענדער, — דער סאכאקל פון פערציק יאָר שעפערישער מי.

אהער אין מוזיי קומען אָפּט די, וואָס געדענקען מארקישן, וואָס האָבן פארהיט זײַנע ביכער, פּאָטאָגראפיעס.

— איך האָב געבראכט א זעלטן בילד. — שימען בענציאָנאָוו, אן ארבעטער פון „שטשעבזאוואָד", מיטגליד פון זשורנאליסטן־פאריין, א קאָרעספּאָנדענט פון דער געגנטלעכער צײַטונג, דערלאנגט מיר א פּאָטאָגראפיע. מיט גרויסע ווײַסע בוכשטאבן שטייט אָנגעשריבן „ערשטע פּאָלאָנער לײַ־ און שפּאָר־געזעלשאפט, 1912". אָט איז ער — יענער פײַנשטיין, וואָס איז געווען פּאָלנע באלעבאָס אין דער געזעלשאפט און ארויסגעיאָגט דעם יונגן מארקישן פאר טרײַ זײַן דער מוזע! און אָט איז דער זיבעצניאָריקער מארקיש. ער קוקט אַף אונדז פון א מעדאליאָן. דאָס איז, ווירקלעך, אן אוניקאלע פּאָטאָגראפיע. אָפּגעזוכט האָט זי דער הויפּט־בוכהאלטער פונעם פּאפּיר־קאָמבינאט אנאטאָלי פעדאָטאָוויטש האָפּאניוק.

געקומען אין מוזיי איז אויך ייִצכאָק ליבערטשוק, איינער פון די עלטסטע ארבעטער פונעם פּאָרצעלײַ־זאוואָד.

ליבערטשוק געדענקט די מישפּאָכע מארקיש, און פּערעצן געוויס. זיי וואָלטן איצט געווען אין איינע יאָרן. ייִצכאָק ליבערטשוק איז אלט 69 יאָר. ער איז שוין אַף פּענסיע. די גאנצע מישפּאָכע זײַנע האָט געארבעט אין פּאָרצעלײַ־זאוואָד. די ליבערטשוקס זײַנען פון דויר־דויִרעס פּאָרמאָװשטשיקעס. נאָר צײַטן בײַטן זיך, און בעלאָ, די ייִנגסטע פון דער דינאסטיע ליבערטשוקס, ארבעט שוין איצט אין קינסטלערישן צעך, זי מאָלט אַף פּאָרצעלײַ.

— יאָ, — דערמאָנט זיך ייִצכאָק, — ס'גאנצע לעבן איז פארבונדן מיטן זאוואָד. אָנגעהויבן די „קאריערע" מיט א פארדינסט פון 7 קאָפּעקעס א טאָג בא זוסמאנען, געענדיקט — מיט א פּענסיע פון 120 רובל בא דער סאָוועטסקע וולאסט. פון זאוואָד אוועק אין בירגערקריג שלאָגן זיך מיט די באנדעס. שפּעטער מיט יאָרן — אַף דער מילכאָמע קעגן פאשיסט. א האלבער יאָרהונדערט האָרעוואניע. שא, כ'האָב גאָר פארגעסן. זוסמאן האָט מיך געהאט ארויסגעיאָגט פון זאוואָד פאר עסן כאזער. נישקאָשע, די רעוואָליוציע האָט אים, דעם כאזער, ארויסגעיאָגט און מיך גערופן צוריק אין זאוואָד.

און אָט איז גאָר אן אנדער מין באזוכער. אין שולפּאָרמעס, מיט רויטע שניפּסן אפן האלדז — פּיאָנערן. זיי גייען זיך דורך איבער די צימערן מײַסע־באלעבאטים. א קלייניקײַט, זיי וועלן דאָך אָנטיילנעמען אין דער עפּענונג פון מוזיי. שורע וועט ארײַנטראָגן די פאָן פון דעם פּיאָנערישן אָטריאד, און סעריאָזשע וועט דערציילן, וויאזוי די פּיאָנערן האָבן געזאמלט עקספּאָנאטן. אלץ איז שוין גרייט, זשאנע! וואָס וועסטו לייענען אַף דער עפּענונג פון מוזיי? אנו, לאָמיר א רעפּעטיר טאָן.

זשאנע, דאָס צוועלפיאָריקע אוקראַיִנישע מיידעלע, לייענט, און פּערעץ מארקישעס לידער קלינגען סימבאָליש און פײַערלעך:

ס'טוט ניט באנק אונדז גרײַז און גרוי זײַן,
ווײַל געלעבט מיר האָבן ברויזנד
מיטן פאָלק און מיטן לאנד, —
גיס זשע אָן מיט פולער האנט,
אז צו גוטן ביז מעקאנע
זאָל די צוקונפט אונדז דערמאנען...

אַבא פינקעלשטיין

# ווערק פון ייִדישע שרייַבער אין די יאָרן 1962—1963

מיט יעדן יאָר וואַקסט דער אַלגעמיינער טיראַזש פון די ביכער, וואָס ווערן איבערגעזעצט פון ייִדיש אויף די שפּראַכן פון די פעלקער פון סאָוועטנפאַרבאַנד.

אויב אין 1961 האָט דער יערלעכער טיראַזש באַטראָפן 1 מיליאָן 222 טויזנט עקזעמפּליאַרן[1], איז ער אין 1962 אויסגעוואַקסן ביז 2 מיליאָן 755 טויזנט, און אין 1963 ביז 5 מיליאָן 509 טויזנט.

אין גאָר גרויסע טיראַזשן דערשייַנען די ווערק פון אונדזערע קלאַסיקער. די ביכער פון שאָלעם־אַליכעמס און י.־ל. פּרעצעס ווערן געדרוקט ניט ווייניקער ווי צו 100 טויזנט עקזעמפּליאַרן יעדעס בוך. קאָלאָסאַלע, בוכשטעבלעך מיליאָניקע ציפערן דערגרייכט די צאָל קאָפּיעס, אין וועלכע עס ווערט אַרויסגעגעבן די קינדער־ליטעראַטור.

דער מאָסקווער פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל" דרוקט, אַלס קלאַל, די פּראָזע־ווערק פון די ייִדישע סאָוועטישע שרייַבער אין דורכשניט צו 30 טויזנט עקזעמפּליאַרן און פּאָעטישע זאַמלונגען — צו 7500 יעדעס בוך.

## זשאַנרען און טיראַזשן

פאַר די יאָרן 1962—1963 זייַנען דערשינען 67 ביכער פון פופציק ייִדישע שרייַבער. זייער אַלגעמיינער טיראַזש האָט באַטראָפן 8 מיליאָן 265 טויזנט עקזעמפּליאַרן. דאָס איז אַ ניט געהערטע ביז איצט צאָל. די פאַרגרעסערונג גייט אין גרונט אויפן כּעשבון פון דער קינדער־ליטעראַטור, וואָס איר טיראַזש איז באַדייַטנדיק אויסגעוואַקסן אין 1963 לעגאַבע 1962.

לויט באַזונדערע זשאַנרען זייַנען פאַר די פאַרגאַנגענע צוויי יאָר דערשינען:

טאַבעלע 1

| זשאַנרען | צאָל ביכער | | | טיראַזשן | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1962 | 1963 | פאַר 2 יאָר | 1962 | 1963 | פאַר 2 יאָר |
| פּראָזע | 13 | 12 | 25 | 463 000 | 355 000 | 818 000 |
| פּאָעזיע | 12 | 5 | 17 | 63 100 | 27 500 | 90 600 |
| קינדער־ליטעראַטור | 8 | 12 | 20 | 2 224 500 | 5 092 000 | 7 316 500 |
| אַנדערע זשאַנרען | 3 | 2 | 5 | 4 600 | 35 000 | 39 600 |
| סך־הכּל | 36 | 31 | 67 | 2 755 200 | 5 509 500 | 8 264 700 |

עס איז ווערט צו אָפּמערקן, אַז ניט געקוקט אויף די גרויסע טיראַזשן, ווערט די מערהייַט ביכער פאַרקויפט אין קורצע טערמינען און די פאַרלאַגן דרוקן צווייטע און דריטע אויפלאַגעס פון דעם אָדער יענעם בוך.

קעדיי צו געבן אַ פאָרשטעלונג וועגן אָנבאָט און נאָכפרעג אויף די ביכער פון ייִדישע שרייַבער, דאַרף אויך געוויזן ווערן דער דורכשניטלעכער טיראַזש פון די ביכער. עמעס, ניט שטענדיק שפּיגלט אָפּ דער טיראַזש דעם נאָכפרעג אויפן בוך. אָבער ציפערן בלייַבן ציפערן, און מיר מוזן זיך מיט זיי רעכענען.

די דורכשניטלעכע טיראַזשן לויט באַזונדערע ליטעראַטור־זשאַנרען זייַנען געווען (זע טאַבעלע 2).

די טאַבעלע ווייַזט, אַז אין 1963 איז דער דורכשניטלעכער טיראַזש פון דער פּראָזע לעגאַבע 1962 געפאַלן אַן ערך אויף 6 טויזנט עקזעמפּליאַרן. מיט וואָס דערקלערט זיך עס? אַלס קלאַל, איז דאָך דער קלענסטער טיראַזש פון אַ פּראָזע־בוך 30 טויזנט, און אויך אין 1962—1963 זייַנען ניט ווייניק ביכער דערשינען אין אַ צאָל פון 100 טויזנט עקזעמפּליאַרן? טיילווייַז קאָן עס דערקלערט ווערן דערמיט, וואָס אייניקע פאַרלאַגן דיסקאָנטירן נאָך זייער שלעכט דעם נאָכפרעג. צום בייַשפּיל, דער פאַרלאַג „ראַדיאַנסקי פּיסמעניק" (קיִעוו) האָט אין 1963 אָפּגעדרוקט אין אוקראַיִניש שאָלעם־אַליכעמס „בלאָנדזשענדע שטערן" סך־הכּל אין 15 טויזנט עקזעמפּליאַרן (אַ בוך פון 29 דרוקבויגן!), דער פאַרלאַג „קאַרטיאַ מאָלדאָווענעסקע" (קעשענעוו) האָט דאָס זעלבע בוך געדרוקט אין דער מאָלדאַווישער שפּראַך בעסך־הכּל 3 טויזנט עקזעמפּליאַרן! דאָס איז, פאַרשטייט זיך, שפּאָט־ווייניק פאַר די דאָזיקע אויסגאַבעס.

[1] זע אונדזער אַרטיקל „ווערק פון ייִדישע שרייַבער אין די יאָרן 1955—1961", „סאָוועטיש היימלאַנד", נומ. 3, 1962.

טאבעלע 2

| זשאנרען | דורכשניטלעכע טיראזשן | | |
|---|---|---|---|
| | 1962 | 1963 | פאר 2 יאָר |
| פראָזע | 35 615 | 29 583 | 32 720 |
| פּאָעזיע | 5 258 | 5 500 | 5 329 |
| קינדער־ליטעראטור | 278 062 | 424 333 | 365 825 |
| אנדערע זשאנרען | 1 533 | 17 500 | 7 920 |

## שפראכן

אינטערעסאנט זײַנען די ציפערן, וועלכע ווײַזן די צאָל און דעם טיראזש פון די דערשינענע ביכער אין באזונדערע שפראכן (זע טאבעלע 3).

ווי ס׳ווערט קלאָר פון דער טאבעלע, איז די גרעסטע צאָל ביכער פאר די צוויי יאָר דערשינען אין רוסיש און זייער טיראזש האָט באטראָפן העכער 8 מיליאָן עקזעמפּליארן. דאָס איז א פארשטענדלעכע און נאָרמאלע דערשײַנונג, ווײַל דער גרעסטער טייל פון דער באפעלקערונג בא אונדז אין לאנד רעדט און לייענט רוסיש. די ייִדישע ליטעראטור האָט, אזויארום, א מעגלעכקײַט קומען צו די ברייטסטע לייענער־מאסן.

טאבעלע 3

| שפראכן | 1962 | | 1963 | | סאכאקל פאר 2 יאָר | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | צאָל ביכער | טיראזשן | צאָל ביכער | טיראזשן | צאָל ביכער | טיראזשן |
| רוסיש | 24 | 2 652 300 | 27 | 5 445 500 | 51 | 8 097 800 |
| אוקראַיִניש | 5 | 63 400 | 2 | 30 000 | 7 | 93 400 |
| ווײַסרוסיש | 3 | 12 000 | 2 | 34 000 | 5 | 46 000 |
| מאָלדאוויש | 3 | 12 500 | — | — | 3 | 12 500 |
| אזערבײַדזשאניש | 1 | 15 000 | — | — | 1 | 15 000 |
| סאכאקל | 36 | 2 755 200 | 31 | 5 509 500 | 67 | 8 264 700 |

## פארלאגן

וועלכע פארלאגן האָבן אָפּגעדרוקט די 67 ביכער פון די ייִדישע שרײַבער, וויפל ביכער און אין וועלכע טיראזשן האָט יעדער פארלאג ארויסגעלאָזט? אף דעם גיט אונדז אן ענטפער די טאבעלע 4.

זייער אן אָנשוילעכע טאבעלע. ווי מע זעט, האָט די גרעסטע צאָל ביכער (18) ארויסגעלאָזט דער מאָסקווער פארלאג „סאָוועטסקי פּיסאטעל״. דער דאָזיקער פארלאג דרוקט (שוין דאָס פערטע יאָר) יערלעך א סטאבילע צאָל ביכער פון די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער — צו נײַן ביכער א יאָר. דער מאָסקווער דעטגיז האָט פאר די צוויי יאָר אָפּגעדרוקט די גרעסטע צאָל עקזעמפּליארן (העכער 6 מיליאָן 600 טויזנט). אויב נעמען בלויז דאָס 1963 יאָר, באקומט זיך א דורכשניטלעכער טיראזש פון 486 טויזנט פאר יעדן בוך (גאָר ניט קיין שלעכטע ציפער). אפן צווייטן אָרט גייט דער פארלאג „דעטסקי מיר״, וואָס האָט ארויסגעגעבן 4 ביכער פון די ייִדישע סאָוועטישע דיכטער מיט א טיראזש פון 690 טויזנט עקזעמפּליארן.

דער פארלאג „דעטגיז״ האָט אינעם 1963 אָפּגעדרוקט 10 ביכער פון די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער, דה. אין 3 מאָל מער, ווי אינעם 1962 (אפילע אריבערגעיאָגט דעם פארלאג „סאָוועטסקי פּיסאטעל״). וואָס איז שײַעך דעם קיִעווער דערזשליטסווידאוו, וועלכער האָט אין די פריִערדיקע יאָרן ארויסגעגעבן צו עטלעכע ביכער א יאָר, האָט ער אין 1963 איבער טעכנישע סיבעס די ביכער, וואָס זײַנען געווען פארפּלאנירט צום דרוקן, אריבערגעטראָגן אפן 1964.

די גרעסטע צאָל קינסטלערישע ליטעראטור האָבן געדרוקט דער פארלאג „סאָוועטסקי פּיסאטעל״ (העכער 328 טויזנט עקזעמפּליארן) און דער מאָסקווער גאָסליטיזדאט (340 טויזנט). די רעפּובליקאנישע פארלאגן פון אוקראַיִנע, ווײַסרוסלאנד און מאָלדאוויע האָבן אין 1963 עטוואָס פארגרעסערט זייערע טיראזשן בענעגייע 1962.

---

בייס ס׳איז געשריבן געוואָרן אונדזער ארטיקל וועגן די ביכער פון ייִדישע שרײַבער פאר די יאָרן 1955—1961, האָבן מיר נאָך ניט געהאַט די נייטיקע ידיִעס וועגן 13 ביכער פון 7 אווטאָרן, וועלכע זײַנען אין יענע יאָרן דערשינען: אין פארלאג „דעטסקי מיר״ (8 ביכער),

אין מעלוכע־פארלאג פון ווסער (2 ביכער), אין מוזגיז (2 ביכער) און אין „סאָוועטסקי קאָמפּאָזיטאָר" (1 בוך). זייער אלגעמיינער טיראזש האָט באטראָפן 1 מיליאָן 488 טויזנט עקזעמפליארן. די דאָזיקע ציפער דארף צוגעגעבן ווערן צו די סאכאקלען, וועלכע מיר האָבן פובליקירט פאר די יאָרן 1955—1961.

טאבעלע 4

| פארלאגן | צאָל ביכער | | | טיראזשן | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1962 | 1963 | סאכאקל | 1962 | 1963 | פאר 2 יאָר |
| „סאָוועטסקי פּיסאטעל", מאָסקווע | 9 | 9 | 18 | 152 700 | 175 500 | 328 200 |
| גאָסליטיזדאט, מאָסקווע | 4 | 2 | 6 | 230 000 | 110 000 | 340 000 |
| דעטגיז, מאָסקווע | 3 | 10 | 13 | 1 750 000 | 4 860 000 | 6 610 000 |
| „דעטסקי מיר", מאָסקווע | 4 | 2 | 6 | 465 000 | 225 000 | 690 000 |
| „מאָלאָדאיא גווארדיא", מאָסקווע | 1 | — | 1 | 3 000 | — | 3 000 |
| „סאָוועטסקי קאָמפּאָזיטאָר", מאָסקווע | 1 | — | 1 | 1 550 | — | 1 550 |
| מעלוכע־פארלאג פון ווסער, מינסק | 3 | 3 | 6 | 12 000 | 49 000 | 61 000 |
| „ראדיאנסקי פּיסמעניק", קיִעוו | 2 | 3 | 5 | 23 000 | 60 000 | 83 000 |
| דערזשליטווידאוו, קיִעוו | 3 | — | 3 | 68 000 | — | 68 000 |
| „קארטיא מאָלדאָוועניאסקע", קעשענעוו | 3 | 1 | 4 | 12 500 | 15 000 | 27 500 |
| מעלוכע־פארלאג פון לעטלאנד, ריגע | — | 1 | 1 | — | 15 000 | 15 000 |
| טאדזשיקגאָסיזדאט, דושאנבע | 1 | — | 1 | 20 000 | — | 20 000 |
| דעטיוניזדאט, באקו | 1 | — | 1 | 15 000 | — | 15 000 |
| אָדעסער געגנטל. ביכער־פארלאג, אָדעס | 1 | — | 1 | 2 450 | — | 2 450 |
| סאכאקל | 36 | 31 | 67 | 2 755 200 | 5 509 500 | 8 264 700 |

## אלגעמיינער סאכאקל

קעדיי דער פארינטערעסירטער לייענער זאָל ניט דארפן זוכן די נייטיקע יעדיעס אין עטלעכע ערטער, זאָל אונדז דערלויבט זיין מאכן אן אלגעמיינעם סאכאקל פון די דערשינענע ביכער פון יידישע שרייבער פאר די יאָרן 1955—1963 (זע טאבעלע 5).

פאר די אָנגערופענע יאָרן האָבן 92 יידישע שרייבער אָפּגעדרוקט אף נייַנצן שפּראכן 267 ביכער מיט א טיראזש פון 21 מיליאָן 683 טויזנט עקזעמפליארן.

טאבעלע 5

| יאָרן | אוטאָרן | דערשינענע ביכער | טיראזשן |
|---|---|---|---|
| 1955—1961 | 80 | 200 | 13 419 685 |
| 1962—1963 | 12 | 67 | 8 264 700 |
| 1955—1963 | 92 | 267 | 21 683 385 |



# בריוו און ענטפערס

טײַערער יעכיִעל פאליקמאן!

נאָכאמאָל האָט איר אונדז, די געבוירענע און וואָלינער שטעטעלע ליובאר, צוגעטראָגן א מאטאָנע — אײַער דערציילונג „געלע מילן" („סאָוועטיש היימלאנד" נומ. 6 פאַרן 1963 יאָר). איך זע מאמעש פאר מײַנע אויגן דעם טײַך סלוטש, דעם וואלד, דעם פּלאַץ, די גרויסע מיל, די באזעליאנער גאס, די עטלעכע גווירישע הײַזער און די פארפינצטערטע, נידעריקע, נאסע און ענגע אָרעמע הײַזקעס, די שטענדיק פארזאָרגטע פּנעמער פון טאטע־מאמע...

איך האָב איצט נאָכאמאָל איבערגעלייענט אײַער פריִערדיקע דערציילונג „דער ביטערער יאָדער" („סאָוועטיש היימלאנד" נומ. 2 פאַרן 1962 יאָר). ביידע ווערק שילדערן דאָס לעבן פונעם שטעטל אין דער צײַט פונעם רעוואָליוציע־שטורעם, די סטאבּיליזירונג פון דער סאָוועטנמאכט, דערנאָך — דעם אומגליק פון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע, ווען דאָס שטעטל איז פארניכטעט געוואָרן פון היטלערן, יִמאַך־שמוי...

וואָס זשע הערט זיך מיט ליובאר אצינד? האָט איר עס ווידער געזען, דאָס שטעטל אונדזערס? שטייט נאָך אפן פּלאַץ אין צענטער פון שטעטל דער דענקמאָל די פארפײַניקטע העלדן אין קאמף קעגן די פּעטליוראָווצעס?

פון די דערציילונגען האָב איך שוין א געוויסע פארשטעלונג וועגן אײַערע קינדער־יאָרן און כיוויס, אז אזא־אָ קינדהײַט איז געווען בא פיל מענטשן, וואָס שטאַמען פון דער אמאָליקער שטעטלדיקער אָרעמשאפט. מעגלעך, אז אויך דער ווײַטערדיקער וועג זייערער אין לעבן איז אזא, ווי אײַערער.

אין מײַנע גאָר יונגע יאָרן בין איך געווען א לערערן אין ליובאר, און שפּעטער — א דאָקטערן אין בעסאַראַביע. כיהאָב געקענט ניט ווייניק פארוואָגלטע פאָלקסמענטשן, פונקט אזעלכע, ווי אײַער טאטע און מאמע, — קאָרבּאָנעס פון כראָנישער נויט. ווי גליקלעך איך בין צו וויסן, אז אויב ניט זיי, איז כאָטשבי די זין און טעכטער זייערע זײַנען זוכע געווען צו רעאליזירן זייערע שעפערישע קויכעס און ווערן עמעסע מענטשן.

זאָלן מיר אלע איבער דער גאָרער וועלט שוין האָבן דאָס גליק צו לעבן אין פרײַנטשאפט און שאָלעם, צו וואָס די מענטשהײַט לעכצט אזוי שטארק!

הינדע קאליוזשנאיא־ראָזענבלאט.
קאנאדע, קוועבעק, מאָנטרעאל, 29,
פילדינג־אוועניו, 204.

טײַערע פרײַנדן הינדע קאליוזשנאיא־ראָזענבלאט!

א גרוס אײַך פון אונדזער סאָוועטישער ערד, פון אונדזער היים, פון אונדזער שטעטל ליובאר.

יאָרהונדערטער איז ליובאר געלעגן אין טכום־האַמוישעוו, פונקט ווי ארומגערינגלט מיט א פארשפּראָכענער רייף — ארויס פון דאָרטן האָט מען ניט געקאָנט. צוויי וועגן נאָר האָבן געפירט פונעם שטעטל: איינער — אין עמיגראציע, דער צווייטער — פאר די איינצלנע בונטארעס — קיין סיביר אָדער אפן פּראָסטיקן צאָפן. אהין איז צווישן אנדערע פאריאָגט געוואָרן דורך די צארישע זשאנדארן אויך דער פלאמיקער באָלשעוויק וואָלאָדארסקי, וועלכער האָט אין ליובאר אָנגעהויבן זײַן רעוואָליוציאָנערע ארבעט.

דאָס לאנד אונדזערס האָט צעעפנט זײַנע ראכוועסן פאר די מענטשן פונעם שטעטל בלויז נאָכן זיג פון דער גרויסער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. די יונגע, די סאמע פלאמיקע און דרייסטע, זײַנען צוערשט אוועק אין דער רויטער ארמיי. און ווען ס'האָט זיך אײַנגעשטעלט פרידן, האָט מען זיך אוועקגעלאָזט לערנען און ארבעטן אין די שטעט און אף די נײַ־בויונגען. דעמלט האָט מען שוין געקאָנט באגעגענען ליובארער אין קיִעוו און אין מאָסקווע, אין אירקוטסק און וולאדיוואָסטאָק, אף די כערסאָנער סטעפּעס און צווישן די בירעבידזשאנער סאָפּקעס. דאָס שטעטל אליין האָט אויך געבליט, ס'איז פול געווען מיט אופגעריכטע מענטשן.

אָט ליגט פאר מיר אן ארטיקל „די געשיכטע פון שטעטל ליובאר", וואָס איז ניט לאנג צוריק אָפּגעדרוקט געוואָרן אין אן אוקראַיִנישן ארכיוו־ביולעטען. עס שרײַבט דער פארוואלטער פון ליובארער מוזיי ס. ליפּקאָ: „וווּנדערבאר שיין איז געווען דאָס לעבן אין ליובאר ביז דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע. צו יענער צײַט האָט דאָס שטעטל געציילט 2644 הײַזער און צען מיט א האלבן טויזנט אײַנוווינער. ברייט פאנאנדערגעוואָרפן פון ביידע זײַטן סלוטש, האָט דאָס שטעטל געטוקט זיך אין געדיכטן גרינס פון סעדער און פּארקן. רײַך און פריידיק האָט עס געלעבט, דאָס שטעטל — דער צענטער פון דער קאָלווירטישער ליובארשטשינע. דאָ איז געווען א קינאָטעאטער, א קולטור־הויז, א פּיִאָנערן־קלוב, א ראיאָנע ביבליִאָטעק, צוויי מיטעלע, צוויי זיבניאָריקע און צוויי אָנפאנגס־שולן, א קינדער־שטעטל פאר קימאט זעקס הונדערט דערציִגלינגען, א שפּיטאָל, א פּאָליקליניק, א גרויסער ציגל־זאוואָד, צוויי מילן, א מילך־זאוואָד, א באַרימטער אינטערנאציִאָנאלער קאָלווירט..."

די מילכאָמע האָט איבערגעריסן אָט דאָס ברויזיקע לעבן. דעם 8 יול 1941 זײַנען קיין ליובאר ארײַן די פאשיסטן, פארניכטעט אלע אונטערנעמונגען און קולטור־אנשטאלטן, געהאנגען און דערשאָסן 3544 מענטשן, פארטריבן אף קאטאָרגע קיין דײַטשלאנד 3050 יוגנטלעכע.

א סאך אונדזערע לאנדסלײַט האָבן געקעמפט אף די פראָנטן, דרײַ פון זיי האָבן באקומען דעם טיטל העלד פון סאָוועטנפארבאנד. געגאנגען איז דער קאמף אויך אין אונטערערד. דעם אָנפירער פון די ליובארער אנטיפאשיסטישע קעמפער — דעם קאָמוניסט וואסילי מאַרושקאָ האָבן די היטלעראָווצעס דערשאָסן.

פיל ליובארער האָבן באוויזן זיך עוואקויִרן אין מיטל־אזיע, אין סיביר, אפן ווײַטן מיזרעך און געבליבן שוין אף שטענדיק אין די נײַע היימען. אנדערע האָבן זיך אומגעקערט — ווער קיין ליובאר, ווער קיין קיִעוו, בערדיטשעוו, וויניצע, זשיטאָמיר. אין ליובאר לעבן איצט, לעמאָשל, די טעכטער פון יוינע דעם בלעכער: איינע איז א דאָקטערן, די צווייטע — א מעדיצינישע שוועסטער. עס זײַנען דאָ אויך פיל אנדערע, כיוויס אָבער ניט, צי איר געדענקט זיי. מע האָט קינדער, מע כאָוועט א נײַעם דאָר.

איך בין געווען אין ליובאר מיט א יאָר דרײַ צוריק. ווידער ווערט דאָס שטעטל שיין. נאָך אין 1946 האָט אן ארכיטעקטאָר, וואָס איז ספּעציעל אהין געשיקט געוואָרן, צונויפגעשטעלט א פּראָיעקט, וויאַזוי ווידער אופבויען דאָס שטעטל. עס שטייט אפן פריִערדיקן אָרט דער דענקמאָל פאר די העלדן פונעם בירגערקריג, און לעם אים — א צווייטער דענקמאָל — פאר די, וואָס זײַנען אומגעקומען אין קאמף פאר באפרײַען ליובאר פון די פאשיסטן.

נאָר ליובאר איז איצט, אויב מע קאָן זיך אזוי אויסדריקן, ניט נאָר אין ליובאר. קימאט אין יעדער שטאָט פון סאָוועטנפארבאנד טרעפן מיר מענטשן פון אונדזער שטעטעלע, מיט וועלכע מע מעג שטאָלצירן. אין מאָסקווע וווינט שלוימע דעם באלעגאָלעס זון לייב ווײַנער — ער איז דער הויפּט־הידראָגעאָלאָג פון א גרויסן וויסנשאפטלעך־פאָרשערישן אינסטיטוט (אגעוו, איז ער אײַערער א געוועזענער שילער און געדענקט אײַך גוט); עס וווינען דאָ די ברידער פארקמאן, טעוויע און יוסעף — ביידע שטאמען פון דער באזעליאנקע. איצט איז מען אָנפירער פון גרויסע בוי־אָרגאניזאציעס.

כיקאָן, נאטירלעך, ניט אויסרעכענען אלעמען און וועל אָנרופן בלויז אײנצלנע. אין איזשעווסק, דער הויפּטשטאָט פון אודמורטיע, וווינט סראָליק טשעראשניע, אונדזערער א בען־איר. ער איז איינער פון די אָנפירער פון דער אָרטיקער אינדוסטריע. אין פּענזע ארבעט אלס רעזשיסער אין טעלעוויזיע־סטודיע פּערעלע קאנטאָר, איינע פון די ווייניקע, וואָס האָבן זיך געראטעוועט אין ליובאר פון דער גרוב. אין גאָרקי ארבעט אלס אינזשעניער באָריס דעכטיאר — דער לערערן הינדע קויפמאנס זון (הינדע באָריסאָוונא איז דערשאָסן געוואָרן אין ליובאר, איר זון איז ווירדיק דורכגעגאנגען אלע פראָנטן). אין קאראגאנדע איז א לערערן ריווע מוטשניק. אין בירָאבידזשאן וווינט און איז שוין אף פּענסיע פּאָליע קאפּער.

וועגן די קאפּערס ווילט זיך דערציילן עטוואָס מער. דאָס איז געווען א מישפּאָכע פון סטאָליערס, גערופן האָט מען זיי די „טשאָלאָוויקס“. און טאקע — עמעסע מענטשן זײַנען דאָס. יאשע קאפּער, א סטאָליער־יונג, איז אלס קריגסגעפאנגענער פארבליבן אין קיִעוו און געווען איינער פון די, וואָס האָבן אָנגעפירט מיטן אופשטאנד אין באבי־יאר, בייס די פאשיסטן האָבן געצוווּנגען געשמידטע אין קייטן סאָוועטישע מענטשן פארברענען די קערפּערס פון די טויזנטער דערשאָסענע. יאשע וווינט איצט אין קיִעוו, ניט לאנג צוריק האָט ער באקומען א נײַע דירע און אויסגעמעבלירט זי „קעיאַד־האמעלעך“ — מיט די אייגענע הענט, פארשטייט זיך, ווי עס פּאסט פאר א דווירעסדיקן סטאָליער.

אָט אזוי לעבן מיר דאָ, אין אונדזער גרויסער היים. מיר זײַנען בירגער פונעם לאנד, וואָס בויט א ליכטיקע צוקונפט, דעם קאָמוניזם.

די ליובארער פארהאלטן זיך צווישן זיך פרײַנטלעך, מע קומט זיך צונויף בייס א יאָמטעוו. מע כאפּט זיך אויך אמאָל צוזאמען אראָפּ קיין ליובאר, קעדיי פארנייגן זיך פאר דער בלוטיק־אייגענער ערד, דערמאָנען די, וואָס האָבן אין קאמף און אין אייס־צאָרע די לעבנס אָפּגעגעבן.

די צוויי דערציילונגען מײַנע, וועגן וועלכע איר שרײַבט אין אײַער בריוו, זײַנען טאקע געווידמעט די אלע, וואָס מיר קאָנען אין זיי ניט פארגעסן. איך וויל אָנשרײַבן א גאנצן בוך אזא, וואָס וועט הייסן „מײַן לעבן אין אופבליצן“.

זײַט געזונט, קעמפּט פאר שאָלעם, היט איבער אײַערע קינדער און אייניקלעך די ליבע צו אונדזער סאָוועטישער ערד.

מיט טיפער אכטונג —

י. פאליקמאן,

קיִעוו.

כאָשעווער כאווער רעדאקטאָר!

איך בין לויט דער נאציאָנאליטעט א ווײַסרוס. אין 1941, ווען עס האָט אויסגעבראָכן די גרויסע פאָטערלענדישע מילכאָמע, האָב איך, א צוועלפיאָריק יינגל, געוווינט מיט מײַן מאמען אינעם קאָלווירט „מײַ“, וואָס געפינט זיך אף דער טעריטאָריע פון שאצקער דאָרפסאָוועט, קרופּקער ראיאָן, מינסקער געגנט. איך וויל דאָ דערציילן וועגן א גרויליקן אומענטשלעכן פארברעכן, וועלכן די דײַטשישע פאשיסטן זײַנען באגאנגען פאר מײַנע אויגן אין ראיאָן פונעם דערמאָנטן קאָלווירט. איך ווייס, אז וועגן די דײַטשישע רעציכעס אף דער צײַטווײַליקער אָקופּירטער סאָוועטישער טעריטאָריע שרײַבן טויזנטער סאָוועטישע מענטשן — לעבעדיקע איידעס. נאָר דער פארברעכן, וועגן וועלכן איך וויל דאָ דערציילן, איז אזוי גרויזאם און שרעקלעך, אז קאָלזמאן איך לעב, וועל איך אים געדענקען. איך האָב דעריבער באשלאָסן אָנשרײַבן דעם דאָזיקן בריוו.

אין א קורצער צײַט ארום נאָך דעם, ווי די פאשיסטן האָבן אָקופּירט ווײַסרוסלאנד, האָב איך אומעטום געהערט א נאָמען, וואָס האָט ארופגעוואָרפן אן איימע אף דער גאנצער באפעלקערונג, געמאכט ציטערן קליין און גרויס, — דאָס איז געווען דער נאָמען פונעם דײַטשישן גענעראל הויזינגער.

אן ערעך א האלבן קילאָמעטער פונעם קאָלווירט „מײַ“ האָבן זיך געפונען טאָרף־פעלדער, ווו מע פלעגט ביז דער מילכאָמע ארויסבאקומען טאָרף. דאָרט זײַנען געווען פארטיקע גריבער פון דריטהאלבן מעטער די ברייט. די היטלעריסטן האָבן די דאָזיקע גריבער דערפירט ביז 30 מעטער די לענג. סאָף סענטיאבער 1941 האָבן זיי לויטן באפעל פונעם גענעראל הויזינגער געבראכט אהער צו טרײַבן די גאנצע יידישע באפעלקערונג פון קרופּקע אין א צאָל פון 1356 מענטשן. די דאָזיקע ציפער איז אן אבסאָליוט פינקטלעכע.

כאָטש איך האָב ניט געוווּסט, וווּהין און נאָך וואָס מע טרײַבט אזויפיל יידן, האָט שוין דאָס בילד אליין ארויסגערופן א ציטער אין מײַן לײַב. איך בין בײַגעקומען די שרעק און אן דער מאמעס וויסן אוועק מיטן געדיכטן וועלדל, וואָס באם ברעג טײַך, צו דעם אָרט, וווּהין מע האָט געבראכט צו פירן די יידן. איך בין מיט די ביימער געווען פארשטעלט פון אלע זײַטן, קיינער האָט מיך ניט געקאָנט זען. איך אָבער האָב געזען אלץ.

די יידן זײַנען געשטאנען בא די אָפענע טאָרף־גריבער. צוויי פון זיי האָבן די היטלעריסטן באפוילן, זיי זאָלן ברענגען א ברייטע ברעט און אריבערוואַרפן זי איבער איינער פון די גריבער. דערנאָך איז א פאשיסט צוגעגאנגען צום האמוין און גענומען טײַטן אף באזונדערע מענטשן מיט די פינגער, זיי זאָלן ארויסגיין פאָרויס. עס זײַנען ארויס צען יידן, צווישן זיי א פרוי מיט צוויי קינדער. איין קינד, אן אייפעלע פון 10—11 כאדאָשים, האָט זי געטראָגן אף די הענט, דאָס צווייטע קינד, אין עלטער פון בערערך דרײַ יאָר, האָט זי געפירט פאר א הענטל. לויטן באפעל פון דעם זעלבן דײַטש האָט מען די צען יידן צוגעפירט ביז א מעטער 20 פון די גריבער

און געהייסן זיי אויסטאָן פון זיך אלץ, ביזן אונטערשטן וועש. די אויסגעטאָנענע זאכן האָבן די דײַטשן ארײַנגעוואָרפן אין א לאסטמאשין. א צווייטער דײַטש איז צוגעגאנגען צו דער פרוי, אָנגענומען דאָס אייפעלע פאר א פיסל און ארויסגעריסן עס פון אירע הענט. דאָס גרעסערע ייִנגל האָט ער אָפּגעשלעפּט אין א זײַט. גלײַכצײַטיק האָט דער ערשטער דײַטש באפוילן די צען ייִדן, זיי זאָלן ארופגיין אף דער ברייטער ברעט.

צווישן דעם האמוין, ווען מע האָט דאָס אלץ דערזען, האָט זיך אופגעהויבן א הארצרײַסנדיק געשריי. די צען ייִדן האָבן געמוזט גיין פאָרויס. פון ביידע זײַטן גרוב זײַנען זיי נאָכגעגאנגען צען היטלעריסטן מיט ביקסן אין די הענט. געשטאנען זײַנען די ייִדן מיט די פּאָטיליצעס צו די מערדער. אָן אָפּיצער האָט אופגעהויבן זײַן האנט אין דער הייך. דעמלט האָבן אלע צען פאשיסטן אָנגעצילט די ביקסן. דער אָפּיצער האָט טייקעף אראָפּגעלאָזט די האנט, און ס'האָט זיך דערהערט א זאלפּ. באלד האָב איך דערזען, ווי נײַן ייִדן, און צוזאמען מיט זיי אויך די פרוי, זײַנען ארײַנגעפאלן אין גרוב. בלויז איין אלטיטשקער איז געבליבן שטיין אף די פיס. ער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּאָנעם צו די פאשיסטישע טאליאָנים. דאן האָט דער אָפּיצער ווידער אופגעהויבן די האנט אין דער הייך, און אלע צען ביקסן האָבן זיך געגעבן א טראַג ארוף. דער אָפּיצער האָט די האנט אראָפּגעלאָזט אראָפּ, האָט זיך דערהערט א צווייטער זאלפּ. דער זאָקן איז געפאלן אף דער פלייצע, אויסגעשטרעקט די רעכטע האנט פאָרויס און אזוי אראָפּגעגליטשט זיך אין גרוב ארײַן. ווען אלע צען ייִדן זײַנען שוין געלעגן דערשאָסענע, האָט איינער פון די טאליאָנים א כאַפּ געטאָן פאר די פיסלעך דאָס אייפעלע, א זעץ געטאָן אין עפּעס מיטן קעפּל און, ווי א געקוילעט אָף, ארײַנגעשלײַדערט אין גרוב ארײַן. דעם גרעסערן ייִנגל האָט ער מיט א שמאטע, וואָס ער האָט ארויסגענומען פון א דערבײַ שטייענדיקן עמער, א שמיר געטאָן אונטערן נעזל. דאָס ייִנגל האָט גלײַך פארוואָרפן דעם קאָפּ און זיך צוגעזעצט. דעמלט האָט דער פאשיסט אים א כאַפּ געטאָן פאר די פיסלעך, א וויג געטאָן אין דער לופט און ארײַנגעשלײַדערט אין גרוב ארײַן.

פארענדיקט אָט דאָס שטיקל „ארבעט", איז דער ערשטער פאשיסט ווידער צוגעגאנגען צום האמוין ייִדן און ווידער גענומען טײַטן מיטן פינגער, ווער פון זיי דארף ארויסגיין פאָרויס. איך האָב געוואָלט אנטלויפן, קעדיי מער ניט צוזען אזא גרויל, נאָר די פיס האָבן זיך אָפּגעזאָגט מיר צו דינען. איך בין געבליבן ווי צוגעשמידט צום אָרט. ווען איך בין סאָפּקאָלסאָף געקומען צו לויפן אהיים, בין איך געווען אזוי איבערגעשראָקן, אז איך האָב קיין וואָרט ניט געקאָנט אויסריידן. איך האָב אָנגעהויבן שטאמלען. ביז הײַנט בין איך געבליבן א שטאמלער.

מיט דעם דאָזיקן בריוו וויל איך, אז מײַן שטים זאָל זיך צונויפגיסן מיט די שטימען פון אלע ערלעכע מענטשן פון דער וועלט, וועלכע פאָדערן, אז דער טאליען, דער מענטשנפרעסער הויזינגער זאָל טייקעף געשטעלט ווערן פארן געריכט און זאָל באקומען זײַן פארדינטע שטראָף.

אויב מע וועט באדארפן, איך זאָל באשטעטיקן דאָס, וואָס איך האָב דאָ דערציילט, קאָן איך יעטווידן טאָג, אין א באליביקער שאָ קומען און באווײַזן דאָס שרעקלעכע אָרט, וווּ עס געפינט זיך דער קייווער פון די 1356 אכזאָריִעסדיק און אומשולדיק פארשניטענע ייִדן.

בולאך פיאָטער אנטאָנאָוויטש.

אדרעס: סטאנציע אורושא, טראנסבײַקאלער אײַזנבאן, פארטיזאנער־גאס, 38.

כאָשעווער פרײַנט פ. א. בולאך!

מיר דריקן אײַך אויס אונדזער טיפן דאנק פאר דעם זייער ווערטפולן בריוו. אלע ידיִעס, וועלכע זײַנען אין אים געבראכט, וועלן מיר איבערשיקן אין די געהעריקע אנשטאלטן און געזעלשאפטלעכע אָרגאניזאציעס, וועלכע זאמלען דאָקומענטאלע מאטעריִאלן, קעדיי צוציִען צו געריכטלעכער פאראנטוואָרטלעכקײַט דעם גענעראל — דעם טאליען הויזינגער.

ר ע ד א ק צ י ע

כאָשעווער ה. רעמעניק!

איך, שאָלעם־אליינעמס טאָכטער ליאליע קאופמאן, האָב איבערגעלייענט אײַער בוך „שאָלעם־אליינעם"[1] און בין אנציקט פון אים. מער פון אלץ האָט מיך גערירט אײַער גרויסע ליבע צום שרײַבער. איר האָט בכלל אָפּגעטאָן א גרויסע ארבעט. א דאנק.

איך בין אויך א שרײַבערן. איך שרײַב קורצע דערציילונגען. איך האָב אָן ארטיקל וועגן מײַן פאָטער, וואָס הייסט „מײַן פאָטער — שאָלעם־אליינעם". כ'האָב עס אָנגעשריבן מיט 20 יאָר צוריק אף ייִדיש און ענגליש. איך האָב אויך איבערגעזעצט פון ייִדיש אף רוסיש צוויי זײַנע ביכער: „פונעם יאריד" און „ייִדישע קינדער".

איך גריס אײַך
ליאליע קאופמאן,
ניו־יאָרק.

הויכגעשעצטע ליאליע קאופמאן!

אײַער בריוו האָט מיך דערפרייט. איך בין צופרידן, וואָס מײַן באשיידענע ארבעט האָט נויסע־כיין געווען אין אײַערע אויגן.

יאָ, שאָלעם־אליינעם איז מײַן באליבטער שרײַבער. נאָך אין די דרײַסיקער יאָרן האָב איך פארעפנטלעכט אין ייִדישע און רוסישע זשורנאלן עטלעכע אָפּהאנדלונגען וועגן פארשיידענע פּראָבלעמען פון זײַן שאפונג. איך האָב זיך נאָך אומקערן צו דער דאָזיקער טעמע (ניט אומזיסט זאָגט מען, אז צום קעגנשטאנד פון זײַן ליבע קערט זיך א מענטש אום צוויי מאָל) און אָנשרײַבן א גרעסערע מאָנאָגראפישע אָפּהאנדלונג וועגן דעם לעבן און שאפן פון אונדזער גרויסן קינסטלער.

מיט גרויס דערעכערעץ און בעסטע ווונטשן
ה. רעמעניק.
מאָסקווע.

---

[1] ה. ר ע מ ע נ י ק. שאָלעם־אליינעם. גאָסליטיזדאט, מאָסקווע, 1963.

# כראָניק

פינף יאָר איז אַוועק זינט דעם טאָג, ווען דאָס הויז פאַר פרײַנטשאַפט מיט די פעלקער פון אויסלאַנד האָט אין מאָסקווע גאַסטפרײַנטלעך געעפנט זײַנע טירן.

פאַר דער צײַט זײַנען אין אָט דעם הויז 225 טויזנט פאָרשטייער פון פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, טוער פון וויסנשאַפט און קולטור, טוריסטן פון 103 לענדער וואַרעם אויפגענומען געוואָרן דורך די סאָוועטישע מענטשן, וועלכע שטרעבן צו שאָלעם און פרײַנטשאַפט צווישן אַלע פעלקער.

■

איבער 50 טויזנט בענדער יידישע און העברעיִשע ביכער פאַרמאָגט די ביבליאָטעק פונעם לענינגראַדער אינסטיטוט פון די פעלקער פון אַזיע בײַ דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון פססר. דער דאָזיקער ביכער־אוצר פאַרנעמט איינס פון די ערשטע ערטער אין דער וועלט לויט דער צאָל יידישע דרוק־אויסגאַבן פון XV—XIX יה.

דער ביכער־פאָנד פונעם אינסטיטוט שטאַמט פונעם אַזיאַטישן מוזיי, וועלכער האָט פון 1825 אָנגעהויבן באַקומען אָבליגאַטאָרישע עקזעמפּליאַרן פון אַלע געדרוקטע אויסגאַבן אין יידיש און העברעיִש. אין 1892 האָט דער מוזיי באַקומען אַלס מתּנה פון ל. פרידליאַנדן אַן אויסגעצייכנט קאָמפּלעקטירטע ביבליאָטעק פון בערעך 15 טויזנט בענדער, דערונטער 33 אינקונאַבולן (דה. ביכער, וועלכע זײַנען דערשינען זינט דער אַנטדעקונג פון ביכער־דרוק און ביזן יאָר 1500).

צווישן די דאָזיקע זעלטענע אויסגאַבעס געפינען מיר דעם טהילים מיט די קאָמענטאַרן פון דאָוויד קימכי, אַרויסגעגעבן אין באָלאָניע אין 1477, אַ ריי ווערק פונעם ראַמבאַם, אַרויסגעגעבענע אין רוים און נעאַפּאָל אין סאָף XV יה., דער איינציק־פאַרבליבענער עקזעמפּליאַר פון דער קורצער גראַמאַטיק פון דער יידישער שפּראַך פון מוישע קימכי אאַ.

רײַך זײַנען דאָ פאָרגעשטעלט די יידישע אויסגאַבעס פון סאָוועטישן פּעריאָד, סײַ קינסטלערישע, סײַ סאָציאַל־עקאָנאָמישע. די ביבליאָטעק פאַרמאָגט אַלע יידישע איבערזעצונגען פון די ווערק פון די קלאַסיקער פונעם מאַרקסיזם־לעניניזם.

■

די צײַטונג „ביראָבידזשאַנער שטערן" פאַרעפנטלעכט פּעריאָדיש ליטעראַרישע זײַטן. אונטערן קעפּל „ליטעראַטור און קונסט" זײַנען אין נומ. 33 פאַרן 1964 אָפּגעדרוקט אַ ריי ווערק פון פּראָגרעסיווע יידישע שרײַבער פון אַמעריקע: לידער פון מוישע שיפריס, כאַנע סאַפראַן, ש. בודין, דאָוויד סעלצער, עסטער קאַץ, אַ הומאָרעסקע פון סעם ליפּצין. מיט אַ פאַרצייכענונג וועגן לעבן אין ביראָבידזשאַן טרעט אַרויס דער אָרטיקער שרײַבער סאַלוואַדאָר באָרזשעס.

אַ רײַכע ליטעראַרישע כראָניק דערציילט וועגן מוזיקאַלן און טעאַטראַלן לעבן אין דער יידישער אַווטאָנאָמער געגנט.

■

די סאָוועטישע געזעלשאַפטלעכקײַט מערקט האַיאָר אָפּ 100 יאָר, זינט עס איז געבוירן געוואָרן דער זאַמלער און אויספילער פון רוסישע פאָלקסלידער מ. יע. פּיאַטניצקי.

מ. פּיאַטניצקי איז געבוירן געוואָרן אין וואָראָניעזשער געגנט. דאָ איז ער פון דער פריִער יוגנט אָן געוואָרן אַ לײַדנשאַפטלעכער ליבהאָבער און קענער פון דער פאָלקס־מוזיק. זײַן באַרימטער כאָר (אין 1940 באַקומען דעם טיטל מעלוכישער רוסישער פאָלקס־כאָר אויפן נאָמען פון פּיאַטניצקין) איז בײַ הײַנטיקן טאָג איינער פון די גרעסטע וואָקאַלע קאָלעקטיוון אין לאַנד.

■

דער באַוווּסטער ליטעראַטור־היסטאָריקער ייִסראָעל צינבערג האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַן אוניקאַלן אַרכיוו פון איבער 600 מאַנוסקריפּטן, וועלכע אַנטהאַלטן אַלע אָריגינאַלן פון זײַנע וויסנשאַפטלעכע ווערק איבער דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור. אין אַרכיוו געפינען זיך מאַטעריאַלן, וועלכע זײַנען פאַרבונדן מיט זײַן פונדאַמענטאַל ווערק אין צען בענדער „די געשיכטע פון ליטעראַטור בײַ יידן".

אַ באַדײַטנדיקן אָרט פאַרנעמט איינעם אַרכיוו צינבערגס קאָרעספּאָנדענץ מיט שרײַבער פון גאָר דער וועלט. ייִסראָעל צינבערג איז זײַנערצײַט, אַלס ליטעראַטור־רעדאַקטאָר פון דער יידישער ענציקלאָפּעדיע, געווען ענג פאַרבונדן מיט די ליטעראַטור־קרײַזן פון אַ סאַך לענדער. אין אַרכיוו געפינען זיך איבער 400 בריוו פון אָנגעזעענע שרײַבער, צווישן זיי — פון שאָלעם־אַלייכעמען, פּערעצן, ביאַליקן, שאָלעם אַש, אָפּאַטאָשו, ניגער, בערגעלסאָן אאַ.

איבער דער סיסטעמאַטיזירונג און באַשרײַבונג פונעם צינבערג־אַרכיוו אַרבעט איצט, לויטן אויפטראָג פונעם אינסטיטוט פון די פעלקער פון אַזיע בײַ דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע, דער היסטאָריקער הילעל אַלעקסאַנדראָוו.

■

דער קינסטלער טאַנכום קאַפּלאַן האָט זײַן באַוווּסטן אַלבאָם אילוסטראַציעס צו שאָלעם־אַלייכעמס „פאַרקישעפטן שנײַדער", וועלכער באַשטייט פון 26 ליטאָגראַפיעס, באַנײַט מיט נאָך 18. דער נײַער אַלבאָם איז דערשינען מיט אַ פאָרוואָרט פונעם דיכטער סאַמויִל מאַרשאַק.

■

אין פאַרלאַג „מאָלאָדאַיאַ גוואַרדיִאַ" דערשײַנט דער ראָמאַן פונעם טשעכישן שרײַבער יאַ. אָטשענאַשעק „ראָמעאָ, דזשוליעטע און די פינצטערניש" וועגן טראַגישן גוירל פון אַ יידיש מיידל און אַ טשעכיש ייִנגל בײַם דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע.

■

דער קינסטלער שלוימע גערשאָוו גרייט אַ גרויסע אויסשטעלונג, געווידמעט זײַן 50־יאָריקן שעפערישן וועג. נאָכן פאַרענדיקן די וויטעבסקער מאָלערײַ־שול, וווּ זײַנע לערער זײַנען געווען יעהודע פּען, מאַרק שאַגאַל, ראָבערט פאַלק, זעצט גערשאָוו פאָר די בילדונג אין לענינגראַדער קינסטלערישן אינסטיטוט. זײַנע פּייזאַזשן און פּאָרטרעטן ציִען צו די אויפמערקזאַמקײַט מיט זייער מײַסטערשאַפט.

ש. גערשאָוו איז געווען טעטיק אַלס טעאַטראַלער קינסטלער. אין יידישן טעאַטער פון ווײַסרוסלאַנד האָט ער קינסטלעריש אויסגעפאָרמירט די שטעלונגען „באַר־קאָכבאַ" און „שולאַמיס".

די לעצטע יאָרן אַרבעט שלוימע גערשאָוו איבער אַ סעריע בילדער לויט די מאָטיוון פון שאָלעם־אַלייכעמען. ער האָט שוין געשאַפן איבער 60 בילדער — אַ גאַנצע גאַלעריי פונעם שאָלעם־אַלייכעם־טיפּאַזש. דער

קינסטלער האָט אויך פאָרטראכט א סעריע בילדער לויט די מאָטיוון פון מענדעלע מויכער־ספאָרים און י.־ל. פערעץ.

■

אינעם מאָסקווער צענטראלן ליטעראטן־הויז האָט זיך געעפנט אן אויסשטעלונג „וויליאם שעקספיר אף דער סאָוועטישער בינע" פונעם קינסטלער אלעקסאנדער טישלער. אין דער עקספאָזיציע זײַנען צווישן אנדערע פאָרגעשטעלט טישלערס עסקיזן פון דעקאָראציעס צו דער שטעלונג „קיניג ליר" אינעם מאָסקווער ייִדישן מעלוכע־טעאטער.

■

די ליטווישע ליטעראַרישע צײַטונג „ליטעראטורא איר מיאנאס" („ליטעראטור און קונסט") האָט דעם 28 מארט פארעפנטלעכט הירש אַשעראָוויטשעס א ציקל לידער אין דער איבערזעצונג פון עד. מעזשעלײַטיס, יוסט. מארצינקיאוויטשוס, א. באלטאקיס אא.

■

צום 250־טן געבורטסטאָג פונעם ליטווישן קלאסיקער דאָנעלײַטיס קריסטיאָנאס (1714—1964) איז אין ווילנע דערשינען א יובילײ־אויסגאבע פון זײַן פאָעמע „די זון אפן הימל". דאָס ווערק איז אָפגעדרוקט אין אָריגינאל און אין איבערזעצונגען אף צען שפראכן: רוסיש, אוקראיִניש, ווײַסרוסיש, לעטיש, עסטיש, ייִדיש, פויליש, טשעכיש, דײַטש און איטאליעניש.

■

אין עלטער פון 59 יאָר איז געשטאָרבן דער טאלאנטפולער ייִדישער שוישפילער מאָטיע קאגאן. מ. קאגאן איז געבוירן אין 1905 יאָר אין מאָהילעוו. פון די פריִע יוגנט־יאָרן איז ער געווען פארבונדן מיט דער בינע. ער איז געווען איינער פון די פירנדיקע אקטיאָרן אינעם מינסקער ייִדישן מעלוכע־טעאטער, ווּו ער האָט גלענצנדיק אויסגעפילט די ראָלן פון פאָן־וואל אין קושניראָווס פיעסע „הירש לעקערט", נעזנאמאָוו אין אָסטראָווסקיס „אָן שולד שולדיקע", טאָרקוועמאדע אין לאָפע־דע־וועגאס „שעפסן־קוואל". די לעצטע יאָרן האָט מ. קאגאן געוווינט און געארבעט אין מינסק.

■

דער מאָסקווער פארלאג „מוזיקא" האָט ארויסגעגעבן א זאמלונג „לידער" פונעם באוווּסטן קאָמפאָזיטאָר ל. פולווער. די זאמלונג שליסט אײַן מוזיק צו 15 ייִדישע פאָלקסלידער.

■

אין דער ווארשעווער „פאָלקס־שטימע" דרוקט זיך אין פאָרזעצונגען דער ראָמאן פונעם סאָוועטישן שרײַבער יויסעף ראבין „באם ניעמאן", אין וועלכן עס ווערט ברייט געשילדערט דאָס לעבן אין ליטע אין פעריאָד צווישן די רעוואָליוציעס פון 1905 און 1917.

■

ווען דער נומער האָט זיך שוין געפונען אין דרוק, האָבן מיר באקומען די טרויעריקע יעדיִע, אז דעם 27 אפרעל איז געשטאָרבן מיכאיִל שאמבאדאל, איינער פון די עלטסטע מיטגלידער פון שרײַבער־פאריין, דער באוווסטער איבערזעצער אין רוסיש פון די ווערק פון די ייִדישע קלאסיקער, באזונדערס פון שאָלעם־אלייכעמען, און אויך פון די ווערק פון די סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער.

א טאלאנטפולער, הויכקוואליפיצירטער מײַסטער פון קינסטלערישער איבערזעצונג, האָט שאמבאדאל זײַן גאנץ לעבן אָפגעגעבן דער גרויסער און וויכטיקער ארבעט פון באקאנען דעם ברייטן סאָוועטישן לייענער מיט דער ייִדישער ליטעראטור.

ערע זײַן אָנדענק!

---

## נײַעס פון אויסלאנד

אין פאריזשער פארלאג „לעס עדיטער פראנסע רעאיִני" איז דערשינען עליע שעכטמאנס ראָמאן „ערעוו", וואָס איז אין 1962 פארעפנטלעכט געוואָרן אין „סאָוועטיש היימלאנד". אף פראנצויזיש האָט דעם ראָמאן איבערזעצט ראשעל ערטעל.

פאר דער פראנצויזישער אויסגאבע האָט עליע שעכטמאן אָנגעשריבן א ספעציעל פאָרוואָרט.

די פאריזשער „נײַע פרעסע" שרײַבט: „דאָס דערשײַנען פונעם בוך „ערעוו" פאר דעם פראנצויזישן לייענער־אוילעם איז א וויכטיקע ליטעראטור־געשעעניש. דער ראָמאן וועט באקאנען דעם ייִנגערן דאָר מיטן לעבן און קאמף פון דער ייִדישער באפעלקערונג אין צארישן רוסלאנד ערעוו דעם יאָר 1905".

■

ניט לאנג צוריק האָט די ווארשעווער „פאָלקס־שטימע" אָפגעדרוקט א פארצייכענונג „אָבלוטשיער באגעגענישן" פונעם ביראָבידזשאנער שרײַבער איציק בראָנפמאן. אין דער פארצייכענונג ווערט דערציילט וועגן דער ארבעט פון די אײַזנבאנלער אין דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט. עס האָבן זיך באוויזן אין דער „פאָלקס־שטימע" פארצייכענונגען פון די ביראָבידזשאנער שרײַבער ליובע וואסערמאן און סאלוואדאָר באָרזשעס.

■

אין ליסאבאָן איז דערשינען שאָלעם־אלייכעמס „טעוויע דער מילכיקער" אף פאָרטוגעזיש אין דער איבערזעצונג פון אילזע לאזאר. בא דער געלעגנהײַט איז אינטערעסאנט צו דערמאָנען, אז „טעוויע דער מילכיקער" איז מיט 40 יאָר צוריק איבערגעזעצט געוואָרן אין דײַטש, מיט 38 יאָר צוריק — אין פראנצויזיש און מיט 53 יאָר צוריק — אין רוסיש.

■

די ניו־יאָרקער פראָגרעסיווע צײַטונג „מאָרגן־פרײַהײַט" האָט ארויסגעגעבן א בראָשור פונעם באקאנטן געזעלשאפטלעכן און קולטור־טוער כאיִם סולער „די געפאר פון שווײַגן". דער אווטאָר ברענגט פאקטן און דאָקומענטן וועגן דער פארשפרייטונג פון אנטיסעמיטיזם אין אמעריקע. אין דער בראָשור ווערט אויך דערציילט וועגן די נאציסטישע ייִדן־מערדער, וואָס לעבן איצט אף דער פרײַ אין די פאראייניקטע שטאטן.

■

לעצטנס איז אין אויסלאנד אויסגעבראָכן מאמעש א מאגייפע פון גאנווענען בילדער פון די קונסט־מוזייען. ניט אויסגעמיטן דעם דאָזיקן גוירל האָט אויך דער בארימטער ייִדישער קינסטלער מארק שאגאל. אין סאן־פראנציסקאָ זײַנען פארשווּנדן 26 זײַנע ליטאָגראפיעס. די אמעריקאנער פאָליציי האָט זיך געווענדט צו די גאנאָווים, זיי זאָלן ניט פארניכטן, ניט צעשעדיקן די דאָזיקע קונסט־ווערק.

---



שאלעם-אליכעם.

קינסטלער ס. גרוזבערג.



הערשעלע אָסטראָפּאָליער

(אין דער שוישפּילערישער אינטערפּרעטירונג פון ר. רופינע אין מ. גערשענזאָנס קאָמעדיע)

קינסטלער ס. גרוזבערג.



מאָסקווע. רויטער פּלאַץ.

פאָטאָ ג. סאַמסאָנאָוו.

כ׳האָב ליב מײַן לאַנד, מײַן ראַכוועסדיק סאָוועטנלאַנד,
וווּ יעדער מענטש די זון טראָגט אין די אויגן.
אויף אָט דער ערד כ׳האָב שטענדיק פרײַ געשפּאַנט,
מײַן שטאָלצן קאָפּ פאַר קיינעם ניט געבויגן.
כ׳האָב ליב מײַן לאַנד, זײַן גאַנצע לענג און ברייט,
דעם רויטן פּלאַץ, די בלויע הימל־הייכן.
ווי לײַכטע פליגל כ׳האָב די הענט צעשפּרייט,
און אויבן מע דאַרף — די שטערן כ׳קאָן דערגרייכן.
כ׳האָב ליב מײַן לאַנד, דאָס פאָלק, וואָס בויט און שאַפט,
כ׳האָב ליב אונדזער פּאַרטיי — די לענינישע קראַפט, —
זי האָט געגעבן אונדז אי מוט, אי גליק, אי זינען
אַזאַ מין שפּאַן צו טאָן אויף אָט דער גרויסער ערד,
אַז ס׳מעגן אַלע פעלקער זיך פאַרגינען.

מאָטל גרוומאַן



אין קאָסמאָס.

סקולפּטאָר י. טשײַקאָוו.




# שרײַבער און ווערק

◆ דעם 12 מײַ ווערט 60 יאָר דעם פֿאָלקס־שרײַבער פֿון דער לעטלענדישער סאָוועטן־רעפּובליק ווילים לאַציס.



ברייט באַקאַנט דעם סאָוועטישן לייענער איז וו. לאַציסעס טרילאָגיע „די פֿינפֿגאָרנדיקע שטאָט“, „פֿייגל אָן פֿליגל“, „איבער די יאַמען פֿון גאָר דער וועלט“ און זײַן ראָמאַן „דעם פֿישערס זון“, אין וועלכע עס ווערט געשילדערט דאָס שווערע לעבן פֿון די לעטישע פֿאָלקסמאַסן בײַס דער בורזשואַזער הערשאַפֿט.

די נײַע היסטאָרישע פּראָצעסן אינעם לעבן פֿונעם לעטישן פֿאָלק און דעם זיג פֿון סאָציאַליסטישן לעבנס־שטייגער האָט וו. לאַציס קינסטלעריש פֿאַרקערפּערט אין זײַן ראָמאַן „צום נײַעם ברעג“, אין דער דרײַבענדיקער עפּאָפּיי „דער שטורעם“; אין דעם דאָזיקן ווערק זײַנען, אגעוו, פֿאַראַן א ריי רירנדיקע שטעלן וועגן דעם העראָישן געראַנגל און טראַגישן גורל פֿון די יִדן אין לעטלאַנד בײַס דער פֿאַשיסטישער אָקופּאַציע.

ווילים לאַציס איז איינער פֿון די אָנגעזעענסטע שרײַבער אין דער הײַנטצײַטיקער פֿילנאַציִאָנאַלער סאָוועטישער ליטעראַטור.

◆ דעם 16 מײַ ווערט 100 יאָר, זינט עס איז געבוירן געוואָרן ד״ר נאַטאַן בירנבוים, באַקאַנט אויך אונטער דעם פּסעוודאָנים מאַטיסיאָהו אכער. אין זײַן ליטעראַריש־געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקײַט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין די אַכציקער יאָרן פֿון פֿאָריקן יאָרהונדערט, האָט נאַטאַן בירנבוים דורכגעמאַכט קאָמפּליצירטע, אָפּט דיִאַמעטראַל־קעגנזעצלעכע אידייִשע איבערוואַנדלונגען:



פֿון סאָציִאַליזם צו פּאָליטישן ציִעניזם, פֿון קעמפּערישן אַטעיִזם צו רעליגיעזן פֿאַנאַטיזם. ניט געקוקט אָבער אַף אָט די אַלע גילגולים, האָט ער אין באַזונדערע פּעריִאָדן געשפּילט א געוויסע ראָל אין דעם יִדישן קולטור־לעבן. אין 1908 יאָר איז ער געווען איינער פֿון די איניציִאַטאָרן און דער פֿאָרזיצער פֿון דער טשערנאָוויצער יִדישער שפּראַך־קאָנפֿערענץ, אין וועלכער עס האָבן אָנטיילגענומען י.־ל. פּערעץ, אווראָם רייזען, שאָלעם אַש, כאַיִם זשיטלאָווסקי, עסטער פֿרומקין, שמועל אײַזנשטאַדט און אַנדערע אָנגעזעענע שרײַבער און קולטור־טוער.

נאַטאַן בירנבוים האָט איבערזעצט אַף דײַטש די ווערק פֿון י.־ל. פּערעץ, שאָלעם־אַליכעם, שאָלעם אַש אאַ. אין דער דײַטשישער פּעריִאָדישער פּרעסע פֿון סאָף XIX און אָנהייב XX יה. האָט ער פֿאַרעפֿנטלעכט א סאַך אַרטיקלען און רעצענזיעס וועגן דער מאָדערנער יִדישער דיכטונג און טעאַטער.

נאַטאַן בירנבוים איז געשטאָרבן אין 1937 יאָר אין האָלאַנד.

◆ אין אַפּרעל איז געוואָרן 75 יאָר, זינט עס איז געבוירן דער אַרטיסט און רעזשיסער מיכאַיִל ראַפּאַלסקי (1889—1937). אין 1908 ווערט ער אָנגענומען אין דער קיִעווער דראַמאַטישער שול פֿונעם סאָלאָווצאָוו־טעאַטער, ווו ער לערנט די שוישפּיל־קונסט באַם באַקאַנטן טעאַטער־מײַסטער ניקאָלײַ סאָווינאָוו. נאָכן ענדיקן די שול ווערט ער אַן אָנגעזעענער אַקטיאָר אין רוסישן טעאַטער, ווו מע טרויט אים אָן וויכטיקע ראָלן (די ראָל פֿונעם צאַר אין א. טאָלסטאָיס „צאַר פֿיאָדאָר איוואַנאָוויטש“, די ראָל פֿון דעם פֿירשט מישקין אין פֿ. דאָסטאָיעווסקיס „אידיאָט“, פּיאָטערס ראָל אין מ. גאָרקיס „באַלעבעסלעך“). מ. ראַפּאַלסקי איז געווען איינער פֿון די אַקטיווסטע בויער פֿונעם סאָוועטישן טעאַטער. זײַן רעזשיסערישער טאַלאַנט האָט זיך באַזונדערס בוילעט אַנטפּלעקט אינעם ווײַסרוסישן יִדישן מעלוכע־טעאַטער, מיט וועלכן ער האָט אָנגעפֿירט אין פֿאַרלויף פֿון א סאַך יאָרן. אונטער זײַן לייטונג זײַנען אין אָט דעם טעאַטער אופֿגעפֿירט געוואָרן די בעסטע ווערק פֿון דער יִדישער סאָוועטישער דראַמאַטורגיע — ד. בערגעלסאָנס „דער טויבער“, מ. קולבאַקס „בויטרע“, א. קושניראָווס „הירש לעקערט“, א. וועוויאָרקעס „נאַפֿטאָליע באָטווין“, פֿ. אראָנעס „פּאַרטיזאַנער“.



◆ מיט 70 יאָר צוריק איז אינעם בעסאַראַבער שטעטל טעלענעשט געבוירן דער דיכטער און דראַמאַטורג מוישע פּינטשעווסקי (1894—1955). אין 1913 אַנטלויפֿט ער פֿון זײַנע פֿאַנאַטישע עלטערן און אָרדנט זיך אײַן אַלס הייצער אף א האַנדלס־שיף, וואָס גייט קיין האַמבורג און פֿון דאָרט קיין אַרגענטינע. אין בוענאָס־אײַרעס אַרבעט מ. פּינטשעווסקי אַלס א שוואַרצאַרבעטער. דאָס ערשטע בוך פֿון זײַנע לידער אונטערן נאָמען „צוויט“, וואָס איז דערשינען אין אַרגענטינע אין 1918, איז רײַך מיט קרעפֿטיקע נאַטור־בילדער פֿון דעם דאָרעם־אַמעריקאַנער פּייזאַזש. אין 1921 פֿאַרלאָזט מ. פּינטשעווסקי דאָרעם־אַמעריקע, וואָגלט עטלעכע יאָר איבער פֿאַרשיידענע אייראָפּעיִשע לענדער און לעסאָף באַזעצט ער זיך אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד, ווו ער באַקומט די מעגלעכקײַט צו ווידמען זיך אויסשליסלעך דער ליטעראַרישער טעטיקײַט.



מ. פּינטשעווסקי האָט פֿאַרעפֿנטלעכט עטלעכע לידער־

זאמלונגען, א סאך געשריבן פאר קינדער. צווישן זײַנע ווערק טיילט זיך באזונדערס אויס די גרעסערע פּאָעמע „בעסאראביע", זײַנע פּיעסן „דער לעץ", „טרײַבט ארויס דעם שעד" און „איך לעב". אף מ. פינטשעווסקיס א ליברעטאָ „דער באָטשאַן" איז געשאפן געוואָרן א קינדער־באלעט, וואָס איז איבער צוויי יאָרצענדליק ניט אראָפּ פון דער סצענע פונעם מאָסקווער גרויסן אקאַדעמישן טעאטער.

◆ עס איז אלט געוואָרן 75 יאָר דער באוווּסטער סקולפּטאָר יוסעף טשײַקאָוו.



פאר טשײַקאָוון אלס קינסטלער איז כאראקטעריסטיש דער דראנג צו פארקערפּערן זײַנע געשטאלטן אין באוועגונג. זיי זײַנען דעריבער שטענדיק דינאַמיש, פול מיט לעבנס־ברויז.

באַם ארײַנגאנג אין דער טרעטיאקאָוו־גאלעריי שטייט א סקולפּטור־גרופּע — „פוטבאָליסטן" — דאָס איז טשײַקאָווס ווערק. „דער מאָטאָציקליסט", „וואָליבאָל", „לויף־פאַרמעסטונגען" — אזוי הייסן אנדערע זײַנע סקולפּטורן. ספּאָרט — דאָס איז איינע פון דעם קינסטלערס באַליבטסטע טעמעס. זי איז אים נאָענט טאקע דערמיט, וואָס דאָ קומט אמבוילעטסטן צום אויסדרוק די הארמאָנישקײַט און שיינקײַט פונעם מענטשלעכן קערפּער אין באוועגונג.

יוסעף טשײַקאָוו איז אויך באוווּסט אלס גלענצנדיקער פּאָרטרעטיסט. ער האָט געשאפן סקולפּטור־פּאָרטרעטן פון לענינען, מאיאקאָווסקין, פּאָוואָרסקין, פון א ריי ייִדישע שרײַבער און קונסט־טוער (בערגעלסאָן, מיכאָעלס, קוויטקאָ, דאָברושין, אש) אא.

לעצטנס האָט דער סקולפּטאָר צוגעגרייט פאר דער אויסשטעלונג „מאָסקווע — די הויפּטשטאָט פון אונדזער היימלאַנד" א נײַע קאָמפּאָזיציע „אין קאָסמאָס".

◆ דעם 4 מארט איז אָפּגעמערקט געוואָרן דער 50־יאָריקער יובילעי פון דעם דיכטער הענעך שוועדיק.



שוועדיקס ערשטע לידער זײַנען געווען געווידמעט ביראָבידזשאַן, וווּהין ער איז אריבערגעפאָרן פון זײַן געבורטשטאָט באָברויסק. אין 1934 איז אין מינסק דערשינען זײַן בוך לידער „סטארט", וואָס האָט אָנגעזאָגט דעם אָנקום פון א קרעפטיקן דיכטערישן טאלאנט.

באזונדערס ווארעם איז אופגענומען געוואָרן ה. שוועדיקס בוך „לידער" (1939). אין יוני 1941 האָט אין ווילניוס געדארפט ארויס זײַן זאמלונג „און ווידער לידער", נאָר אין דעם מילכאָמע־ווירבל איז דער מאנוסקריפּט פונעם בוך פארלוירן געגאנגען. דער דיכטער איז אוועק אפן פראָנט. דעם 11 אָקטיאבער 1942, א שווער־פארוווּנדעטער אין די שלאכטן בא סמאָלענסק, איז הענעך שוועדיק געשטאָרבן און געבראכט געוואָרן צו קווּרע אין דאָרף דוואָיעשניקי, סמאָלענסקער געגנט.

◆




**СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД (СОВЕТСКАЯ РОДИНА)**

**Двухмесячный литературно-художественный журнал**

**Орган Союза писателей СССР**

**(*на еврейском языке*)**

**Год издания четвертый**

**Издательство «Советский писатель»**

Главный редактор **А. Вергелис.**

Редколлегия: **И. Борухович, А. Гонтарь, М. Лев** (ответственный секретарь), **Нотэ Лурье, Б. Миллер, Г. Ошерович, И. Рабин, Р. Рубина, М. Тейф, И. Фаликман, С. Фрай.**

Адрес редакции журнала: Москва, Центр, ул. Кирова, 17.

Телефоны: главный редактор — Б 8-27-91; ответственный секретарь — К 4-46-69; отдел прозы — Б 3-96-07; отделы поэзии и критики — Б 8-49-42.

Художественный и технический редактор И. Шустер.

Корректор А. Стрельник.

Подписано к печати 18/IV 1964 г. Формат $70\times108^{1}/_{16}$. Печ. л. 10 (13.70). Бум. л. 5+2 вклейки. Уч.-изд. л. 16,21. Цена 50 коп. Зак. 3148.

Московская типография № 7 Главполиграфпрома Государственного комитета Совета Министров СССР по печати. Пер. Аксакова, 13.

Цена 50 коп.



# СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД

# СОВЕТСКАЯ РОДИНА

## № 3

1 9 6 4

**В НОМЕРЕ:**



70821